# גי דע מאָפּאַסאַנ'ס

## געזאַמעלטע ווערק

איבערזעצט פון

**לעאָן קאָברין.**

# VII.

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
175 איסט בראַדוויי, ניו יאָרק
1918

# אינהאַלטס-פערצייכניס:


| | צאָהל פון פּיידזשעס. |
| --- | --- |
| דער פעררעטהערישער שטאהל-קנעכט | 9 |
| די געפאנגענע | 18 |
| די לאַך | 11 |
| אויף דער אייזענבאהן | 10 |
| דער פּראָטעקטאָר | 8 |
| די אַלטע מויד | 13 |
| די האָאַר | 11 |
| די פערבלאָנדזשעטע | 10 |
| די פרוי און די געליעבטע | 11 |
| אַ משוגענער | 11 |
| שפּעטער | 10 |
| שרעק | 10 |
| אַ דועל | 10 |
| דער קריפּעל | 10 |
| עראינערונג | 10 |
| דעם פּארמערס ווייב | 12 |
| די אונבעקאַנטע | 10 |
| אין פריהלינג | 10 |
| דער שפּייכלער | 10 |
| איהר ווידוי | 6 |
| אויף דעם שפּאַציער גאַנג | 10 |
| איז דאָס משוגעת ? | 12 |
| אַ ליידענשאַפט | 15 |
| דער פאָטער מערדער | 10 |
| דאָס בלוטיגע נקמה | 10 |
| אַ האַנדעל | 9 |
| דער טייפעל | 10 |
| ראָזא | 9 |
| די מאַסקע פון ליעבע | 10 |
| אַן אמת'ע מעשה | 9 |
| אַ גוטער שידוך | 9 |

# דער פארדעטערישער שטאהל-קנעכט.





פרעכע גנבה איז בעגאַנגען געוואָרען אין דער הויפּט־שטאָדט, א גנבה וואָס האָט בעטראָפען א סך טויזענדער. מען האָט צוגע'גנב'עט ציערונג, א טהייערען זייגער בעזעצט מיט דימענטען, א קליינע ראַמקע פון א בילד בעזעצט מיט ברילּיאַנטען און א גאַנץ היבשע סומע מזומן געלד, אַלעס אין איינעם האָט בעטראָפען ארום א הונדערט און פופצעהן טויזענד פלאָרינס. דער באַנקיר אַליין איז אַוועק צום דירעקטאָר פון דער פּאָליציי אַנצוזאָגען וועגען דער רויבעריי, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער געבעטען, אַז די אונטערזוכונג זאָל געפיהרט ווערען ווי ווייט מעגליך שטיל און אין געהיים, ווייל ער האָט ניט קיין פערדאַכט אויף קיינעם און ער וויל ניט, אַז אונשולדיגע מענשען זאָלען בעשולדיגט ווערען.

— פריהער פאַר אַלעמען גיט מיר די נעמען פון די מענשען, וועלכע קומען געוועהנליך אריין אין אייער שלאָף־צימער — האָט געזאָגט דער פּאָליציי דירעקטאָר.

— קיינער קומט ניט אַהין אויסער מיין פרוי, מיינע קינדער און יאָזעף, מיין דיענער; א מאַן אין וועלכען איך בין זיכער פונקט אַזוי ווי אין זיך אַליין.

— דענקט איהר אַלזאָ, אַז עס איז אַבסאָלוט אונמעגליך, אַז ער זאָל האָבען בעגאַנגען די דאָזיגע רויבעריי?

— אונמעגליך — האָט געענטפערט דער באַנקיר.

— גוט, איצט זאָגט מיר, געדענקט איהר אפשר, אויב אין דעם טאָג, ווען איהר האָט זיך געכאַפּט, אַז אייך פעהלען די זאַכען, אָדער מיט א טאָג פריהער איז ניט אימעצער צופעליג געווען אין אייער שלאָף־צימער?

דער באַנקיר האָט אַ ווײַלע געטראַכט און דאַן האָט ער ניט גאַנץ זיכער געענטפערט:

— קײנער נישט, אַבסאָלוט קײנער נישט.

דער ערפאַהרענער בעאַמטער האָט בעמערקט דעם באַנקירס אונזיכערקײט, זײַן צומישטקײט. ער האָט איהם אָנגענומען פאַר אַ האַנד און אַרײַנקוקענדיג איהם גלײַך אין פּנים אַרײַן, האָט ער געזאָגט:

— איהר זײַט ניט גאַנץ אָפען מיט מיר; אימעצער איז געווען מיט אײַך און איהר ווילט עס בעהאַלטען פון מיר. איהר מוזט מיר אַלעס זאָגען.

— נײן, נײן; ווירקליך, קײנער איז דאָרט בײַ מיר ניט געוועזן.

— אויב אַזוי איז איצט דאַ בלויז אײן מענש, אויף וועמען עס קען פאַלען אַ חשד... און דאָס איז אײַער דיענער.

— איך שטעה גוט פאַר זײַן עהרליכקײט — האָט דער באַנקיר שנעל געענטפערט.

— איהר קענט האָבען אַ טעות און איך האַלט פאַר נויטיג דעם מאַן גלײַך אויסצופרעגען.

— דאַן וויל איך אײַך בעטען, איהר זאָלט עס טהאָן ווי ווײַט מעגליך העפליך, אַז עס זאָל איהם ניט בעלײדיגען.

— איהר קענט זיך שוין אויף מיר פערלאָזען.

אין אַ שטונדע אַרום איז דעם באַנקיר'ס דינער געווען אין אַ פּריוואַט צימער פון'ם פּאָליצײ דירעקטאָר. דער לעצטער האָט אַפּריהער גוט בעטראַכט דעם מאַן און איז געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז אַזאַ עהרליכער, גוטמוטיגער פּנים און אַזעלכע רוהיגע, אונבעוועגליכע אויגען קענען ניט געהערען צו אַ פאַרברעכער.

— ווײסט איהר צו וואָס איך האָב געשיקט נאָך אײַך?

— נײן.

— אַ גרויסע גנבה איז בעגאַנגען געוואָרען אין אײַער הערר'ס הויז — האָט דער פּאָליצײ דירעקטאָר ווײַטער גערעדט — די זאַכען זײַנען פאַרשוואונדען פון זײַן שלאָף־צימער. האָט איהר אַ פערדאַכט

אויף וועמען עס איז? ווער איז געווען אין צימער אין די לעצטע עטליכע טעג?

— קיינער ניט אויסער מיך און מיין הערר'ס פאמיליע.

— זעהט איהר דען ניט איין, מיין ליעבער פריינד, אז מיט די דאזיגע ווערטער אייערע ווארפט איהר אויף זיך אליין ארויף א פערדאכט?

— מיין הערר — האט דער דיענער אויסגערופען — איהר גלויבט דאך ניט, אז איך...

— איך טאר קיין זאך ניט גלויבען, מיין פליכט איז צו אונ־טערזוכען און נאכגעהן נאך די שפורען, וועלכע איך וועל געפינען — האט רוהיג געזאגט דער פאליציי שעף — אויב איהר זייט געווען דער איינציגער, וועלכער איז געווען אין'ם צימער אין פערלויף פון די לעצטע עטליכע טעג, דאן מוז איך אייך האלטען פעראנטווארטליך.

— מיין הערר קען מיך...

דער פאליציי שעף האט א דריק געטהאן מיט די אקסלען:

— אייער הערר האט גוט געזאגט פאר אייער עהרליכקייט, אבער דאס איז ניט גענוג פאר מיר. איהר זייט דער איינציגער מענש, אויף וועלכען עס קען פאלען דער פערדאכט און הגם עס טהוט מיר לייד, דאך מוז איך אייך ארעסטירען.

— אויב אזוי — האט דער מאן געזאגט נאך א וויילע טראכ־טען — וועל איך בעסער זאגען דעם אמת, ווייל מיין גוטער נאמען איז ביי מיר טהייערער ווי מיין שטעלע. אימעצער איז נעכטען געווען אין מיין הערר'ס צימער.

— און דער אימעצער איז געווען?...

— א דאמע!

— א בעקאנטע דאמע זיינע?

דער דיענער האט א ווײלע געשוויגען.

— עס מוז ארויס — האט ער צום סוף געזאגט — מיין הערר האט א געליעבטע... איהר פערשטעהט דאך... א בלאנדע וואונ־דער־שעהנע פרוי. ער האט אויסגעמעבלירט פאר איהר א הויז און

געהט צו איהר אהין, עס פארשטעהט זיך שטילערהייט, ווארום אז מיין מאדאם זאל זיך פון דעם דערוויסען, וואלט זיך געטהאן הימעל עפען זיך. אלזא, אט די דאזיגע דאמע איז נעכטען געוועזן ביי איהם.

— זיינען זיי געוועזן אליין?

— איך האב זי ארייננעפיהרט און זי איז געוועזן אין זיין שלאף־צימער מיט איהם; אבער אין א קורצער צייט האב איך איהם געמוזט ארויסרופען, ווייל זיין פערטרויטער קלערק האט איהם געוואלט עפעס זאגען און זי איז פארבליבען אליין ארום א פיערטעל שעה.

— ווי הייסט זי?

— צעציליא ק—, זי איז א אונגארישע. —

און דער דיענער האט איהם געגעבען דעם אדרעס.

דאן האט דער פאליציי שעף געשיקט נאך'ן באנקיר און איהם געשטעלט פנים לפנים מיט'ן דיענער.

ער איז געצוואונגען געוועזן צוצוגעבען; אז אלעס וואס דער דיענער האט געזאגט איז אמת. גלייך נאכדעם איז ארויסגעגעבען געווארען א באפעהל צו ארעסטירען צעציליא ק—.

אין ווייניגער ווי א האלבע שטונדע ארום איז דער פאליציי בעאמטער צוריק געקומען מ'ט אן ערקלעהרונג, אז זי האט פאר־לאזען איהר הויז און וואהרשיינליך אויך די שטאדט נעכטען ביי־נאכט. דער אונגליקליכער באנקיר איז געווארען פארצווייפעלט. ער איז ניט נור בערויבט געווארען אויף הונדערט און פופצעהן טויזענד פלארינס, נור ער האט נאך פערלארען זיין וואונדערשעהנע געליעבטע, וועמען ער האט געליעבט מיט דער גרעסטער ליידענ־שאפט אויף וועלכער ער איז פעהיג געוועזן. עס האט זיך איהם בשום אופן ניט געסטאלפעט אין מוח, אז א פרוי וועמען ער האט ארומגערינגעלט מיט א ווילדען לוקסוס, וועמעס משוגע'נסטע קאפ־ריזען ער האט נאכגעגעבען און וועמעס טיראניי ער האט אריבער־געטראגען אזוי געדולדיג, זאל איהם קענען אזוי שענדליך בעטריע־גען. און צו דעם אלעמען האט ער נאך געמוזט אויסשטעהן א סצענע פון זיין פרוי, און די רוה אין זיין היים איז אין גאנצען צושטערט געווארען.

די איינציגע זאך וואס די פאליציי האט געקענט טהאן, איז מאכען א געוואלד, א טומעל און זיך לאזען לויפען נאך דער פרוי, וועלכע האט זיך ארויסגעגעבען מיט׳ן קאפ דערמיט וואס זי איז אנטלאפען, אבער עס האט גארנישט געהאלפען. אומזיסט האט דער באנקיר, אין וועמענס הארצען די ליעבע איז פערוואנדעלט געווארען אין א געפיהל פון ראכע דורשט, זיך געבעטען ביים פאליציי שעף, ער זאל אנווענדען אלע מעגליכע מיטלען, אומזיסט האט ער גענומען אויף זיך אלע קאסטען, ווי גרויס זיי זאלען נים זיין, אבי צו געפינען די שולדיגע. ספעציעלע פאליציי בעאמטע זיינען ארויסגעשיקט געווארען איהר צו זוכען, זי צו פערפאלגען, אבער צעציליא ק — איז ווי אין וואסער אריין.

דריי יאהר זיינען אוועק, די אונאנגענעהמסטע געשיכטע איז שוין באלד פארגעסען געווארען. דער באנקיר האט זיך איבערגע־בעטען מים דער ווייב און... וואס איז איהם געווען א סך וויכ־טיגער... ער האט געפונען אן אנדער רייצענדע געליעבטע, און די פאליציי האט, ווי עס האט געשיינט, שוין אויך לאנג אויפגעגע־בען די זוכעניש פון דער שענער אונגארישער פרוי.

איצט מוזען מיר זיך אוועקלאזען קיין לאנדאן. א רייכע דאמע, וועלכע האט אנגעמאכט א גרויסען פוראר אין געזעלשאפט, און וועלכע האט געהאט א סך זיגען אי דורך איהר שענהייט אי דורך איהר פרייער האלטונג, האט זיך געגויטינט אין א שטאהל־קענכט. צווישען די פיעלע מענער, וועלכע זיינען געקומען בעטען די שטעלע, האט זיך געפונען א יונגער מאן, וועמעס שענער אויס־זעהן און גוטע מאנערען האבען געמאכט דעם איינדרוק פון א גע־בילדעטען מענשען. דאס איז געווען א רעקאמענדאציע אין די אויגען פון דער דאמעס קאמערמיידעל און זי האט איהם גלייך אריינגעפיהרט אין איהר בעל־הבית׳טעס בודואר. ווען ער איז אריין אהין, האט ער דערזעהן א שענע, היים־בלוטיגע פרוי פון א יאהר פינף און צוואנציג מיט גרויסע ליכטיגע אויגען און מים בלוי־שווארצע האאר וועלכע האבען געשיינט נאך מעהר צו ווארפען אין די אויגען איהר העלע געזיכטספארב, ליגענדיג אויף א זאפא.

זי האט בעטראכט דעם יונגען מאן, וועלכער האט איך געהאט גע־
דיכטע שווארצע האאר. ער האט ארונטערגעלאזען זיינע ברענענ־
דיגע שווארצע אויגען צו ד׳ערד אונטער איהר פארשענדען בליק.
עס איז קענטיג געווען, אז ער האט געמאכט אויף איהר א גוטען
איינדרוק מיט זיין שלאנקער, אטלעטישער פיגור. דאן האט זי
געפרעגט האלב פויל און האלב שטאלץ:

— ווי הייסט איהר?

— לאיאס מאריאססי.

— א אונגאר? — האט זי געפרעגט און עפעס מארנע אויף
איהם א קוק געטהאן.

— יא.

— ווי אזוי זייט איהר געקומען אהער?

איך בין איינער פון די פיעלע עמיגראנטען וועלכע האבען
פארשפיעלט זייער היימאט און זייער לעבען. איך, וועלכער שטאם
פון א גוטער פאמיליע און וועלכער איז געווען אן אפיציער, מוז
איצט ווערען א דיענער, און א דאנק נאט וואס איך האב געפונען
א מאדאם, וועלכע איז אין דער זעלבער צייט שעהן אי אן אריס־
טאקראטקע, אזוי ווי איהר זייט.

פריילען זאיע — דאס איז געווען דער שעהנער פרוים נאמען —
האט א שמייכעל געטהאן און אין דערזעלבער צייט געוויזען צוויי
רייהען צייהן ווי די פערל.

— איהר געפעלט מיר — האט זי געזאגט — און איך וועל
אייך אריינגעהמען אין מיין דיענסט, אויב איהר זייט צופריעדען
מיט מיינע קאנדיציאנען.

״א דאמעס קאפריז״ — האט געזאגט איהר קאמערמיידעל
צו זיך אליין, ווען זי האט בעמערקט מיט וואס פאר הייסע בליקען
פריילען זאיע קוקט אויף איהר נייעם דיענער — ״עס וועט שנעל
פאריבער״. אבער די ערפאהרענע מיידעל האט דאס מאל א טעות
געהאט.

זאיע איז געווען אויף אן אמת פערליעבט און דער רעספעקט
מיט וועלכען לאיאס האט זי בעהאנדעלט, האט זי ארויסגעבראכט

פון זיך. א געוויסען אבענד ווען זי האט געזאלט געהן צו דער איטאליענישער אפערא, האט זי אוועקגעשיקט איהר קארעטע, זיך ענטזאגט צוצונעהמען אן אריסטאקראטישען פארעהרער, וועלכער האט זיך געוואלט ווארפען צו איהרע פיס, און געהייסען מען זאל איהר שיקען דעם שטאהל־קנעכט צו איהר אין בודואר.

—לאיאס — האט זי אנגעהויבען — איך בין ניט צופריעדען מיט אייך.

פארוואס, מאדאם?

— איך וויל אייך מעהר ניט האבען ארום זיך; אט דא האט איהר אייער געהאלט פאר דריי מאנאטען. פערלאזט גלייך מיין הויז. — און זי האט אנגעהויבען אונגעדולדיג ארומצולויפען אי־בער'ן צימער הין און צוריק.

— איך וועל פאלגען אייער באפעהל, מאדאם — האט געענט־פערט דער שטאהל־קנעכט — אבער איך וועל ניט נעהמען מיין געהאלט.

— פארוואס ניט? — האט זי האסטיג געפרעגט.

— ווייל דאן וועל איך זיין פערבונדען צו אייך אלס א דינער אויף דריי מאנאטען — האט געענטפערט לאיאס — און איך וויל זיין פריי גלייך, אויף דער מינוט, אום איך זאל אימשטאנד זיין, אייך צו זאגען אז איך בין אריינגעטראטען אין אייער דיענסט ניט צוליעב דאס געלד, נור ווייל איך ליעב און פארעהר אייך אלס א שענע פרוי.

— איהר ליעבט מיך! — האט זאיע אויסגערופען — ווארום האט איהר עס מיר פריהער ניט געזאגט? איך האב אייך געוואלט פערשיקען פון זיך, ווייל איך ליעב אייך און איך האב ניט געדענקט, אז איהר ליעבט מיך אויך. אבער איך וועל זיך אברעכענען מיט אייך דערפאר, וואס איהר האט מיר אזוי לאנג געלאזט שמאכטען. קניעט גלייך צו מיינע פיס.

דער שטאהל־קנעכט האט געקניעט פאר דער שענער פרוי, וועמעס פייכטע ליפען האבען אין דעם זעלבען מאמענט זיינע געזוכט.

פון דאן אן איז לאיאס געווארען איהר פאווארים, איהר פארגעצווינגענער געליעבטער: עס פארשטעהט זיך, אז זי האט איהם ניט ערלויבט צו זיין איפערזיכטיג, ווייל א יונגער לארד איז נאך אלץ געווען איהר אפיציעלער געליעבטער און האט געהאט דאס פערגעניגען צו בעצאהלען אלע איהרע קאסטען. אויסער דעם האט זי געהאט ארום זיך א גאנצע ארמיי פון זאגענאנטע, "גוטע פריינד", וועלכע האבען געהאט דאס גליק צו קריעגען פון איהר ווען ניט ווען א שמייכעל און מאנכעס מאל עטוואס מעהר. פארוואס זי האט זיי ערלויבט איהר צו שענקען יעלטענע בלומען אדער בריליאנטען.

וואס אינטימער זאיע איז געווארען מיט לאיאס'ען, אלץ אונבעקוועמער האט זי זיך געפיהלט, ווען ער האט געקוקט אויף איהר, ווי ער האט עס אפט געטהאן, מיט ניט בעהאלטענער פעראכטונג. זי איז געווען אין גאנצען אונטער זיין איינפלוס און האט פאר איהם מורא געהאט. און איין טאג, ווען ער האט זיך געשפיעלט מיט איהרע דונקעלע לאקען, האט ער געזאגט לאכענדיג:

— מען זאגט, אז קאנטראסטען ציהען צו איינעם צום צווייטען. און דאך זייט איהר פונקט אזוי דונקעל ווי איך.

זי האט א שמייכעל געטהאן און ארונטערגעריסען פון איהר קאפ די שווארצע לאקען. און גלייך איז א רייצענדע העל־בלאנדע פרוי געזעסען נעבען לאיאס'ן, וועלכער האט אויף איהר געקוקט אויפמערקזאם אבער אהן שום פערוואונדערונג.

ארום האלבער נאכט האט ער פארלאזען זיין געליעבטע, אום, ווי ער האט געזאגט, א קוק צו טהאן אויף די פערד, און זי האט אנגעטהאן זעהר א שענע נאכטקלייד און האט זיך געלייגט אין בעט. זי איז געבליעבען ליגען וואכעדיג א גאנצע שטונדע און געווארט אויף איהר געליעבטען, דערנאך איז זי איינגעשלאפען. אבער אין צוויי שטונדען ארום איז זי פלוצים אויפגעוועקט געווארען פון איהר שלאף און ווען זי האט געעפענט די אויגען, האט זי דערזעהן א פאליציי אינספעקטאר און צוויי פאליציסטען שטעהענדיג נעבען איהר גרויסארטיגער בעט.

— ווערמען דארפט איהר? — האט זי א געשריי געטהאן.

— צעציליא ק—.

—איך בין פריילען זאיע.

— אָה, איך קען אייך — האט דער אינספעקטאר געזאגט מיט א שמייכעל — זייט אזוי גוט און נעהמט ארונטער די שווארצע לאָקען, וועט איהר גלייך ווערען צעציליא ק—. איך ארעסטיר אייך אין נאמען פון געזעץ.

— גאָט אין הימעל! — האט זי געשטאמעלט — לאיאס האט מיך פערראטען.

— איהר האט א טעות, מאדאם — האט געענטפערט דער אינספעקטאר — ער האט בלויז געטהאן זיין פליכט.

— זיין פליכט? לאיאס... מיין געליעבטער?

— ניין, לאיאס דער דעטעקטיוו.

צעציליא האט זיך א הויב געטהאן פון בעט און דעם נעקסטען מאמענט איז זי געפאלען צו ד'רערד א גע'חלש'טע.



# די געפאַנגענע.



יין לויט האָט זיך ניט געהערט אין וואַלד, אויסער דעם לייכטען גערויש פון׳ם שנעע, וועלכער איז שטיל אויף די בוימער געפאַלען. ער איז געפאַלען פון מיטאָג אָן אַ לייכטער, אַ פיינער. ער האָט בעפודערט די צווייגען און אויסגעשפּרעהט איבער די פאַרוועלקטע גרינס אויף ד׳ערד אַ לייכטען זילבערנעם דאַך, באַדעקט אַלע וועגען מיט אַ געוואַלדיג גרויסען, ווייכען, ווייסען קאָווער, אַזוי דאָס עס איז נאָך שטילער געוואָרען אין דעם דאָזיגען ים פון בוימער.

פאַר דעם וואַלדהיטער׳ס הויז איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי מיט בלויזע אָרעמס, און האָט מיט אַ האַק געהאַקט האָלץ אויף קליינע שטיקלאַך. זי איז געוועזען הויך, שלאַנק, קרעפטיג, אַ וואַלד־קינד, די טאָכטער און די פרוי פון וואַלדהיטער.

אַ שטימע האָט זיך דערהערט פון אינעווייניג פון הויז:

— מיר זיינען היינט אַבענד אַליין, בערטאַ׳לע. דו מוזט אַריינגעהן אין הויז, עס ווערט נאַכט. עס קענען נאָך אָנקומען די פּרייסען אָדער אַ וואָלף.

זי האָט געענטפערט און מיט אַ פּאָאַר שטאַרקע קלעפּ צוהאַקט אַ לעצטע שטיק האָלץ; דערביי האָט זיך יעדעס מאָל, וואָס זי האָט אויפגעהויבען דעם אָרעם, איהר ברוסט שטאַרק בעוועגט:

— איך בין פאַרטיג, מוטער. איך קום שוין, אָט שוין. האָב ניט מורא, עס איז נאָך גאַנץ ליכטיג.

דאַן האָט זי צולייגט דאָס האָלץ ביים קאַמין און איז דערנאָך נאָך אַמאָל אַרוים די לאָדען פאַרמאַכען, געוואַלדיגע דעמבענע לאָ־דען און ווען זי איז צוריק אין הויז אַריין, האָט זי פאַררוקט די טיר מיט שווערע ריגעל.

איהר מוטער איז געזעסען ביים פייער. זי איז געווען אַן אַלטע צוקאַרטשעטע פרוי, וועמען דער עלטער האָט געמאכט זיך פאַר אַלעם צו שרעקען. זי האָט געזאָגט:

— עס געפעלט מיר ניט, וואָס דער פאָטער געהט אוועק. צוויי פרויען אַליין אין הויז.

די יונגע האָט געענטפערט:

— זיי רוהיג, מאַמא, אַ וואָלף דער'הרג'ע איך גלייך אויף טויט און אַ פריים פונקט אַזוי גוט.

און זי האָט געוואָרפען אַ בליק אויף אַ גרויסען רעוואָלווער, וועלכער איז געהאנגען אויף דער וואַנד.

איהר מאַן איז אין אָנהויב פון דער מלחמה אוועק אין קריעג און דיביידע פרויען זיינען געבליעבען מיט דעם פאָטער, דעם אַלטען וואַלדהיטער ניקאָלאַי פישאָן מיט דעם צונעמעניש, די סטאָל־צען. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט פאַרלאָזען זיין הייזעל און זיך בעזעצען אין שטאָדט.

די נעכסטע שטאָדט רעטהעל, אַן אַמאָליגע פעסטונג, איז געלעגען אויף אַ פעלז. די דאָרטיגע איינוואָהנער זיינען געווען זעהר פאַטריאָטיש און זיי האָבען זיך פעסט ענטשלאָסען ניט אריינצו־לאָזען דעם שונא. זיי האָבען פאַרשפּאַרט די טויערען און טריי די טראַדיציאָנען פון זייער בעריהמטע שטאָדט האָבען זיי רוהיג גע־וואַרט אויף אַ בעלאַגערונג. שוין צוויי מאָל אונטער הענריך דעם פיערטען און לודוויג דעם פיערצעהנטען האָבען זיך די בירגער פון רעטהעל אויסגעצייכענט מיט זייער העלדישער פערטהיידיגונג פון דער שטאָדט. און היינטיגס מאָל זיינען זיי געווען ענטשלאָסען צו האַנדלען פונקט אַזוי ווי די בירגער פון אַמאָל און מעג מען זיי אפילו פאַרברענען צוזאַמען מיט זייערע הייזער.

זיי האָבען אַלזאָ געקויפט קאַנאָנען און געוועהר, איינגע־שאַפט מיליטער, געבילדעט קאָמפּאַניעס און באַטאַליאָנען און האָבען זיך יעדען טאָג געאיבט און געמושטירט.

אַלע, יער, קצבים, קאַנדיטאָרען, נאָטאַריאוס'ן, סטאָליאַרעס.

בובבינדער, אפילו אפטהעקערס האבען זיך רענעלמעסיג נעמושט־רירט אונטער דעם בעפעהל פון הערר לאוויז, אז אמאליגען דראגו־נער אונטער־אפיציער, וועלכער איז איצט געווען א סוחר, ווייל ער האט געהייראט מיט דער יורש'טע פון דער פירמע מ. ראוואנדאן.

ער האט אנגענומען דעם טיטול פון קאמענדאנט. און אזוי ווי די גאנצע יוגענד איז געווען אויף דעם שלאכטפעלד, האט ער צוזאמענגענומען אלעם וואס איז נאך איבערגעבליעבען צום ווידער־שטאנד. די דיקע מענער זיינען געלאפען מיט שנעלע טריט איבער דער שטאדט, כדי צו פערליערען פעטס און צו קענען אטהעמען בעסער: די שוואכערע ווידער האבען געטראגען שווערע משאות אהער און אהין, אום זייערע מוסקעלען צו ענטוויקלען.

מען האט נור געווארט אויף די פרייסען. אבער די פרייסען זיינען ניט געקומען. און דאך זיינען זיי געווען ניט ווייט, ווייל שוין צוויי מאל זיינען פאטרולען דורכגעגאנגען דורך'ן וואלד, ביז צו דער הויז פון'ם וואלדהיטער ניקאלאי.

דער אלטער וואלדוועכטער, וועלכער איז נאך אימער געלאפען, ווי א שרעטער, האט וועגען דעם געמעלדעט אין שטאדט. די קא־נאנען זיינען גלייך אנגעשטעלט געווארען, אבער דער שונא האט זיך ניט געצייגט.

דעם אלטען'ס הויז האט געדיענט אלס אבגערוקטער פאסטען אין די וועלדער פון אוועלין און דער וועכטער איז צוויי מאל אין וואך געגאנגען אין שטאדט נאך פראוויזיאן און די בירגער פון דער פעסטונג א בעריכט אבצוגעבען.

* * *

גראדע אין יענעם טאג איז ער אוועק, אום צו מעלדען, אז אן אבטהיילונג פון דייטשע אינפאנטעריע האט מיט צוויי טעג צוריק ארום צוויי אזייגער נאכמיטאג זיך נעבען איהם אבגעשטעלט און איז אבער גלייך צוריק אוועק. דער אונטער־אפיציער וועלכער האט קאמאנדעוועט מיט דער אבטהיילונג האט גערעדט פראנצויזיש.

ווען דער אלטער איז זיך אזוי געגאנגען זיין וועג, האט ער מיט זיך גענומען זיינע צוויי הינט, גרויסע און שטארקע מיט

שארפע צייהן, ווי לייבען. זיי האָבען איהם געזאָלט בעגלייטען צו־ליעב די וועלף, וועלכע האָבען די לעצטע צייט גענומען ווערען בייז און צווישעט. ער האָט איבערגעלאָזען ביידע פרויען אליין אין הויז און זיי אָנגעזאָגט, אז ווי נור עס וועט ווערען נאכט זאָלען זיי זיך פארבאריקאדירען אין הויז.

די יונגע האָט פאר קיין זאך ניט מורא געהאט, אָבער די אלטע האָט געציטערט פאר איהר אייגענעם שאָטען און זי האָט אלץ גע'טענה'ט:

— דאָס וועט זיך ניט גוט ענדיגען! דאָס וועט זיך ניט גוט ענדיגען!

אין יענעם אבענד האָט זי זיך געשראָקען נאָך מעהר ווי אלע מאָל.

— ווייסטו ווען דער פאָטער וועט קומען אהיים? — האָט זי געפרעגט.

— פאר עלף געוויס ניט. ווען ער געהט צום מאיאר, קומט ער אימער שפּעט אהיים.

און זי האָט ארויפגעשטעלט דעם טאָפּ אויף'ן פייער, כדי צו קאָכען זופּ. זי האָט איהם גערוקט אהין און אהער. אָבער פּלוצים האָט זי זיך אָבגעשטעלט, איז געבליעבען שטעהן שטיל און זיך צוגעהערט צו אַן אונבעשטימטען גערויש, וואָס זי האָט דערהערט דורך דעם קוימען פון קאמין.

זי האָט געפּליסטערט:

— אימעצער געהט ארום אין וואלד. דאָס זיינען מינדעסטענס זיעבען אָדער אכט מענשען.

די מוטער איז געוואָרען צושראָקען, האָט אָבגעשטעלט איהר שפּינראָד און געמורמעלט:

— אך, מיין גאָט, און דער פאָטער איז נישטאָ!

זי האָט נאָך ניט צייט געהאט אויסצורעדען דעם לעצטען וואָרט, ווי מען האָט גענומען אזוי שטארק קלאפּען אין טיר, אז זי האָט זיך גענומען טרייסלען. אזוי ווי די פרויען האָבען ניט גע־ענטפערט, האָט א שטארקע האלז שטימע א געשריי געטהאָן:

— געעפענט זאָל ווערען!

דאַן נאָך אַ קורצען שווייגען, האָט די שטימע ווידער אַמאָל אויסגערופען:

— געעפענט זאָל ווערען, אָדער איך צוברעך די טיר!

דאָ האָט בערטאַ'לע אריינגעלעגט דעם גרויסען רעוואָלווער אין קעשענע פון איהר קליידעל, האָט צוגעלעגט אַן אויער צו דער טיר און געפרעגט:

— ווער איז דאָרט?

די שטימע האָט געענטפערט:

— מיר זיינען דאָ אַנומעלט פארבייגעגאַנגען.

די יונגע פרוי האָט ווידער געפרעגט:

— וואָס ווילט איהר?

— איך מיט מיינע לייט האָבען זיך פארבלאָנדזשעט אין וואלד זינט היינט אין דער פריה. עפענט אויף, אָדער איך ברעך אויף די טיר!

די וואלדוועכטערין האָט זיך ניט געקענט העלפען. זי האָט שנעל ארויסגעצויגען דעם שווערען, גראָבען ריעגעל, געעפענט די טיר, און אין דעם מאָמענט שיין פון דער ליכט האָט זי דערזעהן פאר זיך זעקס מענער, פרייסישע סאָלדאטען, דיעזעלבע וואָס זיינען מיט אַ טאָג צוריק פארבייגעגאַנגען. זי האָט געפרעגט ענטשלאָסען:

— וואָס ווילט איהר איצט דאָ?

דער אונטער־אָפיציער האָט געענטפערט:

— איך האָב פערבלאָנדזשעט, אָבער אַזוי פערבלאָנדזשעט אַז איך ווייס ניט ווי ארויסצוקריעכען. אָט דאָס הייזעל דאָ האָב איך דערקענט. איך האָב זינט היינט אין דער פריה גאָרנישט געגעסען און מיינע לייטע אויך נישט.

בערטהאַ האָט ערקלעהרט:

— איך בין אָבער מיט דער מוטער גאַנץ אַליין היינט ביי־נאַכט.

דער סאָלדאַט, וועלכער האָט געשיינט צו זיין אַ בראַווער יונג, האָט געענטפערט:

— דאס מאכט ניט אויס, מיר וועלען אייך קיין בייז ניט טהאן. אבער איהר מוזט אונז געבען עפעס עסען, מיר פאלען פשוט צו ד'רערד פאר הונגער און מיעדקייט.

די וואלדוועכטערין האט אבגעטראטען צוריק.

— קומט אריין! — האט זי געזאגט.

זיי זיינען אריין אין גאנצען פערשאטען מיט שנעע. זייערע זאכען זיינען געווען בעדעקט ווי מיט ווייסע פוכעלאך, און די לייטע האבען געשיינט צו זיין טויט מיעד.

די יונגע פרוי האט אנגעוויזען אויף די צוויי הילצערנע בענק ביים טיש:

— זעצט זיך. איך וועל מאכען פאר אייך זופ. עס איז אמת, איהר זעהט אויס מיעד.

דאן האט זי ווידער פערשפארט די טיר מיט'ן ריעגעל.

זי האט ווידער אריינגעגאסען וואסער אין טאפ, אריינגעלעגט נאך א שטיק פוטער, קארטאפעל, גענומען פון קאמין א קעפעל קרויט, אבגעשניטען א העלפט דערפון און עס אריינגעטהאן אין טאפ.

די זעקס מענער האבען נאכגעפאלגט איהר יעדע בעוועגונג מיט הונגעריגע בליקען. זיי האבען זייער געוועהר אוועקגעשטעלט אין א ווינקעל, זייערע היטלאך פון אויבען ארויפגעשטעלט און איצט זיינען זיי געזעסען ארטיג ווי שול־קינדער אויף דער באנק און געווארט.

די אלטע האט ווידער גענומען שפינען און נאכאנאנד גע־ווארפען פארצווייפעלטע בליקען אויף די ניט־געבעטענע געסט. עס האט זיך נור געהערט א לייכטער גערויש פון'ם שפינראד, דאס קראכען פון די שייטלאך האלץ און דאס זידען פון די וואסער אויפ'ן אויווען.

אבער פלוצים זיינען זיי אלע אויפגעשפרונגען פון עפעס א מאדנעם גערויש; עפעס ווי א קאלטער ווינד וואלט אין טיר א בלאז געטהאן, אדער ווי דער אטהעם פון א שטארקער, מעכטיגער חיה.

דער דייטשער אונטער־אָפיציער איז צוגעשפרונגען צו די געוועהר. אָבער די וואַלדוועכטערין האָט איהם אָבגעהאַלטען מיט אַ בעוועגונג און געזאָגט שמייכלענדיג:

— דאָס זיינען וועלף. זיי געהט עס פונקט אַזוי ווי אייך, זיי בלאָנדזשען ארום זוכען מיט וואָס זייער הונגער צו שטילען.

דער מאַן האָט איהר ניט געוואָלט גלויבען און איז אַליין גע־גאַנגען נאָכזעהן. אַזוי שנעל ווי די טיר האָט זיך געעפענט, האָט ער דערזעהן צוויי גרויסע גרויע חיות, וועלכע האָבען זיך געלאָזט לויפען מיט לאַנגע איילינגע טריט.

ער האָט זיך צוריק געזעצט אויף דער באַנק און געברומט:

— אַזוינס וואָלט איך מיר גאַרנישט געקענט פאָרשטעלען.

און ער האָט געוואַרט, אַז דאָס עסען זאָל פערטיג ווערען.

זיי האָבען געגעסען שנעל און האָבען אויפגעריסען די מיילער ביז צו די אויערען, אום וואָס מעהר אין זיך אריינצושטאָפּען.

ביידע פרויען האָבען זיך שטום צוגעקוקט צו די איילינגע בעוועגונגען פון די סאָלדאַטען מיט די גרויסע בלאָנדע בערד.

אָבער אַזוי ווי די פרייסען זיינען געוועזען דורשטיג, איז די וואַלדוועכטערין אַרונטער אין קעלער, אום אָנצוצאַפּען עפּלוויין.

זי איז לאַנג געבליעבען אונטען. עס איז געוועזען אַ קליינער געמויערטער קעלער, וועלכער ווי מען האָט געזאָגט, איז אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן בענוצט געוואָרען אַלס אַ געפענגעניס. און אַלס אַ פּלאַץ, וואו זיך צו בעהאַלטען. דורך שמאָלע, געדרעהטע טרעפּ איז מען צוגעקומען אַהין.

ווען בערטהאַ׳לע איז ארויסגעקומען צוריק, האָט זי געלאַכט, געלאַכט שטיל, אין זיך, כיטרע און דערלאַנגט די פרייסען אַ קרוג וויין צו טרינקען.

דאַן האָט זי אויך געגעסען מיט איהר מוטער אין דעם אנדערען עק פון קיך.

די סאָלדאַטען זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן עסען און איצט זיינען זיי אַלע געשלאָפען ארום טיש. פון צייט צו צייט האָט זיך איינער פון זיי אָנגעקלאַפּט מיט דעם שטערן אָן טיש, עס האָט אַ דומפּפען קלאַפּ געטהאָן און דאַן האָט זיך יענער אַ כאַפּ געטהאָן

א צושראָקענער, זיך גלייך אויפגעכאַפּט און אויפגעהויבען אויף די פיס.

בערטהאַ האָט געזאָגט צום אונטער־אָפיציער:

— איהר קענט זיך לייגען ארום פייער, דאָ איז פאראן פלאַץ פאר זעקס. איך געה מיט יער מוטער אין אונזער צימער.

און ביידע פרויען זיינען ארויף אויף'ן ערשטען שטאָק. מען האָט געהערט, ווי זיי האָבען דעם צימער צוגעשלאָסען און ווי זיי זיינען נאָך א ווײלע ארומגעגאנגען אהין און צוריק. דאן איז אלעס שטיל געוואָרען.

די פרייסען האָבען זיך אויסגעצויגען אויף דר'ערד, מיט די פיס צום פייער, די צונויפגעוויקעלטע מאַנטלען אונטער די קעפּ און באלד האָבען אלע זעקס געכראָפּעט אויף זעקס פערשיעדענע אופנים, הויך אדער טיעף אבער נאכאנאנד און שטארק און הויך אויף'ן קול.

* * *

זיי האָבען שוין לאַנג געהאַט געשלאָפען, ווען עס האָט זיך פּלוצים דערהערט א שאָס, אבער אזוי הויך, אז מען האָט געקענט מיינען, אז ער איז געציעלט געוואָרען גלייך אויף דאס הויז ארויף. די סאָלדאַטען זיינען גלייך אויפגעשפרונגען, אבער אין דעם זעלבען מאָמענט האָבען געקראַכט צוויי נייע שאָסען, און באלד נאָכדעם האָבען געפּאָלגט נאָך דריי.

אויבען איז די טיר אויפגעריסען געוואָרען און די וואלדוועכ־טערין האָט זיך בעוויזען מיט באָרוועסע פיס, אין איין העמד מיט אן אונטערקלייד פון אויבען, א ליכט אין האַנד און א צושראָקענע א צוטומעלטע האָט זי אויסגערופען:

— מיין גאָט, די פראַנצויזען זיינען דאָ! אַם ווייניגסטענס צוויי הונדערט. ווען זיי געפינען אייך דאָ, צינדען זיי אונטער דאָס הויז. געהט שנעל אין קעלער ארונטער. אבער שטיל, מאַכט ניט קיין גערויש. ווען איהר מאַכט א גערויש, זיינען מיר פארלאָרען.

דער אונטער־אָפיציער איז געוואָרען דערשראָקען און האָט געפּליסטערט:

— פון מיינטוועגן, גוט. ווי אזוי געהט מען ארונטער?
די פרוי האט פארזיכטיג געעפענט א קליינעם, פיערקאנטי־גען צודעק, און די זעקס ליטע זיינען פארשוואונדען אויף די קליינע געדרעהטע טרעפ איינער נאך דעם אנדערען. זיי זיינען ארונטער הינטערוויילעכץ, כדי צו קענען אנטאפען די טרעפ מיט די פיס. אבער ווען דער שפיץ פון דער לעצטער היטעל איז פארשוואונדען, האט בערטהא א שליידער געטהאן די שווערע דעמבענע טיר, דיק ווי א וואנד און שטארק ווי אייזען, האט ארויפגעטהאן א ריעגעל און א שלאס, פארשלאסען צוויי מאל און זיך דאן צולאכט, שטום און גליקליך. עס איז אויף איהר אנגעפאלען א משוגע'נער פערלאנג די געפאנגענע אויף די קעפ צו טאנצען.
זיי האבען קיין פיפס ניט געטהאן, איינגעשלאסען דארט אונטען ווי אין א פעסטען קאסטען, אין וועלכען עס איז אריינגע־קומען לופט דורך א קליין, שמאל פענסטער'ל מיט גראטעס.
בערטהא'לע האט גלייך ווידער געמאכט פייער, צוגעשטעלט א נייעם קעסעל מיט זופ און געזאגט פאר זיך:
— דער פאטער וועט זיין מיעד היינט ביינאכט.
דאן האט זי זיך געזעצט און גענומען ווארטען. עס האט זיך נור געהערט דער דומפפער, מאנאטאנער קלאפען פון זייגער.
פון צייט צו צייט האט די פרוי געווארפען אן אונגעדולדיגען בליק אויף דעם ציפערבלאט, וועלכער האט געשיינט צו זאגען:
— ווי לאנג עס געדויערט.
אבער באלד האט זיך איהר געדאכט, אז עפעס אימעצער ברומט אונטער איהרע פיס. דומפפע אונבעשטימטע רייד האבען זיך דערהערט דורך די געמויערטע ווענט פון קעלער. די פרייסען האבען זיך גענומען אנשטויסען, אז זי האט זיי אריינגענארט אין זאק. באלד איז דער אונטער־אפיציער ארויף אויף די קליינע, שמאלע טרעפלאך, גענומען דונערען מיט דעם פויסט אן טיר און א געשריי געטהאן:
— געעפענט זאל ווערען!
זי איז אויפגעשטאנען, צוגעקומען נעהנטער און נאכגעקרימט זיין דייטשען אקצענט:

— וואס וואָלען זי?
— געעפענט זאָל ווערען!
— איך עפען ניט!
דער מאַן איז געוואָרען צוקאַכט.
— עס זאָל גלייך געעפענט ווערען אָדער איך צושמעטער די טיר.
זי האָט זיך צולאַכט:
— נו, נו, בעווייזט טאַקע אַזאַ קונץ. איך וויל אויך זעהן, ווי איהר צושמעטערט די טיר, מיין אינגעל.
און מיט דער הענטעל פון זיין געוועהר האָט ער גענומען קלאַפּען אין דער דעמבענער טיר, וועלכע איז געווען פארשלאָסען איבער זיין קאָפּ. אָבער די טיר איז געווען שטארק און האָט געקענט ווידערשטעהן אפילו אַ שטאַרקערע אטאַקע.
בערטהא האָט געהערט, ווי ער איז צוריק ארונטערגעגאַנגען. דאַן זיינען ארויף די סאָלדאַטען איינער נאָך'ן צווייטען און יעדער בעזונדער האָט פּרובירט זיין קראפט, טאָמער וועט ער קענען די טיר אויפברעכען. אָבער אַזוי ווי זיי האָבען וואהרשיינליך איינגע־זעהן, אַז זייער מיה איז אומזיסט, זיינען זיי צוריק אין קעלער ארונטער און גענומען ריידען צווישען זיך. די פרוי האָט זיך צו־געהערט. דאַן האָט זי געעפענט די הויז־טיר און ארויסגעקוקט אין דער נאַכט ארויס. פון ווייטען האָט זיך דערטראָגען אַ בילען. זי האָט אַ פייף געטהאָן ווי אַ יעגער און כמעט אין זעלבען מאָמענט האָבען פון דער טונקעלהייט אויפגעטויכט צוויי גרויסע הינט און גענומען שפּרינגען ארום איהר. זי האָט זיי אָנגענומען פאַר'ן האַלז און זיי געהאַלטען פעסט, אום זיי זאָלען ניט צוריק אנטלוי־פען, דאַן האָט זי מיט איהר גאַנצער קראפט אַ רוף געטהאָן:
— פאָטער!
אַ קול האָט געענטפערט נאָך פון ווייטען.
— בערטהא'לע! בערטהא'לע!
זי האָט געוואַרט אַ פּאָאר מאָמענטען, דאַן האָט זי נאָך אַמאָל גערופען:

— פאטער!

שוין געהנטער האט די שטימע געענטפערט:

— בערטהא'לע!

דאן האט די פרוי זיך צו איהם אבגערופען:

— געה ניט פערביי דעם פענסטער פון קעלער. דארט זיינען פאראן פרייסען.

אין דעם זעלבען ···ענבליק האט זיך בעוויזען א הויכע גע־שטאלט פון א מאן, וועלכער איז געבליעבען שטעהן צווישען צוויי בוימער. ער האט געפרעגט מיט אנגסט:

— פרייסען אין קעלער? וואס טהוען זיי דארט?

די פרוי האט גענומען לאכען:

— דאס זיינען דיזעלבע, וואס זיינען דא נעכטען געוועז. זיי האבען זיך פערבלאנדזשעט אין וואלד. איך האב זיי ארונטערגע־לאזען אין קעלער, זיי זאלען זיך דארט אבקיהלען.

און זי האט דער···לט די גאנצע געשיכטע, ווי זי האט זיי אנגעשראקען מיט דעם שיסען פון א רעוואלווער און זיי דאן אין קעלער פארשפארט.

דער אלטער האט געפרעגט נאך אלץ ערנסט:

— אבער וואס וועלען מיר מיט זיי טהאן?

זי האט געענטפערט:

— דו מוזט רופען יערר לאווין מיט זיינע סאלדאטען און ער מוז זיי נעהמען אין געפאנגענשאפט. אך, וועט ער זיך פרייהען!

דער אלטער פישאן האט א שמייכעל געטהאן:

— דאס איז אמת, ער וועט זיך טאקע פרייהען.

זיין טאכטער האט בעמערקט:

— דא האסטו זופ, עס זיך אן און דאן געה גלייך צוריק.

דער אלטער וואלדוועכטער האט זיך געזעצט און גענומען עסען זיין זופ ערשט נאכדעם, ווי ער האט צוויי פולע טעלער אוועקגע־שטעלט אויף ד'ערד פאר די הינט.

ווען די פרייסען האבען דערהערט שטימען אין צימער, זיינען זיי אנשוויגען געווארען.

אין א פיערטעל שעה ארום איז דער וואלדוועכטער ווידער אוועק, און בערטהא האט אנגעשפארט דעם קאפ אויף די הענד און געווארט.

* * *

די געפאנגענע האבען גענומען ווערען אונרוהיג. זיי האבען געשריען און נאכאנאנד געקלאפט מיט זייערע געווערען אין דער אונבעוועגליכער טיר פון קעלער.

דאן האבען זיי גענומען שיסען דורך דעם פענסטער'ל פון קעלער, האפענדיג וואהרשיינליך געהערט צו ווערען פון א דייטשער אבטהיילונג, אויב אזעלכע זאל זיך געפינען ניט ווייט פון דאנען.

די פרוי האט זיך מעהר ניט בעוועגט. אבער דער טומעל און די שיסעריי האט זי געמאכט נערוועז און אויפגערעגט. א בייזער כעס האט זיך אין איהר ערוועקט. זי האט געפיהלט, ווי זיי אלע דארט אונטען צו דער'הרג'ענען, אבי זיי זאלען זיין שטיל.

דאן איז איהר אונגעדולד געווארען אזוי גרויס, אז זי האט ניט געקענט אראבנעהמען איהרע אויגען פון'ם זייגער און האט אלץ געצעהלט די מינוטען.

דער פאטער איז שוין געווען אוועק זייט אנדערהאלבען שעה. איצט מוז ער שוין זיין אין שטאדט. עס האט זיך איהר געדאכט, אז זי זעהט איהם פאר די אויגען, ווי ער זאגט אן הערר לאווין'ען וועגען דער גרויסער געשעהענים. דער מאיאר ווערט בלייך פון גרויס אויפרעגונג, קלינגט אן דער דיענסטמיידעל, זי זאל איהם דערלאנגען זיין יוניפארם און זיין געוועהר. עס האט זיך איהר זאגאר אויסגעוויזען, אז זי הערט דעם פייקלער לויפענדיג איבער די גאסען מיט זיין פויק און פויקענדיג טרעוואגע. צומישטע פנים'ער ווייזען זיך אין די פענסטער; די בירגער־מיליץ לויפען ארויס פון די הייזער האלב אנגעטהאן, זיך פארשפיליענדיג אין גאנג, און לאזען זיך לויפען צום הויז פון'ם מאיאר.

דאן לאזט זיך די קליינע ארמעע מיט דעם וואלדוועכטער אן דער שפיצע אוועק אין דער נאכט אריין, אין טיעפען שנעע צום וואלד צו.

זי האט געקוקט אויף'ן זייגער. אין א שעה ארום דארפען זיי זיין דא.

איצט האט זי זיך ניט געקענט געפינען קיין פלאץ פאר נער־ווענער אונגעדולד. די מינוטען האבען זיך געצויגען מורא'דיג לאנג. צום סוף האט זיך דער ווייזער אוועקגעשטעלט אויף דער שטונדע, אין וועלכער זי האט געדענקט, אז זיי דארפען קומען.

זי האט ווידער געעפענט די טיר אום צו הארכען, אויב זיי געהען שוין. און זי האט דערזעהן א שאטען, וועלכער האט זיך פארזיכטיג צוגערוקט. זי האט זיך דערשראקען און ארויסגעלאזט א געשריי. דאס איז געווען איהר פאטער.

ער האט געזאגט:

— מען האט מיר געשיקט פאראויס, אום צו זעהן, אויב עס איז נישטא עטוואס נייעס.

— ניין, גארנישט.

דאן האט ער גענומען פייפען הויך און שארף אין דער נאכט אריין. דאן האט עפעס א דונקעלער געגענשטאנד זיך גענומען בע־וועגען צווישען די בוימער: דער אוואנגארד בעשטעהענדיג פון צעהן מאן. דער װאלדוועכטער האט צו זיי אלץ גע'טענה'ט:

— געהט ניט פארביי דעם קעלער פענסטער!

און די וואס זיינען צוערשט אנגעקומען, האבען אנגעוויזען די איבעריגע אויף דעם געפעהרליכען פלאץ.

צום סוף האט זיך בעוויזען די הויפט מאכט, אין גאנצען צוויי הונדערט מאן, יעדער פון וועלבע האט געהאט מיט זיך צו צוואנ־ציג פאטראנען.

הערר לאווין איז געווען זעהר אויפגערעגט. ער האט זיינע לייטע אוועקגעשטעלט אזוי, דאס זיי האבען פון אלע זייטען ארומ־גערינגעלט דאס קליין הייזעל, נור די קליינע, שווארצע לאך ביי ד'ערדע, דורך וועלכער עס איז אריין לופט אין קעלער, איז גע־בליעבען פריי.

דאן איז ער אריין אין הויז, האט זיך נאכגעפרעגט אויף דער האלטונג און דער שטארקייט פון'ם פיינד, וועלכער איז געווארען

אזוי שטום, אז מען האָט געקענט מיינען, אז ער איז פערשוואונדען געוואָרען, האָט גע'חלש'ט אָדער איז דורך דער קליינער לאָך אנטלאָפען.

הער לאָווין האָט אַ טופּע געטהאָן מיט דעם פוס אָן קעלער טיר און אויסגערופען:

— הערר אָפּיציער!

דער דייטש האָט ניט געענטפערט.

דער מאיאָר האָט ווידער אמאָל אַ געשריי געטהאָן:

— הערר אָפּיציער!

אָבער עס איז געווען אומזיסט.

צוואנציג מינוטען נאָכאנאנד האָט ער זיך געבעטען ביים שווייגענדיגען אָפּיציער ער זאָל זיך איבערגעבען מיט די זאכען און די געוועהר, דערפאר האָט ער איהם גאראנטירט דאָס לעבען און פערשפּראָכען פאר איהם און פאר זיינע סאָלדאטען אלע מיליטערישע עהרען. אָבער קיינער האָט איהם ניט געענטפערט אפילו אַ וואָרט. די לאגע איז געוואָרען שווערליך.

די בירגער־סאָלדאטען זיינען ארומגעשפּרונגען אין שנעע אהין און אהער, געקלאפּט אין די הענד, ווי די קוטשערס, ווען זיי ווילען זיך אנוואָרעמען און אלע האָבען געקוקט אויף דער לאָך פון קעלער מיט אלץ וואקסענדער קינדערשער לוסט דאָרטען פארבייצולויפען.

צום סוף האָט זיך איינער אַ גאנץ מאָגערער מענשעל, מיט דעם נאָמען פאָטדעוויז, אנגענומען מיט מוט, געטהאָן אַ לאָף און איז ווי אַ הירש פארבייגעשפּרונגען פאר דעם פענסטער. עס האָט זיך איהם איינגעגעבען — די געפאנגענע האָבען געשיינט צו זיין טויט.

אַ שטימע האָט אויסגערופען:

— קיינער איז דאָרט נישטאָ!

און אַ צווייטער סאָלדאט האָט אריבערגעטראָטען איבער דעם פרייען שטיק פעלד פאר דער געפעהרליכער פענסטער לאָך. און איצט איז דערפון געוואָרען אַ שפּיעלכעל. אלע מינוט איז אַן אנדע־רער פארבייגעלאָפען פון איין זייט ביז דער צווייטער, פון איין

אבטהיילונג סאָלדאַטען אויף איין זייט פון הויז ביז צו דער צווייטער אבטהיילונג אויף דער אנדער זייט. און ער איז געלאָפען אזוי שנעל, אז דער שנעע האָט געשפּריצט הינטער איהם. אום זיך אנ־צואווארימען, האָבען זיי אָנגעצונדען אַ גרויסען פייער פון טרוקענע האָלץ און די פּארביילויפענדע סילועטען פון די פרייוויליגע סאָל־דאַטען האָבען געוואָרפען מורא׳דיגע שאָטענס ארום. אימעצער האָט אויסגערופען:

— מאַלאַיסאַן, איצט איז דיין רייהע!

מאַלאַיסאַן איז געווען אַ דיקער בעקער פון וועמעס פּעטקייט אַלע האָבען געלאַכט. ער האָט געצעגערט. חברה האָט איהם גענידעלט און זיך איבער איהם לוסטיג געמאַכט. דאַן האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך געלאָזט לויפען מיט קורצע שנעלע טריט אָהן אטהעם פאַרביי דעם שונא, אזוי דאָס זיין גראָבער בויך האָט זיך בעוועגט ארויף און אראָב.

איצט האָבען די לייט געלאַכט ביז צו טרערען און כדי איהם צו מאַכען מוט, האָבען זיי אויסגערופען:

— בראַוואָ! בראַוואָ מאַלאַיסאַן!

ער האָט שוין געהאַט אָבגעגאַנגען אודאי צוויי דריטעל פון זיין וועג, ווען אַ לאַנגער רויטער פלאַם האָט אַ שאָס געטהאַן פון קע־לערלאָך. אַ קנאַל האָט געפאָלגט און דער דיקער בעקער איז מיט אַ מורא׳דיגען געשריי געפאַלען צו ד׳רערד.

* * *

קיינער האָט זיך ניט געוואָגט אַ ריהר צו טהאָן, איהם צו העל־פען און אַלע האָבען צוגעקוקט, ווי ער איז אויף אַלע פיער, שטאַרק קרעכצענדיג געקראָכען איבער דעם שנעע און אזוי שנעל ווי ער איז אוועק אזוי ווייט, אז קיין שאָס האָט איהם מעהר ניט געקענט עררייכען, איז ער געפאַלען אין חלשות.

אַ קויל איז איהם אריין גאַנץ אויבען אין די גראָבע פלייש פון פוס.

נאָך דער ערשטער איבערראַשונג און דעם ערשטען שרעק האָט אויסגעפּלאַצט אַן אַלגעמיינער געלעכטער.

אָבער דער מאיאָר לאָווין האָט זיך בעוויזען אויפ'ן שוועל פון הויז. ער האָט געהאַלטען א פּאַרטיגען פלאן און האָט בעפעהלען מיט א ציטערענדע שטימע:

— קלעמפּנער פלאנכוט מיט זיינע לייטע אהער!

דריי מאן זיינען צוגעגאַנגען צו איהם.

— נעהמט צוזאַמען די וואסערקישקעס פון הויז.

אין א פיערטעל שעה אַרום האָבען זיי דעם מאיאָר געבראַכט צוואַנציג מעטער קישקעס. און איצט האָט ער מיט דער גרעסטער פּרעציזיאָניגקייט געלאָזט אויסבויערען א קליינע קיילעכדיגע לאָך אין דעם ראַנד פון דער קעלער־טיר, און די קישקע איז אַריינגעשטעקט געוואָרען אין דער דאָזיגער לאָך פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט איז זי פערבונדען געוואָרען מיט דער וואסער לייטונג. דער מאיאָר האָט געזאָגט צופריעדען:

— מיר וועלען די העררן דייטשען געבען צו טרינקען.

זיי האָבען אַרויסגעלאָזט א משוגע'נעם הוררא פאר פערוואונדערונג, האָבען געדרעהט פאר פרייד און געלאַכט וויפיעל זיי האָבען נור געקענט. דער מאיאָר האָט זיי איינגעטהיילט אין איינצעלנע טהיילען, וועלכע זאָלען אַלע פינף מינוטען איבערבייטען איינעם דעם אנדערען.

דאן האָט ער בעפעהלען:

— פּלאָמפּען וואסער!

און אזוי שנעל ווי די אייזערנע הענטעל פון פּלאמפּ האָט גענומען ארבייטען, האָט זיך דערהערט א לייכטער גערויש אין דער גאַנצער לייגנ פון דער קישקע, וועלכע האָט זיך געטראָגען ביז צום קעלער און איז דאָרט אַרונטערגעגאַנגען פון טרעפּעל אויף טרעפּעל מיט א פּליוסקעריי, ווי א וואסערפאל, איבער פעלזען.

מען האָט געוואַרט.

א שטונדע איז אוועק, דאן צוויי, דאן דריי. דער מאיאָר איז אַרומגעגאַנגען אהין און אהער איבער דער קיך אַן אויפגערעגטער, פון צייט צו צייט האָט ער צוגעלייגט דעם אויער צו ד'רערד, אום צו הערען וואָס דער שונא טהוט דאָרטען. און ער האָט זיך אַלץ גע־

פרעגט אויב ער וועט זיך ניט באלד אונטערגעבען.

איצט איז דער שונא געוואָרען אונרוהיג. מען האָט געהערט דאָס קייקלען פון די פעסער אהער און אהין, ריידען, א קלאפען מיט די הענד. דאן האָט זיך דערהערט א שטימע געבען דאָס פענסטער פון קעלער.

— איך וואלט וועלען רעדען מיט דעם פראנצויזישען אָפיציער.

לאווין האָט געענטפערט פון פענסטער, ניט ארויסשטעקענדיג דעם קאָפּ צו וויט:

— גיט איהר זיך אונטער?

— איך גיב זיך אונטער.

— דאן ווארפט ארויס אייער געוועהר.

און גלייך איז פון דער לאָך ארויסגעוואָרפען געוואָרען א גע־וועהר און איז געפאלען אין שנעע; דאן א צווייטער, א דריטער און באלד אלע. או דיזעלבע שטימע האָט אויסגערופען:

— מיר קענען נישט אויסהאלטען. עפענט שנעל אויף, מיר ווערען דערטרונקען.

דער מאיאָר האָט בעפעהלען:

— אויפהערען!

און די אייזערנע הענטעל פון פלאָמפּ איז אונבעוועגליך ארונ־טערגעפאלען.

און נאָכדעם ווי ער האָט די גאנצע קיך אויסגעשטעלט מיט סאָלדאטען מיט זייערע געוועהר צו פוסען, האָט ער לאנגזאם גע־עפענט די קעלער־טיר.

פיער נאסע קעפּ האָבען זיך בעוויזען, פיער קעפּ מיט לאנגע בלאָנדע האאר. און איינער נאָך'ן אנדערען זיינען אלע זעקס דייטשען ארויסגעקומען צושראָקען, קלאפּענדיג א צאָהן אָן א צאָהן און אויס־געווייקטע אזוי, אז דאָס וואסער האָט פון זיי גערונען.

מען האָט זיי געכאפּט און געבונדען. דערנאָך, מורא האָבענדיג פאר אן איבערפאל, האָבען זיי זיך גלייך צוריק אוועקגעלאָזען אין שטאָדט אין צוויי אבטהיילונגען. איין אבטהיילונג מיט די געפאנ־גענע, די אנדערע מיט דעם פארוואונדעטען בעקער אויף א מאטראץ.

וועלכען מען האָט געטראָגען אויף שטאַנגען.

אין טריאומף צוג זיינען זיי אָנגעקומען אין רעטהעל.

הערר לאווין האָט בעקומען אַן ארדען דערפאַר וואָס ער האָט גענומען געפאַנגען אַ פּרייסישען פאָרפּאָסטען און דער דיקער בעקער אַ מעדאַל פאַר פערוואונדעט ווערען פון׳ם שונא.



# די לאָך.





ער טאפעצירער לעאָפּאָלד רענארד האָט געהאט אויף זיך א קלאגע פון טויטשלאג און דערפאר איז ער איצט געשטאנען פאר די געשוואָרענע.

מיט איהם זיינען אריין די הויפט עדות: די אלמנה פון דעם דער'הרג'עטען מאדאם פלא־מעכע, דער סטאליער לודוויג לאדורא, און דער קופּערשמיעד יאהאן דורדענט.

נעבען דעם אָנגעקלאָגטען בעווייזט זיך זיין פרוי אין שוואר־צען אָנגעטהאָן, זי איז א קליינע, העסליכע אָבעזיאַנע, פערקליידעט פאר א דאמע.

לעאָפּאָלד רענארד דערצעהלט די ריכטער ווי אזוי דער אונגליק האָט געטראָפען:

— מיין גאָט, וואָס קען איך העלפען, עס האָט פאסירט אן אונגליק, איך בין אין דעם ניט שולדיג, אומזיסט וויל מען מיך מאכען פאר א קרבן. די פאקטען רעדען פאר זיך אליין, הערר פּרעזידענט, איך בין אן עהרליכער מאן, אן ארבייטער, א טאפעצירער, וועלכער וואָהנט שוין זעכצעהן יאהר אויף איין גאס, בעקאנט, בעליעבט און געאכטעט פון דער גאנצער וועלט, אפילו פון דעם הויז־וועכטערס ווייב, וועלכע איז ניט גאר קיין טהייערע נשמה.

איך האָב ליעב מיין ארבייט, איך האָב ליעב צו זיין שפּאר־זאם, איך האָב ליעב אנשטענדיגע מענשען און אנשטענדיגע פערגעניגענס. און דאָס איז געוועזען מיין אונגליק, עס איז גענוג טרויעריג, אָבער געוואָלט האָב איך עס זיכער ניט און איך האָב מיר גאָרנישט וואָס אויסצוואוארפען.

אלזא, זייט פינף יאהר געה איך מיט מיין ווייב יעדען זונטאג

קיין פּאַיססי, אום דאָרט צו פאַרברענגען דעם טאָג. מיר אַטהעמען דאָרט פרישע לופט און דערצו זיינען מיר מיט לייב און לעבען אריינגעטהאָן אין כאַפּען פּיש. די אַלטע שקאַפּע, די ווייב מיינע, מעליע האָט מיך אריינגעצויגען אין דער דאָזיגער ליידענשאַפט און זי אַליין איז נאָך מעהר אין דעם פאַרקאָכט ווי איך. אַלל דאָס בייז קומט פון איהר, די גאַנצע געשיכטע האָב איך איהר צו פער־דאַנקען, דאָס וועט איהר גלייך אַליין איינזעהן.

איך בין אַ גוטער יונג גאָר אָהן אַ גאַל, זי אָבער איז אַן אמת'ער שלאַק. זי זעהט אפילו גאָרנישט אַזוי אויס, די איינגע־טריקענטע שקאַפּע, אָבער זי איז נאָך ערגער פון אַ מערדער. איך וויל ניט זאָגען, אַז זי האָט ניט אויך איהרע גוטע זייטען, אודאי האָט זי מעלות, וואָס זיינען פאַר אַ געשעפטסמאַן אַ סך ווערטה, אָבער איהר כאַראַקטער, זאָל מיך גאָט אויסהיטען! פרעגט זיך נאָך אדרבא, אין דער נאָכבערשאַפט, טהוט אַ פרעג דעם הויזוועכטערס ווייב, וועט איהר אַליין הערען, וואָס מען דערצעהלט זיך אָן פון איהר.

יעדען טאָג האָט זי מיר אויפגעוואָרפען פאַר מיין מילדקייט. איך וואָלט אַזוינס ניט געטהאָן, איך וואָלט אַזוינס ניט ערלויבט. האָט זי אַלץ גע'טענה'ט. ווען איך זאָל זי געווען פאָלגען, הערר פּרעזידענט, וואָלט איך יעדען מאָנאַט געהאַט וויינינגסטענס דריי געשלעגען.

מאַדאַם רענאַרד האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד:

— רעד נור, רעד, וועט עס לאַכט צום לעצטען, לאַכט צום בעסטען.

ער האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר און געזאָגט גאַנץ ערנסט:

— וואָס אַרט דיך, איך קען אויך דיר אויסרעדען וואָס אין קאָרט שטעהט, וועט עס דיר ניט שאַדען. דו ביזט דאָך ניט די אָנגע־קלאָגטע.

דאָן האָט ער זיך ווידער אומגעקעהרט צום פּרעזידענט:

— איך ערלויב מיר אַלזאָ ווייטער צו דערצעהלען. יעדען שבת ביינאַכט געהען מיר קיין פּאַיססי, אום דאָרט באַלד פון פריה צו

כאַפּען פיש, דאָס איז ביי אונז געוואָרען אַ צווייטע נאַטור, ווי מען זאָגט. דאָרט האָב איך — דעם זומער זיינען געוואָרען פּונקט דריי יאָהר — געפונען אַ פּלאַץ, אַ פּלאַץ זאָג איך אייך, אַן אַנ־טיקעל! אין שאָטען, אַכט פוס וואַסער מינדעסטענס און, אפשר די גאַנצע צעהן, אַ לאָך מיט אַזאַ סאָרט היכל ביים ברעג, אַן אמת'ע פישלאָך, אַ גן עדן פאַר פיש כאַפּער.

הערר פּרעזידענט, די דאָזיגע לאָך איז מיר טהייער געוואָרען, ווי זי וואָלט פּונקט פאַר מיר בעשאַפען געווען, און אויסער דעם בין איך דאָך אייגענטליך געווען איהר קאָלאָמבוס. יעדער מענש אין דער אַרומיגער געגענד האָט עס געוואוסט און קיינער האָט אַ וואָרט ניט געזאָגט דאַגעגען. עס האָט געהייסען: דאָס איז רע־נאַרד'ס פּלאַץ און קיין מענש וואָלט אהין ניט געגאַנגען, ניט אפילו הערר פלומעו, וועלכער האָט אַ נאָמען — איך וויל איהם ניט בעליידיגען — אַז ער פאַרכאַפּט פרעמדע פּלעצער.

איך בין אַלזאָ געווען גאַנץ זיכער מיט'ן פּלאַץ און בין אימער געגאַנגען אהין, ווי דער ריכטיגער בעזיצער. ווי נור איך בין יענעם שבת אָנגעקומען, בין איך אריין אין דער דאַלילאַ מיט מיין אַלטער. די דאַלילאַ, דאַרפט איהר וויסען, איז מיין שיפעל, איך האָב זי געלאָזט בויען ביי פאַרנאַיזע, זי איז אַ לייכטע און דאָך גאַנץ זיכערע שיפעל. אַלזאָ מיר שטייגען איין אין דער דאַלילאַ און פאָהרען פערנאַרען פיש. און אויף דעם בין איך אַ מאַדים. איהר ווילט אודאי וויסען ווי אַזוי איך מאַך דאָס? דאָס קען איך אייך אָבער ניט זאָגען, דאָס געהערט ניט צו אונזער זאַך און איך קען אויף דערויף ניט ענטפערען, ווייל דאָס איז מיין געהיימנים. אודאי צוויי הונדערט מענשען האָבען מיך שוין וועגען דעם גע־פרעגט, זיי האָבען מיך צו אַ גלאַז וויין איינגעלאַדען, אָדער מיט פיש מיר געוואָלט טראַקטירען, כדי מיך צו מאַכען פּלוידערען! אָה, זיי האָבען אַלעס פּרובירט, אַלע האָבען געוואָלט וויסען מיין מיטעל, אָבער זיי האָבען ביי מיר גאָרנישט דערגאַנגען, נור מיין פרוי ווייס מיין געהיימנים, און זי רעדט ניט אַ וואָרט! בין איך ניט גערעכט מעליע?

דער פּרעזידענט האָט איהם אונטערבראָכען:

— רעדט צו דער זאַך.

— דער אַנגעקלאַגטער האָט פאָרטגעזעצט:

— גלייך קום איך דערצו! גלייך קום איך דערצו! אַלזאָ שבת דעם אכטען יולי זיינען מיר אַבגעפאָהרען מיט דעם צוג, וואָס געהט אָב פינף אזייגער מיט פינף און צוואַנציג מינוטען, און נאָך איידער מיר האָבען אָבגעגעסען, זיינען מיר ווי יעדען שבת ארוים פיש פערנאַרען... דאָס וועטער האָט געשיינט צו זיין גאַנץ ביג־סטיג. איך האָב זיך אָבגערופען צו מיין ווייב מעליע: ״דאָס וועט אביסעל זיין צו אַ שענער פריהמאָרגען!״ און זי האָט גע־ענטפערט: ״יאַ, אַזוי זעהט עס אוים״. מעהר, דאַרפט איהר וויסען, רעדען מיר נישט צווישען זיך.

און דאַן זיינען מיר צוריקגעקומען צום עסען. איך בין געווען גוט אויפגעלויגט און בין געווען מראַ׳דיג דורשטיג, אַט דאַ ליגט דער הונד בעגראָבען, הערר פּרעזידענט, אַט אין דעם ליגט די גאַנצע שולד. און איך האָב זיך אָבגערופען צו מעליע׳ן:

— דו ווייסט מעליע, עס וואָלט געווען שען, ווען איך זאָל מיר קענען פארגינען אַ גוט ביסעל וייסען ווין — זי האָט גע־ענטפערט:

— טהו ווי דו ווילסט! דו וועסט זיך נאָך קראַנק מאַכען און דאַן וועסטו אין דער פריה ניט קענען אויפהויבען דעם קאָפּ. דאָס איז טאַקע אמת, דאָס איז געוועזן זעהר ביטרע, זעהר פּאַרזיכטיג און זעהר שאַרפזיניג, איך גיב עס צו, אָבער איך האָב טראַצדעם זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָב אויסגעטרונקען מיין פלאַש ווין און דערפון איז ארוים דער גאַנצער אונגליק.

פון׳ם ווין האָב איך ניט געקענט איינשלאָפען! ביז צוויי אזייגער ביינאַכט האָב איך ניט געקענט צומאַכען מיט אַן אויג און דאַן אויף איין מאָל שלאָף איך איין ווי אַ דער׳הרג׳עטער.

קורץ מיין פרוי וועקט מיך אויף זעקס אזייגער. איך שפּרינג ארוים פון בעט, טהו שנעל אָן די הויזען און וואַסערקיטעל, וויש ארום דאָס פּנים מיט אַ גובקע און מיר שטייגען אריין אין דער

דעלילא. צו שפּעט. ווען איך בין צוגעקומען צו מיין לאַה, איז זי געווען פאַרנומען. דאָס האָט מיר נאָך קיין מאָל ניט פּאַסירט, הערר פּרעזידענט, אין די גאַנצע דריי יאָהר. עס האָט זיך מיר געדאַכט ווי מען וואָלט מיך אונטער מיינע אויגען בע'גנב'ענען און איך האָב געזאָגט:

— צום טייפעל! צום טייפעל! צום טייפעל!

און דאָ הייבט מיין פרוי זיך אָן צו שטעכען:

— נו, עס האָט זיך דיר געוואָלט וויין... זעהסטו שוין איצט וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט, דו אַלטער שיכור? ביזטו כאָטש צו־פריעדען?

איך האָב נישט געענטפערט, זי איז געווען גאַנץ גערעכט.

טראָצדעם בין איך אַרויס אויף דער יבשה נאָהענט פון דעם פּלאַץ, אום כאָטש צו פאַרנעהמען דאָס ברעקעל, וואָס איז נאָך פריי געווען, אפשר, האָב איך מיר געטראַכט, וועט דער אַנדערער מאַן דאָ גאָרנישט כאַפּען און וועט געהן ווייטער.

ער איז געווען אַ קליינער, מאָגערער מאַן אין אַ ווייסען ליי־ווענטענעם אַנצוג מיט אַ שטרויענער הוט. ער האָט געהאַט זיין פרוי נעבען זיך. זי אַ הויכע, אַ דיקע, איז געזעסען הינטער איהם און אויסגענעהט.

ווען זיי האָבען דערזעהן, ווי מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דעם פּלאַץ נעבען זיי, האָבען זיי אַרויסגעברומט:

—איז דען ניטאָ מעהר קיין אַנדער פּלאַץ?

און מיין פרוי, אין וועלכער עס האָט אינעווייניג געקאָכט, האָט געענטפערט:

— אָנשטענדיגע מענשען פרעגען אַפריהער, איידער זיי בע־זעצען זיך אויף אַ פּריוואַטען פּלאַץ.

אָבער אַזוי ווי איך האָב ניט געוואָלט האָבען קיין געשיכטען, האָב איך זיך אָבגערופען:

— מעליע, האַלט דיין מויל, לאָז אונזערס אַריבער, מיר וועלען זעהן, וואָס דאָ וועט זיין.

מיר האָבען אַלזאָ צוגעבונדען די דאַלילא, זיינען אַרונטער

אויף דער יבשה און פאַרוואָרפען אונזער ווהודע נאָהענט פון זייערער. מעליע און איך זיינען געזעסען גאַנץ נאָהנט נעבען דעם אנדער פּאָאר פאָלק.

און איצט הערר פּרעזידענט, מוז איך אייך דערצעהלען אַ פּאָאר איינצעלהייטען.

מיר זיינען דאָרט נאָך ניט געהאַט געזעסען קיין פינף מינוטען, ווי מיין שכנ׳ס ווהודע האָט צוויי דריי מאָל אונטערגעטויכט אונטער׳ן וואַסער און דאַן ציהט ער ארוים אַ פיש אזוי דיק ווי מיין פּוס, נו, אפשר אביסעלע קלענער, אָבער כמעט אזוי דיק. דאָס הארץ הייבט אָן ביי מיר צו קלאַפּען, מיר ווערט גאַנץ הייס און מעליע זאָגט צו מיר:

— זעהסטו, אלטער שיכור, האָסטו געזעהן דעם פיש?

דאַ פאָהרט אין זיין שיפער פאַרביי הערר ברו, אַ הענדלער פון פּאיססי, אויך אזא אלטער פאַרקאָכטער פישכאַפּער, און רופט זיך אָב צו מיר:

— וואָס איז דאָס, הערר רענאַרד, מען האָט ביי אייך צוגענומען אייער פּלאַץ?

און איך ענטפער איהם:

— יאָ, הערר ברו, עס זיינען פאַראַן גראָבע מענשען אויף דער וועלט, וועלכע ווייסען ניט ווי זיך צו האַלטען.

דער מאַן אין לייוועגטענעם אנצוג נעבען מיר מאַכט זיך ניט הערענדיג. זיין ווייב, דער דיקער חזיר, אויך ניט.

דער פּרעזידענט האָט איהם אַ צווייטען מאָל אונטערבראָכען:

— זייט פאָרזיכטיג, איהר בעליידיגט די אלמנה פון הערר פּלאַמעכע, וועלכע איז דאַ אנוועזענד.

— ענטשולדיגט! ענטשולדיגט... איך בין אביסעל צו אויפּגערעגט.

אלזאָ עס איז נאָך ניט אַוועק קיין פיערטעל שטונדע, ווי דער מאַן אין דעם לייוועגטענעם אנצוג כאַפּט נאָך אַ פיש און גלייך נאָכדעם נאָך איינעם און אין פינף מינוטען שפּעטער ווידער איינעם.

מיר זיינען געשטאַנען טרערען אין די אויגען און דערצו האָב

איך געפיהלט, ווי מיין אַלטע האָט זיך געטרייסעלט פאַר רציחה. זי האָט מיך געהאַלטען אין איין רייצען:

— דו זעהסט, ווי זיי גנב'ענען ביי דיר אוועק דיינע פיש? דו וועסט היינט גאַרנישט כאַפּען, גאַרנישט, גאַרנישט צומאָל נישט א זשאַבקע, דו וועסט שוין זעהן!

און געטראַכט וועגען דעם, האָט דאָס בלוט אין מיר געקאָכט. איך האָב געזאָגט צו זיך אליין: לאָמיר אָבוואַרטען מיטאָג צייט. דער גנב דאָרטען, וועט געהן עסען און דאַן וועל איך זיך צוריק זעצען אויף מיין אַלטען פּלאַץ. איך, הערר פּרעזידענט, עס אימער זונטאַג אין דרויסען אויף דער פרישער לופט, אין דער דעלילא.

קוים זיך דערוואַרט, עס שלאָגט צוועלף אזייגער, אָבער דער לומפּ האָט מיטגעבראַכט מיט זיך א הוהן איינגעוויקעלט אין א צייטונג און בעת ער עסט, כאַפּט ער נאָך א פיש.

מעליע און איך האָבען אויך גענומען עפּעס איבערבייסען, אָבער איהר ווייסט, עס איז אונז ניט געקראָכען אין האַלז, דאָס הארץ איז נישט געווען דערביי.

דאַן נעהם איך די צייטונג און קוק אין איהר אריין, עס איז בעסער אזוי צו פאַרדייהען דאָס עסען, און איך לעז מיר אזוי יעדען זונטאַג אין שאָטען ביים וואַסער דעם "גיל בלאַז". זונטאַג שרייבט דאָרט אימער קאַלאָמבינע, איהר קענט דאָך קאַלאָמבינע'ן, וועלכע שרייבט די שענע אַרטיקלען אין "גיל בלאַז". מיין אַלטע ווערט אימער אָן אויפגעקאָכטע, ווען איך זאָג איהר, אז איך קען זי, די קאַלאָמבינע. עס איז אָבער נישט אמת, איך קען זי נישט, איך האָב זי קיינמאָל אין מיינע אויגען נישט אָנגעזעהן. אָבער וואָס אמת איז אמת, עס לעזט זיך געשמאַק וואָס זי שרייבט און דאַן פאַר א פרוי זאָגט זי זעהר געוואַגטע זאַכען. איך האָב זי גאַנץ ליעב, אזוי ווי זי שרייבען ניט פיעלע!

און דאָ הויב איך אָן זיך צו רייצען מיט מיין ווייב; אָבער זי ווערט גלייך מלא רציחה אוז עפּענט איהר פּיסקעל... ווער איך גלייך אָנשווייגען.

אין דעם דאָזיגען אויגענבליק קומען אָן פון דער אַנדערער זייט אייך אונזערע ביידע עדות, וועלכע געפינען זיך איצט דאָ:

הערר לאַדוראַי און הערר דורדענט ; מיר האָבען זיך געקענט בלויז פון ווייטען.

דער קליינער האָט זיך ווידער גענומען פאַר זיין וועהודע און האָט געכאַפּט פיש איינס נאָך'ן אַנדערען. איך זיץ און קוק און אַלעס איז מיר טרייסעלט זיך. און דאַ רופט זיך אָב זיין פרוי:

— דער פּלאַץ דאַ איז אַן אויסגעצייכענטער, דו ווייסט דע־זירע, פון היינט אָן מוזען מיר אימער אַהער קומען.

אַ קעלט לויפט מיר איבער'ן רוקען אריבער און מיין פרוי זאָגט:

— דו ביסט דאָך נאָך קיין מאַן ניט. האָסט געזעהן אויף דיין לעבען אַזאַ מאַן ? דו האָסט דאָך גאָר פיש־בלוט אין די אָדערען !

און איך ענטפער איהר פּלוצים:

— דו ווייסט, איך'ל בעסער אוועקגעהן פון דאַנען, אַז ניט מאַך איך נאָך עפּעס אַ נאַרישקייט.

און זי זשיפּעט אויס, ווי זי וואָלט מיר אַ גליהענדען אייזען דערלאַנגט:

— דו ביזט ניט קיין מאַן ! איצט ווילסטו נאָך אַנטלויפען ! דיין פּלאַץ ווילסטו איבערלאַזען און אליין זיך אָבטראָגען, פוי דו פייגלינג.

דאָס איז שוין געווען צופיעל, אָבער איך האַלט זיך נאָך אַלץ איין.

אָבער דאָ שלעפּט דער קליינער ווידער אַרויס אַ פיש, אָבער אַ פיש, איך זאָג אייך, איך האָב נאָך עפּעס אַזוינס נישט געזעהן.

און דאַ הויבט מיין פרוי אָן צו רעדען הויך אויפ'ן קול, ווי זי וואָלט גערעדט צו זיך אַליין — דערפון קענט איהר זעהן, ווי פאַרביסען זי איז. זי זאָגט:

— נו, דאָס זיינען גאַנץ פּשוט גע'גנב'עטע פיש, מיר האָבען דאָך זיי אַליין אַהער פערנאַרט מיט פיש־שפּייז, זאָלען זיי דיר כאָטש בעצאָהלען פאַר די פיש שפּייז, וואָס דו האָסט פערברויכט

די דיקע וואָס איז געזעסען נעבען דעם מאַן אין דעם לייוועוונטענעם אַנצוג, האָט געפרעגט:

— איהר מיינט דאָס אונז?

— יאָ, איך רייד פון פיש גנבים, וועלכע פארכאַפּען דאָס, וואָס געהערט צו אַנדערע מענשען.

— הייסט עס, אונז רופט איהר אָן פיש גנבים?

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אַן ערקלעהרונג און עס האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן גראַבקייטען, זידלערייען און שימפּפעריי‎ען, זיי האָבען אויפגעהויבען אַזאַ געוואַלד, אַז אונזערעביידע עדות, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף יענער זייט טייך, האָבען גענומען מאַכען פון זיי שפּאַס און געזאָגט:

— שאַ, שאַ, זייט דאָרט אַביסעל שטילער, אַז ניט קענען אייערע מענער גאָרנישט כאַפּען!

אויף יעדען פאַל האָבען מיר ביידע, איך און דער מאַן אין לייוועגטענעם אַנצוג, זיך ניט געריהרט מיט אַן אבר. מיר זיינען געבליעבען זיצען מיט די אויגען אויף'ן וואַסער און זיך געמאַכט ווי מיר הערען גאָרנישט.

אָבער געהערט האָבען מיר גוט און אַזעלכע ווערטער, אַז אַ מאַטראָז אָדער אַ סאָלדאַט רעדען נישט קיין ערגערע.

פּלוצים האָב איך דערהערט הינטער זיך אַ גערויש. איך קעהר זיך אום, ערשט די אַנדערע, די דיקע איז אַרויפגעפּאַלען אויף מיינער מיט איהר שירעם און... כליאַפּ... כליאַפּ... כליאַפּ...

און אַז מיין מעליע קריעגט אַזוי גוט פאַרפאָהרען אין מאָרדע ווערט זי ווילד פאַר כעס, און ווען זי ווערט אין כעס כאַפּט זי זיך אויך שלאָגען און טהוט אַ נעהם דער דיקער פאַר די האָאר און דאַן... באַץ... קלאַפּ... און די לופט ווערט פול מיט פּעטש און פרעסק.

איך וואָלט די ווייבער איבערגעלאָזט צו זיך אַליין און די מענער זאָלען זיך זיין בעזונדער, מען דאַרף זיך צווישען ווייבער נישט אַריינמישען, אָבער דער מאַן אין לייוועגטענעם אַנצוג טהוט זיך פּלוצים אַ הויב און וויל זיך אַרויפוואַרפען אויף מיין פרוי. נאַ, וואַרט אַביסעל, אַלטער פריינד, כאַפּ ניט אַזוי, איך בין אויך דאָ. און איך שטעל אוים די פויסטען צו דעם קערל און פאַרפאָהר

איהם איינס אין פּיסק אריין און אַ צווייטען אין בויך. ער הויבט אויף די אָרעמס, הייבט אויף די פיס און פאַלט הינטערוויילעכיז אין וואַסער אריין, גראַדע אין לאַך.

איך וואָלט איהם זיכער ארויסגעשלעפּט, העדר פּרעזידענט, ווען איך וואָלט נור געהאַט צייט, אָבער דאַ האָט די דיקע, וועלכע איז איצט געווען די שטאַרקערע, געפּראַסקעט מיין מעליען, וויפיעל עס איז נור אין איהר אריין. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז בעת דער אַנדערער האָט זיך געצאַפּעלט אין וואַסער, האָב איך ניט געדאַרפט צושפּרינגען צו די ווייבער, אָבער דאַן האָב איך דאָך ניט געדענקט, אַז ער וועט דערטרונקען ווערען און איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט: נישקשה, עס מאַכט נישט אויס, די באָד וועט איהם גוט אָבקיהלען.

איך האָב זיך אַלזאָ ארויפגעוואָרפען אויף די ווייבער, כדי זיי פונאנדערצורייסען! און דאַ האָבען זיך אויף מיר אַ שאָט געטהאָן פון ביידע זייטען קלעפּ, פּרעסק, און טוסאַקעס!

קורץ, עס האָט מיר גענומען אודאי פינף און אפשר גאָר צעהן מינוטען, ביז איך האָב די צוויי משוגע'נע, צוקאָכטע ווייבער אָבגעריסען איינער פון דער אַנדערער.

איך דרעה זיך אום... ס'איז גאָרנישט צו זעהן. דאָס וואַסער איז שטיל, ווי דער ים, און די מענער אויף דער צווייטער זייט טייך שרייען:

— ציהט איהם ארויס! ציהט איהם ארויס!

דאָס איז גאַנץ גרינג צו זאָגען אָבער איך קען דאָך ניט שווימען און אויפטויכען אונטער'ן וואַסער אודאי ניט.

צום סוף איז צוגעקומען דער אויפזעהער פון'ם טייך און צוויי מענער מיט שיפלאַך. אָבער דאָס האָט זיכער געדויערט אַ פיערטעל שטונדע. זיי האָבען איהם דערנאָך געפונען אויפ'ן דעק פון דער לאַך, אכט פוס טיעף, ווי איך האָב אייך פריהער געזאָגט. אָבער ער איז שוין געווען טויט, דער קלוגער אין דעם לייווענטענעם אנצוג.

אזוי האָט די געשיכטע פּאַסירט, איך קען אויף דעם שווערען מיט מיין עהרענוואָרט. איך בין אונשולדיג!

און אזוי ווי די עדות האָבען בעשטעטיגט אַלעס וואָס ער האָט געזאָגט, איז דער אָנגעקלאָגטער פריי געשפּראָכען געוואָרען.



# אויף דער אייזענבאהן.



י זון האט געהאלטען אין אונטערגעהן הינטער א קייט פון בערג און די לאנגע שאטענס פון די שפיצען בערג זיינען געפאלען אין דעם טיעפען טהאל פון ראיאט.

א פאאר מענשען זיינען געגאנגען הין און צוריק אין פארק פארביי דעם מוזיק פאוויליאן. אנדערע זיינען גע־זעסען אין גרופען דא און דארט, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס דער אבענד איז געווען א קיהלער.

איינע פון די דאזיגע גרופען האט געפיהרט א לעבעדיגען גע־שפרעך, דען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען אן ערנסטע זאך, וועלכע האט דער פרוי דע סארקאנגעס, פרוי דע באלאצעללעס און פרוי דע ברידאי א סך זארג פערשאפט. אין א פאאר טעג ארום האבען זיך געזאלט אנהויבען די וואקיישאנס און זיי האבען געמוזט זייערע זיהן, וועלכע האבען זיך ערצויגען ביי די יעזואיטען, אב־געהמען אהיים.

די דאזיגע פרויען האבען ניט געהאט קיין שום לוסט צו מאכען די רייזע אהין און צוריק נאך זייערע קינדער, אבער זיי האבען ניט געוואוסט, וועמען מען קען די דאזיגע ארבייט איבער־געבען. עס איז געווען ארום סוף יולי, פאריז איז געווען אין גאנצען פארלאזען. און זיי האבען אומזיסט געזוכט עפעס א מענשען, אויף וועלכען זיי זאלען זיך קענען פערלאזען.

זייער פערלעגענהייט איז נאך געוואקסען, ווייל מיט א פאאר טעג צוריק, האט זיך אין א וואגאן פון אייזענבאהן געטראפען זעהר א מיאוס׳ע געשיכטע. און די פרויען זיינען איצט געווען פעסט איבערצייגט, אז די גאנצע ברעהליבע אונטערוועלט פון דער הויפט־

שטאדט, האלט נאכאנאנד אין איין פאהרען הין און צוריק פון אווענגע קיין פאריז און פון פאריז קיין אווענגע. דערצו האט דער "גיל בלאז" געמעלדעט, אז פיעלע בעוואוסטע און אונבעוואוסטע לעבע־פרויען געפינען זיך אין ווישי, מאנט דארע און לא באורבאול. אזוי ווי זיי זיינען דארט געווען, האבען זיי דאך אודאי געמוזט אהין קומען מיט דעם אייזענבאהן און וועלען אהן צווייפעל מיט דעם זעלבען וועג אויך צוריקפאהרען.

די דאזיגע פערפלוכטע אייזענבאהן־ליניע איז אלזא געווען פער־פלייצט מיט עפענטליכע מיידלאך, און די פרויען זיינען געווען אויסער זיך, וואס מען האט די דאזיגע פרעהליכע ווייבלאך ניט פארבאטען צו בענוצען זיך מיט דער אייזענבאהן.

און ראזשער דע סארקאגנעס איז שוין געווען פופצעהן יאהר אלט, גאנטראן דע באלאצעללעס דרייצעהן יאהר, און ראלאנד דע ברידאי עלף יאהר. וואס זאל מען טהאן? זיי האבען דאך ניט געקענט צולאזען, אז זייערע ליעבע קינדער זאלען קומען אין בע־ריהרונג מיט יענע העסליכע באשעפענישען. וואס וואלטען די אינגלאך דארט געהערט, געזעהן, וואס וואלטען זיי געקענט לערנען, ווען זיי זאלען א גאנצען טאג, אדער גאר א גאנצע נאכט נאכאנאנד מוזען אבזיצען אין דעם זעלבען וואגאן מיט איינער אדער צוויי פון יענע פרויען, מיט איינעם אדער צוויי פון זייערע בעגלייטער.

זיי האבען זיך ניט געקענט געבען קיין שום עצה, ווען פרוי דע מארטינסעק איז פארביי געגאנגען. זי האט זיך אבגעשטעלט, אום איהרע פריינדינען צו בעגריסען און זיי האבען איהר גלייך דערצעהלט פון זייער פערלעגענהייט.

זי האט אויסגערופען:

— אך, דאס איז א קלייניגקייט, איך וועל אייך לייהען אונזער אבבע. איך גלויב, איך'ל זיך קענען בעגעהן אהן איהם אכט און פיערציג שטונדען. צוליעב די צוויי טעג וועט רודאלף'ס ערציהונג ניט פיעל ליידען. דער אבבע וועט דאן פאהרען אבנעהמען אייערע קינדער און זיי ברענגען אהיים.

אלע האבען דערצו גלייך צוגעשטימט און עס איז בעשלאסען

געוואָרען, אז דער אבבע לעקיזור, א יונגער גייסטליכער, א קלוגער און געלערענטער מענש, דער ערציהער פון רודאָלף דע מארטינסעק, זאָל די קומענדיגע וואָך פאָהרען קיין פאריז, און די דריי יונגע לייט ברענגען אהיים.

פרייטאָג אין דער פריה איז דער אבבע אוועקגעפאָהרען און זונטאָג איז ער שוין געשטאַנען אויף דעם וואָקזאל פון ליאָן'ער אייזענבאהן מיט דריי אינגלאַך, וועלכע האָבען זיך געפונען אונ־טער זיין שוץ.

ער איז אַרומגעגאַנגען מיט זיינע שילער איבער דעם וואָקזאל, ווי א הוהן מיט איהרע קורטשאַקעס און געזוכט א לעדיגען וואַגאָן, אָדער ווייניגסטענס אַזעלכען, וואו אנשטענדיגע מענשען זיינען געזעסען, ווייל די מוטערס פון די אינגלאַך האָבען איהם אזוי אָנגע־שראָקען וועגען דער דאָזיגער אייזענבאהן־ליניע, אז זייערע רייד האָבען איהם נאָך אין די אויערען געזשומעט.

דאָ האָט ער פּלוצים דערזעהן אין א אָפענעם קופּע אַן אַלטען מאַן און אַן אַלטע פרוי מיט ווייסע האָאר, וועלכע האָט גערעדט מיט נאָך א פרוי וואָס איז געזעסען אין דעם זעלבען וואַגאָן. דער אַלטער מאַן איז געוועזן אַן אָפיציער פון דעם עהרענ־לעגיאָן. און די לייטע האָבען אויסגעזעהן צו זיין זעהר אַנשטענדיג. דאָ האָט דער אבבע א טראַכט געטהאָן ביי זיך: אָט דאָס איז פּונקט פאַר מיר, האָט געהייסען זיינע שילער אריינגעהן אין דעם זעלבען וואַגאָן און איז אַליין אריין נאָך זיי.

די אַלטע פרוי האָט געזאָגט:

— מיין ליעב קינד, זעה גיעב אַכטונג אויף זיך.

די יונגע האָט געענטפערט:

— יאָ, יאָ, מאַמאָ. איך האָב פאַר קיין זאַך ניט מורא.

— אַזוי שנעל ווי דו וועסט זיך פיהלען ניט געזונד, זאָלסטו רופען א דאָקטאָר.

— יאָ, יאָ, מאַמאָ.

— נו, דאַן אַדיע, מיין קינד.

— אַדיע, מאַמאָ.

דערנאָך האָבען זיי זיך ארומגענומען און לאַנג געקושט און צום סוף האָט דער קאָנדוקטאָר צוגעמאַכט די טיר פון וואַגאָן און דער צוג האָט זיך א ריהר געטהאָן.

זיי זיינען געבליעבען אַליין. דער אבבע איז געווען גליקליך! ער האָט זיך געפרייהט מיט זיין געשיקטליכקייט און גענומען רעדען מיט די יונגע לייט, וועלכע זיינען איהם אנפערטרויט געוואָרען. אין דעם טאָג פון זיין אברייזע, איז אָבגעמאַכט געוואָרען, אז מאַדאַם דע מאַרטינסעק זאָל איהם ערלויבען אין וואקיישאן צייט צו געבען די דריי איגלאָך שטונדען. און איצט האָט ער גלייך געוואָלט פרו־בירען זיינע נייע שילער און זעהן, ווי ווייט ער האלט מיט זיי.

ראזשער דע סארקאגנעס, דער גרעסטער פון זיי, איז געווען א הויכער, א געוויקסיגער, גאָרניט נאָך זיינע יאָהרען נאָך, בלייך און מאָגער. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם און נאאיוו.

נאנטראַן דע באלאנצעלעס איז געווען אין געגענטייל גאַנץ קליין, נידריג געוואַקסען, א לעבעדיגער יונג, כיטרע, שלעכט און שטענדיג אָבגעלאַכט פון דער גאַנצער וועלט. גערעדט ווי אן ער־וואקסענער און פון צייט צו צייט געמאַכט א צוויידייטיגע בעמער־קונג, וועלכע האָט זיינע עלטערן שטאַרק בעאונרוהיגט.

דער איגנגסטער ראָלאַנד דע ברידאי, האָט ניט ארויסגעוויזען קיין שום בעזונדערע פעהיגקייטען. ער איז געווען א גוט, קליין חיה'לע, אין גאַנצען ווי זיין פאָטער.

דער אבבע האָט זיי געזאָגט, אז ער וועט זיך מיט זיי פאר־נעהמען אין די צוויי מאָנאטען פון זייער וואקיישאן, און איצט האָט ער זיי קלאָהר געמאַכט זייערע פליכטען צו איהם און אויף וואָס פאר אן ארט ער וועט זיי ערציהען.

ער איז געווען אן איינפאַכער, עהרליכער מאַן, נור אביסעלע א פעדאנט.

זיין רעדע איז אונטערבראָכען געוואָרען פון א טיעפען זיפץ, וועלכען די מיטרייזענדע האָט ארויסגעלאָזען. ער האָט א קעהר געטהאָן דעם קאָפּ צו איהר. זי איז געזעסען אין איהר ווינקעל מיט שטאַרע אויגען און עטוואָס בלייכע באַקען. דער אבבע האָט זיך צוריק געווענדעט צו די שילער.

דער צוג איז געלאָפען מיט א משוגע'נער שנעלקייט איבער פעלדער און וועלדער, אונטער און איבער בריקען און די פאססאַזשירען אינעווייניג האָבען זיך נאָכאַנאַנד געשאָקעלט און געטרייסעלט און זיינען קוים איינגעזעסען אויף זייערע פּלעצער.

דאָ האָט גאָנטראָן דע באַלאַנצעלעס געגומען נאָכפרעגען זיך ביי דעם אבבע אויף ראָהאַט, מיט וואָס מען קען זיך דאָרט אונטערהאַלטען, אויב עס איז דאָ אַ טייך, אויב מען קען כאַפּען פיש, אויב ער וועט קריגען אַ פערד, ווי לעצטעס יאָהר און אזוי ווייטער.

פּלוצים האָט די יונגע פרוי אַרויסגעלאָזען אַ געשריי, א מוראדיגען "אוי!" וועלכען זי האָט אָבער גלייך ווידער אונטערדריקט.

דער פריסטער האָט זי געפרעגט מיט שרעק:

— פיהלט איהר זיך שלעכט, גנעדיגע פרוי?

— נייז, הערר אבבע. עס איז גאָרנישט, א לייכטער וועהטאָג. עס איז גאָרנישט, איך בין זייט א געוויסער צייט קראַנק און דאָס טרייסלען פון'ם צוג טהוט מיר וועה.

איהר פּנים איז ווירקליך געוואָרען זעהר בלייך. ער האָט נעפרעגט נאָך אַמאָל:

— קען איך אייך אפשר מיט עפּעס העלפען, גנעדיגע פרוי?

— אָה ניין, איך דאַנק אייך זעהר, הערר אבבע.

דער פריסטער האָט ווידער גענומען רעדען מיט זיינע שילער.

די שטונדען זיינען געלאָפען. דער צוג האָט זיך פון צייט צו צייט אָבגעשטעלט און איז ווידער געפלויגען. די יונגע האָט איצט געשיינט צו שלאָפען, זי איז געלעגען איינגענורעט אין איהר ווינקעל און זיך מעהר ניט גערוהרט. הגם א האַלבער טאָג איז שוין געהאַט אוועק, דאָך האָט די פרוי נאָך גאָרנישט צום מויל גענומען, און דער אבבע האָט א טראַכט געטהאָן:

— די פרוי מוז זיין גוט קראַנק.

זיי האָבען נאָך געהאַט צוויי שטונדען צו פאָהרען ביז קלערמאָנט־פערראנד. פּלוצים האָט זיך די פרוי א כאַפּ געטהאָן און גענומען שטאַרק קרעכצען. זי איז שיער פון איהר פּלאַץ ניט אַרונטערגעפאַלען, זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַן אָרעם און מיט אַ

פערצווייפעלטען אויסדרוק אין פנים און מיט שטארע אויגען גע־מורמעלט:

— אך, מיין גאט! אך, מיין גאט!

דער אבבע איז צו איהר צוגעגאנגען:

— גנעדיגע פרוי, גנעדיגע פרוי, וואס איז מיט אייך?

זי האט געשטאמעלט:

— איך... איך דענק... איך געה צו קינד!

און גלייך האט זי גענומען מורא'דיג שרייען. זי האט ארויס־געלאזען א לאנגען וועה־געשריי, א צווייטען, א דריטען און באלד האט זיך דער צוג אנגעפילט מיט לאנגע הערצרייסענדע, טעמפע קולות, וועמעס מורא'דיגער קלאנג האט דערצעהלט פון דער אנגסט און פערצווייפלונג פון איהר נשמה און פון איהרע שרעקליכע קער־פערליכע ליידען. דער ארימער פריסטער איז געווארען אזוי צו־שראקען, אז ער האט ניט געוואוסט וואס ער הויבט אן צו טהאן און ער האט געשטאמעלט:

— מיין גאט, ווען איך זאל נור וויסען... מיין גאט, ווען איך זאל נור וויסען...

ער איז געווארען רויט ביז צו די ווייסלאך אין די אויגען און זיינע דריי שילער האבען מיט שרעק געקוקט אויף דער פרוי, וועלכע איז דארט געלעגען און געשריען.

פלוצים האט זי זיך פארקרימט, האט אויפגעהויבען די ארעמס ביז צום קאפ, און איהר גאנצער לייב האט גענומען צוגען, ווי פון א שטארקען קראמפף.

דער אבבע האט געמיינט, אז זי שטארבט; שטארבט אין זיין געגענווארט, אהן הילף, אהן רעטונג, דורך זיין שולד. פלוצים האט ער געזאגט מיט אן ענטשלאסענהייט אין קול:

— גנעדיגע פרוי, איך וועל אייך העלפען. איך וויים ניט ווי, איך פערשטעה עס ניט, אבער איך וועל אייך העלפען, אזוי פיעל ווי איך וועל קענען. איך מוז העלפען יעדער ליידענדער באשעפע־ניש, דאס איז מיין פליכט.

דאן האט ער זיך פלוצים א קעהר געטהאן צו די דריי אינגלאך און געזאגט:

— איהר וועט מיר גלייך צוגעהן צום פענסטער און ארויסקו־קען אין דרויסען, און ווען אימעצער פון אייך דרעהט זיך אום, וועט ער מיר גלייך אויף׳ן שטעל אלס א שטראף מוזען איבער־שרייבען טויזענד פערזען פון ווירגילים.

ער האט אליין צוגעמאכט די דריי פענסטער, צוגעפיהרט די אינגלאך אהין און צוזאמענגעצווינגען הינטער זיי די בלויע פאר־האנגען, דאן האט ער נאך אמאל געזאגט:

— ווען איהר מאכט נור איין איינציגע בעוועגונג, וועל איך אייך די גאנצע צוויי מאנאטען פון אייער וואקיישאן ניט ערלויבען צו געהן שפאציערען. און איך זאג אייך פאראויס, איך בין שטרענג און האלט מייןווארט.

דאן איז ער ווידער צוגעגאנגען צו דער יונגער פרוי און פאר־קאטשעט די ארבעל פון זיין פריסטער ראק...

זי האט נאך אלץ געקרעכצט און מאנכעס מאל האט זי גע־נומען שרייען. דער אבבע האט איהר געהאלפען מיט א פנים רויט און בלוי, האט צו איהר גערעדט, זי געטרויסט און אלע ווײלע זיך א קעהר געטהאן צו די אינגלאך, וועלכע האבען גע־שטארבען צו כאפען א שנעלען קוק אויף זייער נייעם לעהרער און זעהן וואס ער טהוט דארטען. זיי האבען אבער גלייך געמוזט אבקעהרען זייערע אויגען, און דער אבבע האט אויסגערופען:

— הערר דע באלאנצעלעם, איהר זועט מיר צוואנציג מאל אויפשרייבען די ווערטער "ניט פאלגען".

— הערר דע ברידאי, איהר וועט פיער וואכען צייט ניט קריעגען קיין נאכשפייז.

פלוצים האט די יונגע פרוי אויפגעהערט צו קלאגען און גלייך האט זיך דערהערט עפעס א מאדנער, שטילער געשריי, ווי א האוו־קען אדער א מיאקען, אזוי אז אלע דריי שילער האבען זיך מיט אמאל א קעהר געטהאן, ווייל זיי האבען געדענקט, אז זיי הערען א נייגעבארענעם הונד.

דער אבבע האט געהאלטען א קליינע נאקעטע עופ׳עלע אין זיינע ארעמס. ער האט עס אנגעקוקט א צושראקענער, אויף זיין

פנים איז געלעגען אַן אויסדרוק אי פון גליק אי פון פערצווייפלונג, אי פון געלעכטער, אי פון געוויין. מען האָט איהם געקענט אַננעהמען פאר אַ משוגע'נעם, אזוי פיעל פערשיעדענע אויסדרוקען האבען אַבגעשפיגעלט זיינע אויגען, זיינע ליפּען און אלע זיינע ציגע.

און מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט זיינע שילער מיטגעטיילט זעהר אַ וויכטיגע נאַכריכט, האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז אַ אינגעל.

דאַן האָט ער צוגעלייגט:

— הערר דע סארקאַננעס, גיט מיר די וואסער פלאַש, דאָ אויבען אויף דער פּאָליצע . . . גוט, עפענט זי אויף . . . זעהר גוט איצט גיסט מיר ארויף אַ פּאָאר טראָפּענס אויף דער האנד, נור אַ פּאָאר טראָפּענס. . . אזוי איז גוט.

און דאַן האָט ער ארויפגעקאָפּעט דאָס וואסער אויף דעם נאַקעטען שטערן פון דאָס קליין עופה'לע, וועלכע ער האָט געהאַלטען אין דער אַנדער האנד און געזאָגט:

— איך טויף דיך אין דעם נאָמען פון פאָטער, פון דעם זוהן און דעם הייליגען גייסט. אמן.

דער צוג איז אריינגעפאָהרען אין באהן־הויף פון קלערמאנט.

דער פנים פון מאדאם דע ברידאי האָט זיך בעוויזען אין פענסטער. דאָ האָט דער אבבע אין גאַנצען זיין קאָפּ פערלאָרען, ער האָט צו איהר אויפגעהויבען דאָס קליין, צארט מענשליך נפש'ל וועלכען ער האָט נור וואָס געהאָלפען ברענגען אויף דער וועלט און געמורמעלט:

— מיט אָט דער פרוי האָט אויף'ן וועג אַ קליין אונגליק געטראָפען.

ער האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט דאָס קינד ערגעץ אין גאַס אויפגעהויבען; זיין האַלזטוך איז איהם געהאנגען איבער די אקסלען, דער ראָק איז געווען בעשמוצט און ער האָט עטליכע מאָל איבערגערעדט:

— די יונגע העררן האָבען גאַרנישט געזעהן, אָבער טאקע גאָרנישט. דערפאר גאראנטיר איך. זיי האָבען אַלע דריי געקוקט

אין פענסטער. איך גאראנטיר, אז זיי האבען גארנישט געזעהן.

און ער איז ארויס פון וואגאן מיט פיער איינגלאך אנשטאט דריי בעפ די דריי מוטערס טויט בלייבע, האבען זיך אנגעקוקט איינע די אנדערע מיט צומישטע בליקען און ניט געפונען וואס צו ענט־פערען.

* * *

אין אבענד זיינען די דריי פאמיליען געזעסען צוזאמען, אום דאס אהיימקומען פון די שילער צו פייערען. אבער זיי האבען זעהר ווייניג גערעדט. די פאטערס, די מוטערס און די קינדער זיינען געווען פערנומען, יעדערער מיט זיך אליין.

פלוצים האט דער איינגסטער, ראלאנד דע ברידאי געפרעגט:

— זאג מיר מאמא, וואו האט דער אבבע געפונען דעם קליין איינגעלע?

די מוטער האט איהם פארדרעדט די צייהן:

— אך, געה, עס בעסער, און לאז אונז צופריעדען מיט דיינע שאלות.

ער האט א פאאר מינוטען געשוויגען, דאן האט ער ווידער געפרעגט:

— עס איז קיינער ניט געווען אין וואגאן אויסער דער פרוי, וועלכע האט געהאט לייב־שמערצען; און וויבאלד אזוי מוז דאך דער אבבע זיין עפעס א שווארצקינסטלער, דו ווייסט, אט ווי יענער, וואס ציהט ארויס פון זיין קעשענע מיט עפעס א כשוף די וואגשאל מיט די פיש.

— זיי דאך רוהיג. דער ליעבער גאט האט דאס קינד געשיקט.

— וואו האט עס אבער דער ליעבער גאט אוועקגעלייגט? איך האב גארנישט געזעהן. עס איז א פנים דורך׳ן פענסטער אריינ־געקומען?

מאדאם דע ברידאי האט פערלארען די געדולד און געענטפערט:

— נו איצט זיי שטיל. דער איינגעל איז... מען האט איהם געפונען אונטער א קעפעל קרויט, ווי אלע קליינע קינדער.

— אָבער אין וואַגאָן איז ניט געווען קיין קעפּעל קרויט.
דאָ האָט גאַנטראַן דע באַלאַנצעלעס, וועלכער האָט זיך צונג־
הערט מיט א ביטרער מינע, א שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:
— אה יא, עס איז יא געווען, אָבער נור דער אבבע האָט
עס געזעהן.



# דער פּראָטעקטאָר.




ר וואָלט קיין מאָל ניט געגלויבט, אַז ער וועט אויף אַזאַ אופן אַוועקגעהן אַזוי ווייט. זשאַן מאַרין איז געווען דער זוהן פון אַ קליינשטעטעלדיגען בעאַמ־טען און איז ווי פיעלע אַנדערע געקומען קיין פּאַריז, אום אין לאַטיינישען קוואַרטאַל צו שטודי־רען יוריספּרודענץ... אין די פיעלע שענקען, וועלכע ער האָט בעזוכט נאָך דער רייהע נאָך, איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט אַ סך סטודענטען, וועלכע רעדען וועגען פּאָליטיק בעת זיי טרינקען ביער. ער האָט זיי בעוואונדערט און נאָכגעפאָלגט זיי פון איין שענק אין דעם צווייטען און זאָגאַר פאַר זיי געצאָהלט, ווען ער האָט גע־האַט געלד.

דאַן איז ער געוואָרען אַן אַדוואָקאַט און געפיהרט אַלערליי פּראָצעסען, וועלכע ער האָט פערלאָרען. אָבער דאָ האָט ער איין מאָל אַ פריהמאָרגען איבערגעלעזען אין ציימונג, אַז איינער פון זיינע אַלטע פריינד פון לאַטיינישען קוואַרטאַל איז געוואָרען אַב־געאָרדענטער.

איצט איז ער ווידער געוואָרען יענעמס טרייער הונד, וועלכער נעהמט אויף זיך אַלע אונאַנגענעהמליכקייטען, אַלע שוועריגקייטען, וועלכען מען רופט, ווען מען דאַרף איהם האָבען און מיט וועלכען מען רעכענט זיך ניט, ווען מען נויטיגט זיך ניט אין איהם. דאַן איז עס געשעהן, ווי עס געשעהט געוועהנליך אין פּאַראַלאַמענט, אַז דער אבגעאָרדענטער איז געוואָרען מיניסטער. אין אַ האַלב יאָהר אַרום איז זשאַן מאַרין געוואָרען אַ שטאַאטסראַט.

* * *

צוערשט האָט איהם זיין אייגענע גרויסקייט אַזוי צודרומשקעט, אַז ער האָט שיער דעם קאָפּ ניט פערלאָרען. ער האָט זיך אַרומגע־

שלייעט איבער די גאַסען, אום זיך צו ווייזען פאַר לייטען, עפּעס אַזוי ווי מען האָט פון זיין אויסזעהען אליין געדאַרפט דערקענען, וואָס פאַר אַ גרויסען פּלאַץ ער פאַרנעהמט.

און ער האָט עס אַזוי איינגעאָרדענט, אַז צו די געשעפטסלייט, וועמעס געשעפטען ער האָט בעזוכט, אָדער אפילו צו די קוטשערס פון די דראָשקעס האָט ער ניט פאַרפעהלט צו זאָגען:

— איך אַלס שטאַאַטסראַט...

און איצט האָט ער פּלוצים דערפיהלט אַ גאַנץ נאַטירליכע און אונווידערשטעהליכע בעדירפניש צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ פּראָ־טעקטאָר. דער גאַנצער וועלט האָט ער אָנגעבאָטען זיין שטיצע, צו יעדער צייט, צו יעדער געלעגענהייט.

ווען ער האָט אויף דעם בולוואַר געטראָפען אַ בעקאַנטען, איז ער איהם אַנטקעגען געגאַנגען מיט אַ שמייכלענדיגען פּנים, גענומען איהם פאַר אַ האַנד, געפרעגט ווי עס געהט איהם און דאַן, ניט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער, האָט ער געזאָגט:

— איהר ווייסט דאָך, איך בין שטאַאַטסראַט. איך שטעה אין גאַנצען צו אייער דיענסט. אויב איך קען אייך מיט עפּעס נוצליך זיין, בין איך עס מיט פערגעניגען בערייט צו טהאָן. אין מיין שטעלונג לאָזט זיך פיעלעס אויפטהאָן.

דאַן איז ער מיט דעם בעקאַנטען געגאַנגען אין וועלכען ניט איז שענק, זיך געלאָזט ברענגען טינט און בריעף־פּאַפּיער.

— נור איין בלאַט, קעלנער, איך מוז שרייבען אַ רעקאָמענדאַ־ציאָנס בריעף.

און ער האָט געשריעבען רעקאָמענדאַציאָנס בריעף, צעהן, צוואַנציג, פופציג אַ טאָג, געשריעבען זיי אין דעם קאַפע אַמעריקאַן, ביי ביגנאָן, ביי טאַרטאָני, אין דער מאַיסאָן דאָרעע, אין קאַפע רישע, ביי העלדער, אין ענגלישען קאַפע, אין נעאַפּאָלעטאַנישען, איבעראַל, איבעראַל. ער האָט געשריעבען צו אַלע בעאַמטע פון דער רעפּובליק, פון פריעדענס־ריכטער ביז צום מיניסטער. און דאָס האָט איהם געמאַכט גליקליך, איבערגליקליך.

* * *

איין מאָל אין דער פריה, ווען ער איז אַרויס פון הויז אום צו געהן אין שטאַאטסראַט, האָט אָנגעהויבען רעגנען. ער האָט אַפריהער געוואָלט נעהמען אַ דראָזשקע, דאַן אָבער איז ער זיך מישב געווען און איז אַוועק צופוס.

דער רעגען איז אָבער געוואָרען זעהר שטאַרק, האָט בעגאָסען די טראָטואַרען און דער מיטען גאַס איז געוואָרען פול מיט וואַסער. הערר מאַרין איז געווען געצוואונגען זיך צו רעטען אין אַ פירהויז. דאָרט איז שוין געשטאַנען אַ פריסטער, אַן אַלטער מאַן מיט ווייסע האָאר. איידער הערר מאַרין איז געוואָרען שטאַאטסראַט, האָט ער די פריסטער ניט ליעב געהאַט. יעצט אָבער, זייט אַ קאַרדינאַל האָט צו איהם העפליך גערעדט און ביי איהם געפרעגט אַן עצה אין עפּעס אַ שווערע פראַגע, האָט ער זיי נענומען בעהאַנדלען מיט דער גרעסטער אַכטונג. דער רעגען האָט נעגאָסען ווי אַ מבול און די ביידע מענער האָבען געמוזט ווייטער שטעהן אין פירהויז, אום ניט בעשפּריצט צו ווערען. הערר מאַרין, וועמען עס האָט שטענדיג געקיצעלט צו רעדען, און אויף זיין גרויסקייט אויפמערקזאַם צו מאַכען, האָט געזאָגט:

— איז דאָס אָבער אַ פּאַסקודנער וועטער, הערר אַבבע.

דער אַלטער פריסטער האָט זיך פאַרניינט:

— יאָ, מיין הערר. איבערהויפּט נאָך איז עס אונאַנגענעהם, ווען מען קומט בלויז אויף אַ פּאָאר טעג קיין פּאַריז.

— אַך, איהר זייט פון דער פּראָווינץ?

— יאָ, מיין הערר. איך בין דאַ נור פּאַרבייפאָהרענדיג.

— אַך, עס איז ווירקליך זעהר אונאַנגענעהם, ווען עס רעגענט די פּאָאר טעג, וועלכע מען פערברענגט אין דער הויפּט שטאָדט. מיר בעאַמטע, וועלכע וואָהנען דאָ אַ גאַנץ יאָהר, קוקען זיך אויף דעם אפילו ניט אַרום.

דער אַבבע האָט ניט געענטפערט. ער האָט אַרויסגעקוקט אין גאַס, וואו דער רעגען האָט געהאַט אַביסעל אויפגעהערט. פּלוצים האָט ער געפּאַסט אַן ענטשלוס, האָט אויפגעהויבען די פּאָלעס פון זיין לאַנגער דאָלמע, ווי די פרויען הויבען אויף זייערע קליידער

און זיך געלאָזט געהן צו דעם נאַסען טראָטואַר.

הערר מאַרין האָט איהם געזעהן אַוועקגעהענדיג און האָט אויס־גערופען:

— הערר אַבבע, איהר וועט ווערען פּיטש נאַס. וואַרט נאָך אַן אויגענבליק, עס הערט באַלד אויף.

דער אַלטער מאַן איז געבליעבען שטעהן אונזיכער און געזאָגט:

— איך האָב אָבער זעהר קיין צייט ניט. איך מוז זיך זעהר נויטיג מיט אימעצען טרעפען.

הערר מאַרין האָט געשיינט צו זיין אויסער זיך:

— איהר וועט דאָך אָבער ווערען אויסגעווייקט. קען איך פרע־גען אין וועלכער געגענד איהר געהט?

דער פּריסטער האָט געשיינט צו צעגערן, דאַן האָט ער געזאָגט:

— איך געה צו דעם פּאַלאַץ ראָיאַל.

— אַך, דאַן קען איך אייך בעשיצען אונטער מיין רעגענשירם, הערר אַבבע. איך געה אין דעם שטאַאטסראַט. איך בין אַ שטאַאטס־ראַט.

דער אַלטער פּריסטער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַנגעקוקט זיין שכן. דאַן האָט ער געזאָגט:

— איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר, הערר שטאַאטסראַט, איך נעהם אַן אייער שוץ מיט פערגעניגען.

דאַן האָט הערר מאַריז איהם גענומען אונטער'ן אָרעם און אַוועקגעשלעפּט מיט זיך. ער האָט איהם געפיהרט, געהיט, און אַלע ווײַלע אויסגערופען:

— גיט אַכטונג הערר אַבבע! פריהער פאַר אַלץ היט זיך פאַר די רעדער פון די וועגען! מאַנכעס מאָל פערשפּריצען זיי פון קאָפּ ביז די פיס. און דאַן גיט אַכטונג אויף די רעגענשירעמס פון די פאַרבייגעהער. עס איז נישטאָ קיין געפעהרליכערע זאַך פאַר די אויגען, ווי אָט אַזאַ מין רעגען־דאַך. איבערהויפּט די פרויען, זיי זיינען דערמיט שרעקליך אונפאָרזיכטיג. זיי קוקען ניט אויף קיין זאַך, זיי שטופען אייך שטענדיג דעם שפּיץ פון זייער זון אָדער רעגענשירם גלייך אין פּנים אריין. זיי רעכענען זיך נישט מיט קיין מענשען. ווירקליך, עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי די גאַנצע

שטאָדט וואָלט געהערען בלויז צו זיי אליין. אויף דעם טראָטואר פונקט ווי אויפ'ן מיטען, הערשען זיי גאַנץ אליין. איך דענק, אז זיי זיינען זעהר שלעכט ערצויגען געוואָרען.

און הערר מאַרין האָט זיך צולאַכט.

דער פריסטער האָט ניט געענטפערט· ער האָט געקוקט אונטער זיך און געזוכט די פלעצער, וואו דעם פוס ארויסצושטעלען, אזוי אז ער זאָל ניט איינגעצען ניט די שיך און ניט זיין לאנגען פריס־טערשען מאַנטעל.

הערר מאַרין האָט ווייטער גערעדט:

— איהר קומט אודאי אין פאַריז, אום זיך דאָ אביסעל צו אונטערהאַלטען?

דער אַלטער מאַן האָט געזאָגט:

— ניין, איך האָב דאָ עטוואָס צו טהאָן.

— אַך אזוי! עטוואָס וויכטינעס? קען איך אפשר וויסען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך? אויב איך קען אייך אין עפּעס נוצליך זיין, בין איך מיט פערגעניגען בערייט פאַר אייך צו טהאָן אַלעס וואָס איז נור אין מיינע קרעפטען.

דער פריסטער איז געוואָרען פאַרלעגען, ער האָט געשטאַמעלט:

— אַך, עס איז אַ פערזענליכע זאַך... אַ קליינע שווערינקייט מיט מיין בישאָף... עס איז אַ... אַ... אַ אינעווייניגסטע אַנ־געלעגענהייט פון... פון אַ ריין פריסטערליכען אַרט.

הערר מאַרין איז געוואָרען לעבעדיג:

— אָבער גראָדע דער שטאַאטסראַט פאַרנעהמט זיך מיט אזעל־כע זאַכען, ער דאַרף די דאָזיגע אַנגעלעגענהייטען איינאָרדנען. איך בעט אייך, פערלאָזט זיך אין דעם נאָנצען אויף מיר.

— יאָ, הערר שטאַאטסראַט. איך געה איצט גראַד אין דעם שטאַאטסראַט· איהר זייט זעהר לעבענסווירדיג. איך מוז זיך זעהן מיט דעם הערר לערעפער און הערר סאַוואַן און פיליבעט וועל איך אויך מוזען זעהן דעם הערר פעטיטפּאַס.

הערר מאַרין איז געבליעבען שטעהן, ווי צוגעשמידט צו זיין פלאַץ.

— אָבער דאָס זיינען דאָך מיינע פריינד, הערר אבבע. מיינע בעסטע פריינד. זיי זיינען אויסגעצייכענטע קאָלעגען, ליעבע מענ־שען. איך וועל אייך צו זיי אַלעמען דריי רעקאָמענדירען, ווארעם רעקאָמענדירען. איהר קענט זיך אויף מיר פארלאָזען.

און דער פריסטער האָט געדאַנקט, זיך פיעל מאָל ענטשולדיגט, און הערר מאַרין איז געווען גליקליך.

זיי זיינען געקומען אין שטאַאטסראַט. הערר מאַרין האָט דעם פריסטער אריינגענומען צו זיך אין ביוראָ, איהם דערלאַנגט א שטול, אוועקגעזעצט איהם נעבען פייער, דאַן האָט ער זיך אַליין געזעצט ביים שרייבטיש און גענומען שרייבען:

"מיין ליעבער קאָלעגע, ערלויבט מיר אייך צו רעקאָמענדירען א עהרווירדיגען, פערדיענטען פריסטער, הערר אַבבע.......

דאָ האָט ער זיך אונטערבראָכען און געפרעגט:

— קען איך וויסען אייער נאָמען?

— אבבע צעינטורע.

הערר מאַרין האָט ווידער גענומען שרייבען:

"הערר אבבע צעינטורע, וועלכער נויטיגט זיך אין אייער פער־מיטלונג אין א קליינער אַנגעלעגענהייט, וועלכע ער וועט אייך שוין אַליין ערקלעהרען. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט, פרעה איך זיך אויסצודריקען אייך, ליעבער קאָלעגע, מיין אַכטונג און . . . ."

דאָ האָבען געפאָלגט די איבעריגע העפליכקייטס פאָרמען. און נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעשריעבען דריי בריעף, האָט ער זיי איבער־געגעבען זיין נייעם שיצלינג, וועלכער איז מיט זיי אוועק, נאָכדעם ווי ער האָט טויזענד מאָל געדאַנקט.

* * *

הערר מאַרין איז אָבגעזעסען זיין צייט איז ביוראָ און דאַן זיך אומגעקעהרט צוריק אהיים. דער טאָג איז אוועק גאַנץ רוהיג, מאַרין איז געשלאָפען אין פריעדען, האָט זיך אויף מאָרגען אויפגעכאַפּט אין דעם בעסטען מוטה און זיך געהייסען ברענגען די צייטונגען.

צוערשט האָט ער געעפענט א ראַדיקאַלע בלאַט און איבער־געלעזען:

"אונזערע גייסטליכע און אונזערע בעאַמטע.

"ווידער און אָבער שטויסען מיר זיך אָן אויף דער גייסטליכקייט, וועלכע ערלויבט זיך אונגלויבליכע זאַכען. אַ פּריסטער מיט'ן נאָמען צעינטורע, וועלכער האָט אונטערגעגראָבען די בעשטעהענדע רע־גיערונג, וועלכער ווערט בעשולדיגט אין אַלערליי מיאוס'ע זאַכען, פון וועלכע עס ווילט זיך אָפּילו ניט רעדען, וועלכער שטעהט אויך אין פערדאַכט, אַז ער איז פריהער געוועזען אַ יעזואיט און איז איצט אַ פּראָסטער פּריסטער; אַ מאַן, וועלכען דער בישאָף האָט אראָב־געזעצט פון זיין אַמט פאר גרינדע, וועלכע מען קען אָפּילו ניט אָנריהרען אין דער עפענטליכער פּרעסע, און וועלכער איז גערופען געוואָרען קיין פּאריז, אום זיך צו פערענטפערען. האָט געפונען אַ הייסען פערטהיידיגער אין אַ געוויסען שטאַאַטסראַט מאַרין. דער דאָזיגער מאַרין האָט זיך ניט געשעהמט צו געבען דיעזען פערברע־כער אין פּריסטערשע קליידער רעקאָמענדאַציאָנען צו אַלע בעאַמטע פון דער רעפּובליק.

"מיר ווענדען דעם מיניסטער אויפמערקזאַם מאַכען אויף דער אונפערשעהמטער האַנדלונג פון דעם דאָזיגען שטאַאַטסראַט".

הערר מאַרין האָט אַ שפּרונג געטהאָן אין דער לופטען, זיך שנעל אָנגעטהאָן און איז אַנטלאָפען צו זיין קאָלעגע פּעטיטפּאַס, וועלכער האָט איהם געזאַגט:

— הערט אויס, איהר זייט הפּנים משוגע געוואָרען, מיר צו רעקאָמענדירען דעם אַלטען זינדיגען טייפעל!

און הערר מאַרטין האָט געשטאַמעלט שטאַרק צושראָקען:

— אָבער איך האָב גאָרנישט געמיינט. איהר ווייסט, איך בין געוועזען גענאַרט, בעטראָגען. ער האָט אויסגעזעהן אַזוי אַנשטענדיג. ער האָט מיך אויסגענאַרט, מיך שרעקליך פאַרפיהרט. איך בעט אייך, לאָזט איהם בעשטראָפען, שטרענג בעשטראָפען. איך וועל אַלעס אָנווענדען, טהאָן אַלע נויטיגע שריט, אום ער זאָל בעשטראָפט ווערען איך וועל געהן צום גענעראַל פּראָקוראַטאָר, צום ערצבישאָף פון פּאריז, יאָ, צום ערצבישאָף.

און גלייך האָט ער זיך געזעצט ביי דער הערר פּעטיטפּאַס שרייבטיש און אָנגעשריעבען:

— איך ערלויב מיר אונטערטהעניג אייער היילינקייט מיטצו־טהיילען, אז איך בין געפאלען אלס אָפּפער פון די אינטריגען און ליגענס פון א געוויסען אבבע צעינטורע, וועלכער האָט מיין פער־טרויען שענדליך אויסגענוצט. פארפיהרט פון די בעהויפטונגען פון דעם דאזיגען פריסטער האָב איך . . . . . . . . . . . .

ווען ער האָט דערנאָך דעם בריעף אונטערגעשריעבען און פאר־חתמ'עט, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין קאָלעגע און געזאָגט:

— איהר זעהט, ליעבער פריינד, היט זיך ווי פאר פייער, וועמען עס איז צו רעקאָמענדירען.

* * *

# די אַלטע מויד.

---



ראַף עסטאַשע ד'עטשעגאריי'ס איינזאַמער גוט האָט אויסגעזעהן, ווי די היים פון אַן אָרימאַן, וואו די מענשען האָבען ניט אַלע טאָג גענוג צו עסען און וואו די פלאַשען ווערען אָפטער אָנגעצאַפט מיט וואַסער ביים פלאַמפ, ווי מיט ויין פון קעלער און וואו מען וואַרט ביז עס ווערט גאַנץ פינסטער איידער מען צינדט אָן ליכט.

עס איז געווען אַן אַלטע, העסליכע געביידע: פון די ווענט האָבען זיך געשאָטען שטיקער, דער אייזערנער פאָרקאַן איז געווען אויפגעפרעסען פון זשאַווער, די צובראָכענע שויבען זיינען געווען פאַרקלעפט מיט אלטע צייטונגען, אָבער די פאַמיליען־פאָרטרעטען, וועלכע זיינען געהאָנגען אויף די ווענט, האָבען געציינט, אַז ניט האָרעפּאַשנע ערד־אַרבייטער, ניט קיין פאַרהאָרעוועטע פון שווע־רער פראַצע געבליבענע פאַבריק־אַרבייטער זיינען געווען די בעל הבית'ים פון דעם דאָזיגען האַלב איינגעפאַלענעם הייזעל. גרויסע פערצווייגטע עלם־בוימער האָבען זי פאַרשטעלט ווי מיט אַ הויכער גרינער וואַנט און אַ גרויסער גאָרטען פול מיט בוימער פון ווילדע ראָזען, מיט צוואָוואָרפענע פלאַנצען און קרענקליכע גרינסען, וועל־כע זיינען האַלב פאַרוועלקטע אַרויסגעקומען פון דער טרוקענער, זאַמדיגער ערד אַרויס, האָט זיך געצויגען ביז צום ברעג פון טייך.

פון הויז אַרויס האָט מען געקענט הערען דעם איינטאָניגען הור־זשען פון דאָס וואַסער, וועלכע איז מאַנכעס מאָל געווען געל און האָט זיך האַסטיג געטראָגען צום ים צו. אָבער באַלד, עפּעס ווי פון אַ גע־היימער קראַפט געטריבען, האָט עס גענומען פליסען צוריק צו דער שטאָדט צו, וועלכע האָט זיך געזעהן פון ווייטען מיט איהרע שפּי־ציגע טורעמס, איהרע קאַזאַרמעס, איהרע פאַראַנקערטע שיפען ביים

ברעג און איהר פעסטונג, וועלכע איז געשטאנען אויף דעם שפיץ פון א בארג.

א שטארקער ים גערוך האט זיך געטראגען פון ברעג, אויסגע־מישט מיט דעם גערוך פון סאסנאווע קלעצער און פון די גרויסע נעצען, וואס האבען זיך געטריקענט אויף דער זון.

קיינער האט נישט געוואוסט פאר וואס האט הערר ד'עטשע־גאריי, וועלכער איז אין אלגעמיין געווען א גאנץ לעבעדיגער מענש, זיך בעגראבען אין דעם דאזיגען איינזאמען ארט, נעבען דעם שטוי־ביגען וועג פונ'ם דארף באקאו, וואס איז געלעגען נים ווייט פון א שטאדט, וואו די סאלדאטען האבען פערבראכט זייערע זונטאגען, טרינקענדיג וואסערדיגען וויין אין די שענקען און שטעהענדיג מיט די מיידלאך.

קיינער האט נים געוואוסט וואס פאר א געהיימע אורזאכע האט איהם געצוואונגען צו פארקויפען זיין פאלאץ אין בעיאו, וועלכער האט זיך געפונען נים ווייט פון'ם בישאף'ס פאלאץ און אויף אזא אויף'ן פערצאורטיילען זיין טאכטער, א ניינצעהן־יאהריג מיידעל צו אזא אומעדיגען, איינזאמען, פוסטען לעבען, ווי דאס לעבען פון א נאננע. די מעהרסטע מענשען האבען געזאגט, אז ער האט פערלא־רען גרויסע סומען געלד אין אונזיכערע ספעקולאציעס און אויף אזא אופן גע'פטר'ט זיין אייגענס און פערלארען דעם קרעדיט. זיי האָ־בען זיך געוואונדערט צו ער האט נאך אלץ געבענקט נאך דער צאר־טער איידעלער פרוי, וועלכע איז ביי איהם געשטארבען איין מאל אז אבענד נאך יאהרען פון קרענקען און ליידען. זי איז אויסגעגאנ־גען ווי א לאמפ, ווענעם אויל עס איז אין גאנצען פערברויכט גע־ווארען. האט ער געזוכט רוהה און פארגעסענהייט אויף דעם שוים פון דער נאטור? אבער ווי האט ער זיך געקענט צופריעדען שטע־לען מיט אזא לעבען — מיט די שלעכטע עסענס, דער אונציכטיגער, אבגעלאזענער הויז־העלטעריין און מיט די אבגעקראכענע, אבגע־ניצטע קליידער, וואס ער האט געמוזט טראגען?

זיינע פיעלע קרובים זיינען אנהויב געווען אונרוהיג וועגען דעם, האבען פרובירט איהם אויסהוילען פון זיין מעלאנכאליע און איהם שטארק צוגערעדט עפעס צו טהון. אבער אזוי ווי ער איז גע־

ווען איינגעשפּאַרט, האָט זיי אויסגעמידען און מיט שטאָלץ ענט-
זאָגט זיך פון זייער פריינדליכער הילף, האָבען זיי איהם ביסלעכ-
ווייז פערלאָזען און אַפילו זיינע אייגענע ברידער האָבען זיך פון
איהם ענטזאָגט. זייער גאַנצע ליעבע איז איצט אַריבער צו דאָס
אָרימע קינד, וועלכע האָט מיט איהם פערבראַכט אין איינזאַמקייט
און האָט אַריבערגעטראָגען איהר עלענדען לעבען מיט דער אויפ-
אָפּפערונג פון אַ הייליגער. אַ דאַנק זיי האָט זי זיך צייטענווייז
אַרויסגעריסען פון איהר געפאַנגענשאַפט כדי צו האָבען אַ ביסעל
פערגעניגען, איז נישט געווען געקליידעט ווי אַ בעטלערקע און האָט
ווען ניט ווען געקריגען איינלאַדונגען צו אַ באַל, אַ קאַנצערט, אַ טע-
נים שפּיעל. פאַר די דאָזיגע פערגעניגענס איז דאָס מיידעל איהרע
קרובים געווען זעהר דאַנקבאַר, הגם זי האָט געפיהלט, אַז עס וואָלט
פאַר איהר אַ סך גלייכער געווען, ווען זיי זאָלען איהר איבערלאָזען
אין דער היים צו איהר טרויעריגען שיקזאַל, דען דאַן וואָלט דאָס
לעבען ניט געוועקט אין איהר קיין חלומות, קיין בענקעניש, קיין
האָפנונגען, וואָלט ניט געוועקט אין איהר די יוגענד און ניט דער-
מאָנט איהר אַן איהר שטאָלץ.

מיט איהר טיעף פיהלענדער און שטאָלצער נאַטור האָט זי גע-
פיהלט, אַז זי ווערט אין געזעלשאַפט ניט בעהאַנדעלט פונקט אַזוי ווי
אַלע אַנדערע, אַז מענשען ווייזען איהר אַרויס אָדער צופיעל מיט-
לייד אָדער צופיעל גלייכגילטיגקייט, אַז אַלע ווייסען וועגען איהר
לעבען, איהר ניט פערדיענטער אָרימקייט און, אַז אין די פאַל-
דען פון איהר קלייד דערשמעקען זיי דעם שימעל פון איהר היים.
און אויב זי איז געווען בעוועגט און פרעהליך ווען זי האָט איהר
הויז פערלאָזען, אויב אַ געהיימע האָפנונג האָט איהר האַרץ אָנגע-
פילט, אַ שמייכעל אויף איהרע ליפּען בעוויזען, אַ פייערעל אין איה-
רע אויגען אָנגעצונדען ווען זי איז פון טויער אַרויס און די פערד האָ-
בען זי אוועקגעטראָגען מיט אַ שנעלען גאַלאָפּ אין שטאָדט אַריין, דאַן
איז זי, ווען זי איז אַהיים געקומען, געווען אַלץ טרויעריגער, אַלץ אונ-
מוטיגער, אַלץ עלענדער. דאַן פלעגט זי זיך פערמאַכען אין איהר צי-
מער און בעשולדיגען זיך אַליין, פאַר וואָס זי קען זיך ניט האַלטען,
אַזוי ווי איהר פאָטער, קאַלט און שטאָלץ און האָט ביי זיך יעדעס מאָל

אבגעמאכט זיך צו דערווייטערען פון איהרע קרובים און זיי ביס־לעכווייז צווינגען איהר צו פערלאזען, ווי מען פערלאזט א קראנקען אין א שפיטאל, ווען ער איז אונהיילבאר און מוז שטארבען.

און וואס עלטער דער גראף איז געווארען אלץ ווייניגער איז געווען וואס צו עסען אין דעם קליינעם הייזעל און אלץ שווערער און ביטערער איז דארט דאס לעבען געווארען. טאמער איז געבליבען א ברעקעל ברויט אויף'ן טיש, טאמער האט מען דערלאנגט עפעס אן עקסטרען געריכט, אדער זי האט אריינגעפלאכטען א שטיקעל לענ־טע אין די האר, איז ער איהר בעפאלען מיט בעליידיגונגען, מיט שרעקליכע פארווירפע, מיט סטראשונקעס, ווי א משוגענער. הערר ד' עטשעגאריי האט אבגעזאגט דעם בעדיענטען און אריינגענומען א הויז־העלטעריו, וועמען ער האט אין זינען געהאט אויסצוצאהלען איהר געהאלט ביסלעכווייז אין קליינע סומען און ער האט גענומען אליין געהן אין מארק אריין מיט א קאשעק אין די הענד.

ער האט פערשלאסען יעדען ברעקעל שפייז, פלעגט איבערצעהלען יעדען שטיקעל צוקער און יעדען קויהל און האט זיך אויפגעהאלטען א גאנצען טאג אין א גרויסען צימער, וועלכער האט אמאל געדינט אלס זאאל. מאנכעס מאל פלעגט ער זיין פריינדליכער ווי געוועהנ־ליך און געמאטערט פון עפעס א בייזען געדאנק פלעגט ער זאגען צו דער טאכטער מיט א ציטערנדער שטימע: „דו וועסט ביי מיר קיין מאל ניט פרעגען קיין רעכנונגען, ניט אמת? דו וועסט ביי מיר קיין מאל ניט פאדערען דיין מוטער'ס פערמעגען?„

זי האט עס איהם צוגעזאגט, האט איהם ניט געמאטערט מיט קיין פראגען, מיט קיין פארווירפע און זיך קיין מאל ניט בעקלאגט. נור קוקענדיג אויף איהרע שוועסטער־קינדער, וועלכע זיינען געווען רייך און האבען געוואקסען גליקליך און צופריעדען אין גוטע אומ־שטענדען, איז א שען הויז צווישען וואונדער־שענע אלטע מעבעל, זיכער געליעבט צו ווערען און צו הייראטען ווען עס איז, האט זי זיך אליין געפרעגט, פארוואס דער שיקזאל איז אזוי שלעכט צו מאנכע מענשען און אזוי גוט צו אנדערע, און וואס אזוינס זי האט גע־טהאן, וואס זי האט פארדיענט אזא ביטער מזל.

מאריע ד'עטשעגאריי, הגם זי איז ניט געווען קיין פארשוין

האט דאך געהאט דעם חן פון דער יוגענד און אלע האבען זי ליעב געהאט. זי איז געווען הויך און שלאנק ווי א ליליע מיט העלע, ליכטיגע, זיידענע האאר און אויגען פון אן אונבעשטימטען טונקע־לען קאליר, וועלכע האבען ווי א שפיגעל אמאל אבגעשפיעגעלט די גרינקייט פון בלעטער, אז אנדער'ס מאל זיינען זיי געווען ווי ווייאלעט אבער מעהרסטענס טהייל זיינען זיי געווען שווארץ און וויך ווי סאמעט. איהר גאנצע ערשיינונג האט געהאט אין זיך עטוואס קינדערשעס און נאך עפעס וואס לאזט זיך ניט בעשרייבען, וואס איז אבער געווען אנגענעהם, סימפאטיש און ליעב.

זי האט געלעבט שטיל און עהרליך, האפענדיג צו געפינען א מאן, וועלכער וועט איהר געבען זיין נאמען, איז אויסגעשטאנען פיעלע נסיונות און האט איינגעהאלטען א גוטען עהרליכען נאמען.

ווען זי איז אלט געווארען איין און צוואנציג יאהר האט מאריע ד'עטשעגאריי זיך פערליעבט און איין איהרע שענע, דונקעלע, אונ־רוהיגע אויגען האט זיך צום ערשטען מאל אנגעצונדען א פייער'ל פון פער'חלומ'טען גליק. א מאן האט זי באמערקט; האט געטאנצט מיט איהר אפטער, ווי מיט אלע איבעריגע מיידלאך, גערעדט צו איהר מיט א שטיל קול, זיך נאכאנאנד ארום איהר ארומגעדרעהט און זי אזוי צונומען, אז זי איז רויט געווארען ביז איבער די אויערן, אזוי שנעל ווי זי האט זיין שטימע דערהערט.

זיין נאמען איז געווען אנדרע דע געדרע; ער האט זיך נור וואס געהאט צוריקגעקעהרט פון סענעגאל, וואו ער האט עטליכע מאנאטען טאג טעגליך זיך געשלאגען מיט זיינע חיל אין דער וויס־טעניש, פאר וואס ער איז בעלאהנט געווארען מיט די עפאלעטען פון א לייטענאנט.

זיין פנים איז געווען לאנג, ברוין, פון דער זון פערברענט, זיינע ברייטע שולטערן האבען זיך עפעס ניט אריינגעפאסט אין דעם אפיציערסקען ראק, וואס האט זיי ענג ארומגעכאפט און זיינע ארעמס, וועלכע זיינען געוואהנט געווען צו קלאפען רעכטס און לינקס האבען זיך אין די ענגע ארבעל געפיהלט ווי אין קארסעטען. אין אלגעמיין האט ער אויסגעזעהן ווי א ים רויבער פון די אלטע צייטען.

ער האט געהערט צו א ראסע פון בוקאנירען אדער העלדען, עס האט זיך בלויז געווענדט אז דעם ווי דער ווינד האט געבלאזען. ער איז געווען איז חובות איבער'ן קאפ און איז געווען געצוואונגען צו פארזעצען די לעצטע פאאר אקערלאנד, וועלכע ער האט נאך פערמאגט פאר א סך אונטער זייער ווערטה. אבער ניט קוקענדיג אויף דעם האט ער איינגעהאלטען זיין שטעלונג און געשפיעלט א געוויסע ראלע אין זיין קרייז. ער האט זיך קיין מאל ניט אונטער־געגעבען, האט קיין מאל ניט געוויזען די קלעפ, וואס ער האט גע־קריגען און געלעבט מיט דער האפנונג, אז אלעס וועט זיך ענדערן, דערווייל האט ער געזוכט קראפט און מוט אין די לאסקעס פון פרויען.

מאריע ד'עטשעגאריי האט איהם אויסגעוויזען צו זיין א שפיעלצייג מיט וועלכער ער קען זיך שפיעלען ווי נור ער וויל. זי האט געהאט אין זיך דעם חן פון אונרייפע פרוכט; ער האט זי גוט פערשטאנען און געוואוסט, אז זייענדיג שטענדיג אליין און סענטי־מענטאל, ווי זי איז געווען, וועט זי ניט לאנג קענעןביישטעהן זיי־נע אטאקעס און וועט גאנץ גיך זיך מוזען אונטערגעבען צו זיין ווילען. און ווען זי וועט איהם דערעסען און ער וועט איהר אוועק־ווארפען, וועט זי איינבויגען איהר קאפ פאר דאס אונפערמיידליכע, וועט איהם ניט מאכען קיין סצענעס, איהם נישט פערפאלגען און זיך נישט שטעלען איהם אין וועג.

און ער האט פערשפרייט ארום איהר א נעץ מיט זיין גוטס־קייט און פריינדליכקייט און ביסלאכווייז זי אלץ מעהר און מעהר צו זיך צוגעצויגען. ער האט אין גאנצען געוואונען איהר הארץ און איהר צוטרויען און געקראגען אויף איהר אזא איינפלוס. אז הגם ער האט פון איהר גארנישט פערלאנגט און איהר גארנישט צוגע־זאגט, דאך האט זי געטהאן אלס נור ווי ער האט געוואלט.

נאך מיט א צייט צוריק, איידער הערר דע גערדע האט גע־רעדט צו איהר פון ליעבע, פון ליידענשאפט, האט איהר געמאכט וועלכע ניט איז פערשפרעכענס, וועלכע וואלטען געקענט ארויסרו־רופען צווישען זיי א נאהנטקייט, האט שוין מאריע ד'עטשעגאריי אויפגעדעקט פאר איהם דעם סוד פון איהר הארצען. זי האט עס

געטהאָן מיט דער אָפענהערציגקייט פון אַ קינד, וועלכעס דענקט ניט, אַז עס טהוט עטוואַס שלעכטעס און קען ניט בעהאַלטען איהרע געדאַנקען, איהרע טרוימען, איהר טיעפע ליעבע. איצט האָט זי שוין מעהר נישט געפיהלט דעם שרעק פאַר'ן לעבען, וועלכער האָט זי ביז אהער געמאַטערט. זי האָט זיך שוין מעהר ניט געפיהלט איינזאַם, אַליין, ווי זי האָט זיך פריהער געפיהלט — אַזוי אַליין, אַזוי פערלאָרען אפילו צווישען איהרע אייגענע מענשען, אַז אַלעס אַרום איז איהר געווען גלייכגילטיג.

עס איז איהר געווען אַנגענעהם, אַזוי בערוהיגענד צו ליעבען און צו דענקען, אַז זי ווערט געליעבט. צו האָבען פאַר זיך אַ צוקונפט און אַ געהיימע פערבינדונג מיט אַן אַנדער האַרץ. זיך פאַרצושטעלען, אַז ער דענקט וועגען איהר אין דערזעלבער צייט, ווען זי דענקט וועגען איהם, זיך צו שטעלען אין גאַנצען אונטער זיין שוץ, צו פיהלען זיך אַזוי אונגליקליך יעדעס מאָל, ווען זי פערלאָזט איהם און זיין אַזוי איבערגליקליך יעדעס מאָל, ווען זיי טרעפען זיך ווידער.

זי האָט איהם געשריעבען לאַנגע בריעף, וועלכע זי האָט ניט געוואַגט אַוועקצושיקען, ווייל זי איז געווען שעמעווודיג און האָט מורא געהאַט ער זאָל ניט לאַכען פון איהר. אָבער זי איז אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג אַ פרעהליכע און געזונגען ווי אַ לערכע־פויגעל, וואָס איז פער'שכור'ט פון דער זון, אַזוי אַז הערר ד'עטשעגאַריי האָט זי גאַרנישט דערקענט.

אין גיכען האָבען זיי גענומען האָבען צוזאַמענקונפטען! ערגעץ אין אַ פערלאַזענעם פּלאַץ, האָבען זיך געטראָפען אויף אַ פּאָאַר מינוטען אין די דורכגאַנגען פון קירכע און הינטער דער פעסטונג, אָדער אויף דער פראָמענאַדע פון די מאַרינע אַלעען, וועלכע זיינען אימער געווען פינסטער, צוליעב די געדיכטע, פערצווייגטע בוימער.

און צום סוף איין מאָל אַן אָבענד אין יוני, ווען דער הימעל איז אויסגעשטערענט מיט מיליאָנען שטערנ'דלאַך, איז הערר דע גערדע אַריין אין דעם גרויסען, פערנאַכלעסיגטען גאָרטען.

מאַריע האָט אויף איהם געוואַרט אויף אַ שטילען וועג מיט עלם־בוימער פון ביידע זייטען. זי האָט זיך צוגעהערט צו דעם

קלענסטען געראויש, געקוקט אויף די פערמאכטע פענסטער פונ׳ם הויז און שיער נישט גע׳חלש׳ט פאר שרעק פונקט אזוי ווי פאר גליק. זיי האבען גערעדט מיט א שטיל קול. זי איז געגאנגען נאהנט נעבען איהם; ער האט געמוזט הערען דאס קלאפען פון איהר הארצען, און וועלכען ער האט אריינגעוואָרפען די ערשטע זוימען פון ליעבע. ער האט זי ארומגענומען, זי צוגעדריקט צו זיך מיט צערטליכקייט, ווי זי וואלט געווען א קליין פויגעלע, וועמען ער האט מורא וועה צו טהאן, אבער וועלכע ער וויל נישט זאל אנטלויפען.

זי האט ניט געוואוסט מעהר וואס זי טהוט, זי האט זיך איין גאנצען פערלאָרען אין א געפיהל פון העכסטען גליק. זי האט זיך געטרייסעלט און איהר גאנצער קערפער האט זיך אנגעצונדען ווי מיט א העליש פייער און דאס בלוט האט היים געשטראמט דורך די אדערן. זי האט ניט געהאט די קראפט זיך צו וועהרען, איז ניט געווען אומשטאנד צו טהאן איין טראט און אינסטינקטיוו האט זי אנגעשפארט איהר קאפ אויף אנדרע׳ס שולטערן. ער האט גע־קושט איהרע האאר, בעריהרט דעם שטערן מיט זיינע ליפען און דערנאך איינגעזויגט זיך אין איהרע ליפען. דאס מיידעל איז פער־שטארבען אין זיינע ארעמס אונבעוועגליך און ציטערענדיג מיט אויגען פול מיט טרערען.

צוויי מאנאטען נאכאנאנד איז ער געקומען צו איהר כמעט יע־דען אבענד. זי האט ניט געהאט דעם מוטה איהם אבצושטויסען אדער צו רעדען מיט איהם ערנסט וועגען דער צוקונפט. אבער ביי זיך אין הארצען האט זי זיך געוואונדערט, און ניט געקענט פאר־שטעהען, פארוואס ער בעט ניט ביים פאטער איהר האנד, ווי ער האט עס איהר צוגעזאגט נאך מיט א צייט צוריק. ביז איין מאל א זונטאג, ווען זי איז געגאנגען מיט איהרע שוועסטער־קינדער פון קירכע, האט מאריע דערהערט דעם פאלגענדען געשפרעך פון א גרופע אפיציערען צווישען וועלכע אנדרע איז געשטאנען. ער איז געווען דער רעדנער:

— אה ניין! — האט ער געזאגט — איהר האט אין גאנצען א טעות; איך וואלט קיינמאל ניט געטהאן אזא נארישקייט. א

מאן ווי איך האט ניט חתונה מיט א מיידעל אהן א סענט: אזא מאן מאכט אזא מיידעל פאר זיין געליעבטע.

דאס אונגליקליכע מיידעל האט זיך באהערשט, גלייך מיט אלעמען איז זי אוועק ווייטער, ביז זי איז צוגעקומען צו דער דיענסט, וואס האט זי געראפט בעגלייטען צו איהר אהיים. אבער איהר הארץ איז צוריסען געווארען, ווי פון א גרויסען אונגליק. די דאזיגע אונערווארטעטע שטיקעל נייעס האט זי געמאכט ערנסט קראנק און וואכען נאכאנאנד איז זי געלעגען אין א שרעקליכען פיבער צווישען לעבען און טויט. ווען זי האט אין א צייט ארום זיך גענומען אביסעל בעסערען און א קוק געטהאן אויף זיך אין שפיע־געל, האט זי דערזעהן פאר זיך א שאטען פון דער פריהערדיגער גוטמוטהיגער מאריע.

איהרע אויגען זיינען געווען אויסגעלאשען, איהרע באקען בלייך און איינגעפאלען און אין איהרע ליכטיגע זיידענע האאר האבען זיך געזעהן ווייסע פאסען. פארוואס איז זי ניט געשטאר־בען פון איהר קראנקהייט? פארוואס האט דער שיקזאל איהר גע־שטעלט אין אזא נסיון און נאך אונגליקליכער געמאכט איהר ארעם לעבען מיט ענטוישטע האפנונגען?

אבער ווען די דאזיגע פראטעסטירענדע געפיהלען זיינען ארי־בער, האט זי אלעס אנגענומען פאר ליעב, האט פארטריבען אלע חלומות פון איהר קאפ, אלע האפנונגען פון איהר הארצען און זיך געסטארעט צו פארגעסען אלעס, אלעס, וואס האט זיך איינגעקריצט אין איהר נשמה. און א דיקען שווארצען שלייער האט זי אויס־געשפרייט צווישען זיך און דער פערגאנגענהייט.

איצט האט זי מעהר קיינמאל ניט שפאצירט אין גארטען, ניט געגאנגען צו קיין אונטערהאלטונגען און געוואלט זיך דערשטיקען מיט די אייגענע הענד. ווען געגען איהר אייגענעם ווילען, האט זי ווען עס איז זיך דערמאנט אן איהר פריהערדיגען גליק, און ווען א געפיהל פון בענקעניש האט זיך אויפ׳ס ניי ביי איהר ערוועקט.

אזוי זיינען אוועק פיער יאהר, וועלכע האבען אין גאנצען פער־ניכטעט איהר פריהערדיגע שענקייט. זי האט שוין געקריגען די פיגור און די האלטונג פון אן אלטער מויד, ווען איהר פאטער איז

פלוצים געשטארבען. דער אדוואקאט, וועלכער איז גלייך געררופען געווארען, האט גענומען זוכען אין די שאפעס, אין די קאמאדען, האט איבערגעקעהרט אלע שופליאדען און צום סוף האט ער גע־פונען א מאסע ווערטהפאלע פאפירען, באנק־נאטען און גאלד, וועל־כע גראף ד'עטשעגאריי האט יאהרען לאנג געקליעבען און בעהאל־טען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז פריילין מאריע ד'עטשעגאריי, וועלכע איז געווען זיין איינציגע יורש'טע, האט געקראגען א פער־מעגען, וואס האט אריינגעבראכט פופציג טויזענד פראנק א יאהר.

די דאזיגע נייעס האט זי אויסגעהערט רוהיג און קאלט, דען וואס פאר א בעדייטונג האט איצט פאר איהר געהאט דער רייכטום און וואס האט זי געקענט טהאן מיט איהם? דער ים טרערען, וואס זי האט פארגאסען, האבען איהר געעפענט די אויגען און דאס הארץ. וואס איז געווען צו טיעף פערוואונדעט, האט שוין איצט ניט געקענט מעהר ניט האפען און ניט גלויבען. עס איז אויף איהר אנגעפאלען א מעלאנכאליע ביים געדאנק, אז איצט וועלען די מע־נער זיך צו איהר א לאז טהאן פון אלע זייטען, צו איהר, וועלכער זיי האבען אויסגעמיעדען, ווי א צרעת. מיט אונגעדולד וועלען זיי נאכלויפען נאך איהר געלד, און איצט, ווען זי איז אבגעלעבט און מיאוס און מיעד פון אלעס און אלעמען, וועט זי האבען גע־נוג חתנים, וועמען אבצוזאגען. און אפשר וועט ער אליין נאך אויך צוריקקומען. צוגעצויגען פון דער גרויסער סומע געלד, ווי א יאסטרעב וואס לויערט אויף זיין רויב. ער וועט פרובירען אויפ־לעבען דאס פערלאשענע פייער, אויפבלאזען דארט נאך א טליהענ־דען פונק און זוכען פערצייהונג פאר זיין פריהערדיגע פאלשקייט.

אך! מיט וואס פאר א פערגעניגען וואלט זי ארויסגעווארפען די דאזיגע טויזענדער אין גאס ארויס, צו די אבגעריסענע בעט־לער, אדער עס פארטהיילט צווישען די יעניגע, וואס ליידען פון הונגער און קעלט און וואס האבען ניט קיין היים און קיין דאך איבער'ן קאפ!

און ווירקליך איז זי אין גיכען געווארען דאס ציעל־ברעט, צו וועלכען אלע האבען געשטרעבט. און די וואס האבען פריהער איהר

אָפּען אַרויסגעצייגט זייער פּעראַכטונג, האַבען נאָך מעהר פון אַלע אַנדערע זיך איצט גענומען יאָגען נאָך איהר.

עס האָט ניט פיעל גענומען און הערר דע גערדרע איז, ווי זי האָט פריהער פּאַראויסגעזעהען, געווען אין די רייהען פון איהרע חתנים. עס האָט איהר וועה געטהאָן צו זעהען איהם, ווי ער איז צוריקגעקומען צו איהר אַן ערניעדריגטער מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ און איז איהר געלעגען צו די פּים און ווידער געשפּיעלט אַ קאָמעדיע. מיט אַלע קרעפטען האָט ער זיך געמאַטערט זי איבערצורעדען און ווידער צו געווינען דאָס האַרץ, וואָס איז אַמאָל געווען אין גאַנצען זיינע און וועלכע איז איצט געווען פאַרשלאָסען פאַר איהם.

און מאַריע ד'עמשעגאַריי האָט איהם געליעבט אַזוי טיעף, אַז זיינע בריעף אין וועלכע ער האָט דערמאַנט די פערגאַנגענהייט און צוריק אַרויסגערופען די עראַינערונגען פון זייער ליעבע, זייערע קורשען, זייערע טרוימען, האָבען געגען איהר אייגענעם ווילען ווייכער געמאַכט איהר פאַרשטיינערט האַרץ. עפּעס אַ ליכטיגער פּאַס האָט זיך דורכגעריסען דורך איהר מורא'דיגער טרויעריגקייט, ווי דער אָבגלאַנץ פון אַ פייער, וועלכער באַלייכט פון ווייטען אויף איין מינוט דעם פינסטערן קעמערל פון אַ געפענגניש.

ער אַליין איז געווען אָרעם און האָט ניט געוואָלט — אַזוי האָט ער געזאָגט — זי אַריינשלעפּען אין אַ לעבען פון אָרימקייט און דחקות. זי האָט אַ טראַכט געטהאָן פאַר זיך אַליין, אַז אפשר איז ער געווען גערעכט. און ווי אַן איבערגעגעבענע מוטער אָדער אַן עלטערע שוועסטער, וועלכע מאַכט צו די אויגען און די אויערען אויף אַלעם און אויף אַלעמען, בערייט אימער און אַלעם צו פאַרגעבען — האָט זי איהם מוחל געווען. זי האָט געזוכט אַלעם צו פאַרגעסען און געדענקען בלויז די פּאָאַר מאָנאַטען פון ליעבע, צערטליכקייט, פול גליק, און אַז ער איז געווען דער ערשטער און דער איינציגער מאַן, וועלכער האָט אין פערלויף פון איהר גאַנצען אונגליקליכען, פערלאָרענעם לעבען, איהר געגעבען אַ ביסעלע פרייד, אַ קורצען טרוים, און זי געמאַכט גליקליך, יוגענדליך און פול מיט ליעבע.

ער איז געווען גוט צו איהר און זי וועט זיין צו איהם נאך טויזענד מאל בעסער. זי האט זיך בעשלאסען צו ווערען זיין וואהל־טעטעריין און דאס האט זי ווידער גליקליך געמאכט. זי האט גע־פיהלט, אז אפילו ער, מיט זיין שלעכט הארץ, וועט אויך מוזען ווערען גערידרט און מיט דאנקבארקייט וועט ער אנעהמען דעם אפפער פון א פרוי, וועלכע האט ווי פיעלע אנדערע איהם געקענט אומקעהרען שלעכטעס פאר שלעכטעס. אבער זי האט בעסער אויס־געקליבען צו זיין צו איהם גוט און מוטערליך נאכדעם ווי זי האט איהם אמאל ליעב געהאט.

און דער דאזיגער בעשלוס איהרער האט איהר אין גאנצען אומגעענדערט און אויף א געוויסער צייט איהר צוריקגעגעבען עט־וואס פון איהר פארשוואונדענער יוגענד. און כדי צו אנטלויפען פון איהר אייגען הארץ, פון א נייעם נסיון, איז זי, ווי אן אמת'ע הייליגע אוועק אין דעם קארמעליטען קלויסטער און אלעס וואס זי האט געהאט, האט זי געזעגנליך איבערגעשריבען אויף דעם נאמען פון הערר דע גערדרע.



# די האָר.



י ווענט פונ'ם קעמערל זיינען געווען היילע, נאקעטע מיט קאלך באשמירט. א שמאל פענסטערל מיט גראטעס גאנץ הויך פון אויבען, אזוי, דאס מען זאל צו איהם ניט קענען צוקומען, האט בעלויכטען דעם העלען, קלאהרען און דאך אומעדיגען צימער. און דער גייסטיג-קראנקער, וועלכער איז געזעסען אויף א שטוהל מיט א שטרייענעם זיץ, האט אויף אונז אויסגעגלאצט א פאאר שטארע, אונזיניגע, פון משוגעת געקוועלטע אויגען. ער איז געווען זעהר מאגער, האט געהאט איינגעפאלענע באקען און כמעט ווייסע האאר, אבער עס איז קענטיג געווען, אז זיי זיינען נור אין א פאאר מאנאטען וויים געווארען. זיינע קליידער האבען געשיינט צו זיין ברייט פאר זיינע אויסגעדארטע גליעדער, פאר דער איינגעפאלענער ברוסט, דעם אויסגעטריקענטען לייב. עס האט זיך געפיהלט, אז עפעס א פיקס - אידעע, א משוגענער געדאנק פרעסט אויף דעם דאזיגען מענשען, ווי א ווארעם טאטשעט א פרוכט. אין זיין הייסען קאפ האט זיך איינגעגעסען דער פארצעהרענדער, קוועלענדער געדאנק, וואס האט ביסלאכווייז זיין קערפער אויפגעפרעסען. דער דאזיגער אונפאסבארער, אונזיכטבארער, אונפיהלבארער געדאנק האט צופרעסען זיין פלייש, אויסגעזויגען זיין בלוט, און האט איהם אין קבר געטריעבען.

וואס פאר א מאדנער רעטעניש איז דיעזער מאן, וועמען א טרוים האט געטויטעט. קוקענדיג אויף דעם דאזיגען קראנקען האט מען געפיהלט מיטלייד, אנגסט און פיין. וואס פאר א זעלטענער שרעקליכער, בייזער טרוים האט זיך בעזעצט הינטער זיין שטערן, אין וועלכען ער האט טיעפע קנייטשען איינגעגראבען, קנייטשען וואס האבען זיך אהן אויפהער בעוועגט.

דער דאקטאר האט צו מיר געזאגט:

— ער האט מורא'דיגע אנפעלע. ער איז איינער פון די זעל־טענסטע קראנקע, וואס איך האב ווען עס איז געטראפען. ער ליידעט פון עראטישער משוגעת. צום גליק האט ער געשריעבען א טאגעבוך, וועלכער מאכט אונז זיין קראנקהייט פאלשטענדיג קלאהר. איך וואלט געזאגט, אז זיינע ליידען קען מען דארטען אנ־טאפען מיט די הענד. אויב עס אינטערסירט אייך, קענט איהר עס דורכלעזען.

איך בין אוועק מיט'ן דאקטאר אין זיין צימער. ער האט מיר געגעבען דעם טאגעבוך פון דעם אונגליקליכען קראנקען און האט דערביי געזאגט:

— לייענט עס איבער און זאגט מיר, וואס איהר דענקט דער־פון.

אט וואס עס איז געשטאנען אין דעם העפט:

* * *

ביז צו מיין צוויי און דרייסיגסטען יאהר האב איך געלעבט גאנץ רוהיג אהן וועלכער ניט איז ליעבע. דאס לעבען האט מיר אויסגעוויזען איינפאך, גוט און לייכט. איך בין געווען רייך, פיעל פערשיעדענע זאכען האבען מיר פערגעניגען פערשאפט, אבער צו קיין איינציגער זאך האב איך ניט געפיהלט קיין גרויסע ליידענ־שאפט. אך, איז דאס לעבען שען געווען! א גליקליכער האב איך אין דער פריה ערוואכט אום צו טהאן נור דאס, וואס מיר איז אנגענעהם. א צופריעדענער האב איך זיך געלייגט שלאפען מיט דעם רוהיגען געדאנקען וועגען מארגען, וועגען דער צוקונפט.

איך האב געהאט א פאאר ליעבעס, אבער מיין הארץ איז דערביי קיינמאל ניט שטארק פארכאפט געווארען. עס איז שען אזוי צו לעבען... עס איז נאך שענער צו ליעבען, אבער עס איז מורא'דיג... יענע מענשען, וואס קענען ליעבען אזוי ווי די גאנצע וועלט, האבען געוויס אין דער ליעבע געפונען גרויס גליק, אבער זייער גליק קומט ניט צו מיינעם. דען מיין ליעבע איז איבער־מעכטיג, און געקומען איז זי אויף אז אונגעוועהנליכען שטייגער.

אזוי ווי איך בין געווען רייך, האב איך ליעב געהאט צו קויפען אלטע זאכען און אלטע מעבעל. און אפט האב איך געטראכט פון

אונבעקאנטע הענד, וואס האבען די דאזיגע זאכען אין די פינגער געהאלטען. פון אויגען, וואס האבען זיי בעוואונדערט, פון די הער־צער, וועמען זיי זיינען טהייער געווען. דען מען ליעבט די זאכען, וועלכע מען האט ארום זיך.

אפט האב איך געקענט אבשטעהען שטונדען נאכאנאנד און בעטראכטען א קליין זייגער'ל פון דעם פאריגען יאהרהונדערט. עס איז געווען אזוי שען, אזוי אינטערעסאנט מיט זיין עמאליע פון גראַ־ווירטען גאלד. און ער איז היינט געגאנגען נאך פונקט אזוי ווי דאן, ווען א פרוי האט איהם געקויפט, א גליקליכע צו בעזיצען דאס דאזיגע קליין שטיקעל ציערונג. ער האט ניט אויפגעהערט צו שלאַ־גען, צו לעבען דעם מעכאנישען לעבען און איז זייט הונדערט יאהר געגאנגען מיט זיין רעגעלמעסיגען גאנג. ווער האט געקענט זיין די ערשטע, וואס האט איהם אויף איהר ברוסט געטראגען אזוי, אז דאס הארץ פונ'ם זייגער זאל האבען געשלאגען אנטקעגען דאס הארץ פון דער טרעגערין? וועלכע האנד האט איהם אין די וואַרי־מע פינגער געהאלטען, איהם אנגעצויגען און אנגעדרעהט? ווער האט איהם אבגעווישט, ווען א טהוי האט איהם בארעקט? וועלכע אויגען האבען אויף דעם דאזיגען, מיט בלומען בעפוצטען, ציפער־בלאט געקענט ערווארטען די שטונדע גליק, די שטונדע פון ליעבע?

אה, איך וואלט אזוי גערן געוואלט זעהן די פרוי, וועלכע האט אויסגעזוכט דעם דאזיגען זעלטענעם און געשמאקפולען אנטיקעל. זי איז אבער טויט. און אין מיר האט ערוואכט א פערלאנג נאך די פרויען פון פארגאנגענע צייטען. איך ליעב פון דער וויטער וויט־קייט די, וועלכע האבען אמאל געליעבט. די געשיכטע פון די שענע פרויען פון דער פערגאנגענהייט פילט אן מיין הארץ מיט טרויער, מיט בעדויערען. אה, אל די שענהייט, דער שמייכעל, די האפנונג און די יונגע ליעבע, האט ניט געקענט אויביג געדויערען.

ווי האב איך נעכט גאנצע די ארימע פרויען פון אמאל בע־וויינט, וועלכע זיינען געווען אזוי שען, אזוי צערטליך, אזוי ליעב. וועמעס ארעמס עס האבען זיך געעפענט א קוש צו עמפפאנגען... און וועלכע זיינען איצט טויט. דער קוש איז אונשטערבליך. פון ליפען געהט ער צו ליפען, פון יאהרהונדערט צו יאהרהונדערט, פון

עפּאָכע צו עפּאָכע. די מענשען עמפּפאַנגען איהם, גיעבען איהם און שטאַרבען.

די פערגאַנגענהייט ציהט מיך צו, די געגענוואַרט שרעקט מיך, ווייל די צוקונפט איז דער טויט. איך בעדויער אַלעס, וואָס שטאַרבט, איך באַוויין אַלע, וועלכע האָבען געלעבט, איך וואָלט וועלען די צייט איינהאַלטען, דער שטונדע דעם וועג פאַרשפּאַרען. אָבער זי לויפט און לויפט. זי פליהט אַוועק און געהט פאַרביי... און מיט יעדען מאָמענט נעהמט זי עפּעס ביי מיר אַוועק. און איך וועל מעהר קיינמאָל ניט ווידער לעבען.

לעבט וואָהל איהר אַלע, וועלכע האָבען אַמאָל געלעבט, איך ליעב אייך!

אָבער מיך איז נישטאָ וואָס צו בעדויערען. איך האָב זי גע־פונען, זי, וועמען איך האָב ערוואַרט. און דורך איהר האָב איך גע־נאָסען דאָס גרעסטע גליק.

אין אַ געוויסען זונטאָג אין דער פריה האָב איך אַרומגע־באָלאָנקעט איבער פּאַריז אין דער גליקליכסטער שטימונג, און האָב בעטראַכט די קראָמען מיט דעם אונבעשטיממטען אינטערעס פון אַ פאַרבייגעהער. פּלוצים האָב איך דערזעהן אין אַן אַנטיק־געשעפט אַ איטאַליענישע שטיק מעבעל פון'ם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט. עס איז געווען זעהר שען, זעהר זעלטען. איך האָב די אַרבייט צו־געשריבען צו אַ ווענעציאַנישען קינסטלער מיט'ן נאָמען פּיטעלל, וועלכער איז אין יענער צייט געווען שטאַרק בעריהמט.

דאַן בין איך אַוועק ווייטער.

אָבער פאַרוואָס האָט מיך דער געדאַנק אַן דעם דאָזיגען שטיק מעבעל אַזוי פערפאָלגט, אַז איך האָב זיך געמוזט אומקעהרען צו־ריק? איך בין געבליעבען שטעהן פאַר'ן קראָם, אום עס נאָך אַמאָל צו זעהן און האָב געפיהלט, אַז עס ציהט מיך צו ווי אַ מאַגנעט.

ווי מערקווירדיג איז אַזאַ צוציהונג! מען קוקט אויף אַ גע־גענשטאַנד און ביסלעכווייז פאַרפיהרט ער אייך, בעוועגט ווי אַ פּנים פון אַ פרוי. זיין רייץ באַהערשט אייך. אַ מאָדנער רייץ, וועלכער קומט פון זיין געשטאַלט, זיין פאַרב, זיין אויסזעהן. מען האָט איהם שוין ליעב, מען באַגעהרט איהם, מען וויל איהם האָבען.

דער פערלאַנג צו בעזיצען דעם דאָזיגען געגענשטאַנד איז צוערשט שוואַך. אָבער גאַנץ אונבעמערקט ווערט ער שטאַרקער און העפטי־גער, ביז ער ווערט אונווידערשטעהליך.

און די הענדלער שיינען צו דערקענען אין אונזער בליק דעם אימער וואַקסענדען פערלאַנג.

איך האָב געקויפט דאָס שטיק מעבעל און עס גלייך געלאָזט ברענגען צו מיר אין הויז, איך האָב עס אַוועקגעשטעלט אין מיין צימער.

אַך, ווי איך בעדויער יענע מענשען, וואָס ווייסען ניט פון'ם פערגעניגען, וואָס דער קונסט־זאַמלער האָט די ערשטע צייט פון זיין נייעם איינגעהאַנדעלטען אוצר. מען לאַסטשעט עס מיט דעם בליק, מיט דער האַנד, ווי עס וואָלט געווען אַ לעבעדיגע זאַך. יע־דען אויגענבליק קעהרט מען זיך אום צו דעם צוריק. מען דענקט וועגען דעם וואו מען זאָל ניט געהן און וואָס מען זאָל ניט טהאָן. זיין אַנבליק שוועבט פאַר אין גאַס, אין דער געזעלשאַפט, איבעראַל וואו איהר שטעהט און געהט. און קומט מען צוריק אַ היים, לויפט מען גלייך אַהין, נאָך איידער מען האָט הוט און האַנדשוה אויסגע־טהאָן, אום עס ווידער צו בעטראַכטען מיט דער צערטליכקייט פון אַ ליעבהאָבער.

איך האָב אַכט טאָג נאָכאַנאַנד דאָס דאָזיגע שטיק מעבעל איינפאַך פאַרגעטערט. אַלע מינוט האָב איך געעפענט זיינע טיר־לאַך, זיינע שופלאַדען און בין געווען גליקליך, וואָס איך בעזיץ עס, וואָס עס איז מיינס.

דאָן, איין מאָל אָן אבענד, ווען איך האָב געוואָלט אַנטאַפּען ווי גראָב עס איז די הינטערשטע וואַנד, האָב איך דערפיהלט, אַז דאָרט געפינט זיך אַ געהיימער שופליאַד. מיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּען. די גאַנצע נאַכט האָב איך פערבראַכט זוכענדיג צו ענטדע־קען דאָס געהיימניס, אָבער איך האָב גאָר נישט געקענט געפינען. צום סוף האָב איך עס געפונען ערשט אויף דעם צווייטען טאָג, ווען איך האָב אַריינגערוקט אַ מעסער אין אַ שפּאַרע פון דעם האָלץ. אַ ברעט איז אַרויסגעפאַלען. און דאָן האָב איך אויף שוואַרצען סאַ־מעט דערזעהן אַ וואונדערשעהנעם פרויען־צאָפּ.

יאָ, אַ צאָפּ. אַ לאַנגע צאָפּ, בלאָנדע האָר, כמעט רויטליכע. וואָס איז וואַהרשיינליך געווען אַבגעשניטען גאַנץ נאָהנט צום קאָפּ, און איז געווען צונויפגעבונדען מיט אַ גאָלדענעם שנירעל.

איך בין געוואָרען ווי געלעהמט, אין גאַנצען צומישט. אַ לייכטער געוריך, אַזוי לייכט, ווי עס וואָלט געווען די נשמה פון אַ געוריך, האָט אַרויסגעשטראָמט פון דעם דאָזיגען געהיימניספאָלען שופליאַדע, פון דיזען הייליגען אָנדענקען.

איך האָב פּאָרזיכטיג אַרויסגענומען דעם צאָפּ פון זיין באַהעלטניש. גלייך האָט ער זיך פאַראַנגדערגעוויקעלט און איז געפאַלען ווי אַ גאָלדענער שטראָם כמעט ביז צו ד'ערד, ער איז געווען לייכט און געדיכט, ווייך, גלאַנציג, ווי דער פייערדיגער עק פון אַ קאָמעטע.

עפּעס אַ מאָדנע ריהרענדע שטימונג איז אויף מיר אָנגעפאַלען. וואָס אַזוינס איז דאָס געווען? וואָס זאָל עס האָבען בעדייטעט? וואָרום זיינען די האָר געווען בעהאַלטען אין דעם דאָזיגען שטיק מעבעל? וואָס פאַר אַ פּאַסירונג, וואָס פאַר אַ דראַמאַ האָט זיך בעהאַלטען הינטער דעם?

ווער האָט דעם צאָפּ אַבגעשניטען? אַ געליעבטער אין צייט פון אַבשייד? אַ מאַן אין טאָג פון ראַכע, אָדער זי, וועלכע האָט עס אַליין געטראָגען, אין אַ שטונדע פון פערצווייפלונג?

האָט זי איבערגעלאָזען איהרע האָר דאָ, אַלס אַ לעצטען אָנדענקען פאַר די לעבעדיגע, איידער זי איז אין קלויסטער אוועק? צו האָט ער, וועלכער האָט די יונגע, שענע טויטע געליעבט, אין דער לעצטער שטונדע, ווען איהר טויטער קאָסטען איז פאַרקלאַפּט געוואָרען, איהרע האָר אַבגעשניטען, אום עס ביי זיך צו לאָזען, דאָס איינציגע, וואָס ער האָט געקענט פון איהר בעהאַלטען אַלס אָנדענקען? דעם איינציגען לעבעדיגען טהייל פון איהר קערפּער, וואָס שטאַרבט ניט אָב, דעם איינציגען, וועלכען ער האָט נאָך געקענט ליעבען און לאַסטשען און קושען אין שמערץ פון פערצווייפלונג?

איז עס ניט מערקווירדיג, וואָס די האָר זיינען נאָך אַלץ פאַרבליעבען דאָ, איצט, ווען קיין איין גליעד איז שוין פון איהר לייב ניט פערבליבען?

די האאר האבען זיך געגליטשט דורך מיינע פינגער און מיר מיט א זעלטענער צערטליכקייט די הויט געגלעט. איך האב גע־פיהלט ווי א לאסקע פון א טויטער. איך בין געווארען ווייך גע־שטימט, עס האט זיך מיר אזש געוואלט ווייגען.

לאנג, לאנג האב איך געהאלטען די האאר אין מיינע הענד. מיר האט זיך אויסגעדאכט, ווי עפעס וואלט מיך אויפגערעגט, ווי וואס עס איז פון דער טויטער נשמה וואלט דא איבערגעבליבען און געשוועבט ארום מיר. און איך האב צוריק אוועקגעלעגט דעם צאפ אויף דעם סאמעט, וועלכען די צייט האט אבגעבליאקירט, אריינגעלייגט אין שופליאד, פארשלאסען דעם שטיק מעבעל און ארויסגעלאפען אין גאס, אום צו טרוימען.

* * *

פארטיעפט אין טרויעריגע געדאנקען, בין איך געגאנגען מייז וועג, אין יענער טיעפער בעוועגונג, וואס בלייבט אין אונז נאך די קושען פון א געליעבטער. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז איך האב שוין פריהער אמאל געלעבט, אז איך האב די דאזיגע פרוי אמאל געמוזט קענען.

ווען איך בין אהיים געקומען איז אויף מיר אנגעפאלען אן אונווידערשטעהליכער פערלאנג, דעם זעלטענעם געפינס ווידער צו זעהן. איך האב איהם גענומען, ארומגעטאפט, איהם געגלעט און עפעס א מאדנער שוידער איז מיר איבער אלע גליעדער ארי־בער.

אבער עטליכע טעג נאכדעם איז מיין צושטאנד געבליבען ווי געוועהנליך, הגם די לעבהאפטע עראינערונגען אז די האאר האט מיך מעהר ניט פערלאזען.

אזוי שנעל, ווי איך בין געקומען אהיים, האב איך עס געמוזט זעהן און נעהמען אין האנד אריין. איך האב געעפענט די שאפע מיט יענעם ציטערן, מיט וועלכען מען עפענט די טיר פון דער גע־ליעבטער. אין מיינע הענד און אין מיין הארץ האט געציטערט אן אונבעשטימטע באדערפניס, א זעלטענער, שטענדיגער, זינליכער פערלאנג, דעם דאזיגען וואונדערבארען שטראם רויטע האאר דורך מיינע פינגער דורכצולאזען.

און ווען איך האָב עס דאָן שוין געהאַט גענוג געגלעט און האָב די שאָפּע ווידער פֿאַרשלאָסען, האָב איך נאָך אַלץ געפֿיהלט די האָאר ווי אַ לעבעדיג באַשעפֿעניש, ווי אַ געפֿאַנגענעם, וועלכער וואָלט דאַרט אין שאַפֿע געווען בעהאַלטען. איך האָב עס געפֿיהלט און נאָכאַנאַנד נאָכדעם געבענקט. און אַן אונווידערשטעהליכער וואונש האָט מיך באַהערשט, עס ווידער אין האַנד צו נעהמען, עס צו בעריהרען און זיך ביז צו משוגעת בערוישען אין דעם קאַלטען, אויפֿרעגענדיגען, משוגענעם פֿערגעניגען, וואָס איך האָב געפֿיהלט, גלעטענדיג און לאַסטשענדיג עס מיט מיינע פֿינגער.

אַזוי איז אַוועק אַ מאָנאַט אָדער צוויי... איך ווייס אַליין ניט מעהר. די האָאר האָבען מיר אין גאַנצען פֿאַר'כשופֿ'ט. איך בין געווען גליקליך און דאָך האָב איך געליטען, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט ערוואַרטען צערטליכקייטען, גראַדע ווי נאָך אַ ליעבעס ער־קלעהרונג מוזען זיין אומאַרמונגען.

איך האָב זיך איינגעשלאָסען אין מיין צימער מיט די האָאר, כדי זיי צו פֿיהלען אויף דער הויט, כדי איינצוגראָבען אין זיי מיין ליפּ, זיי צו קושען און צו בייסען. איך האָב עס אַרויפֿגעלעגט אויף מיין פּנים, איך האָב זיי אין גאַנצען אין זיך אַריינגעזויגען. איך האָב איינגעגראָבען מיינע אויגען אין דעם גאָלדענעם פֿלוט און דורך דעם געקוקט אויף דער שטראַהלענדיגער ליכטיגקייט.

איך האָב זיך פֿאַרליעבט אין די האָאר, איך האָב זיי ליעב געהאַט. איך האָב זיך מעהר ניט געקענט מיט זיי צושיידען. קיין איין שעה וואָלט איך ניט געקענט אויסהאַלטען אָהן זיי.

און איך האָב ערוואַרטעט... איך האָב ערוואַרטעט... וואָס? איך ווייס ניט... זי!

איין נאַכט האָב איך זיך פּלוצים אויפֿגעכאַפּט מיט דעם גע־פֿיהל, אַז איך בין ניט אַליין אין צימער.

און דאָך בין איך געווען אַליין. אָבער איך האָב שוין מעהר ניט געקענט איינשלאָפֿען. איך האָב זיך אַרומגעוואָרפֿען אין אַ פֿיבערהאַפֿטער היץ אַהין און אַהער און צום סוף בין איך אויפֿגע־שטאַנען, אום די האָאר צו בעריהרען. זיי האָבען מיר געשיינט צו זיין ווייכער, לעבעדיגער, ווי געוועהנליך. קומען די טויטע צו־

ריק? די קושען מיט וועלכע איך האב זיי באדעקט, האבען שיער מיר ניט משוגע געמאכט פאר גליק. איך האב זיי גענומען מיט מיר אין בעט. איך האב זיך ארייגעלעגט, און צוגעדריקט זיי צו מיינע ליפען, ווי א געליעבטע, וועלכע מען אומארמעט.

די טויטע קומען צוריק! זי איז געקומען. יא, איך האב זי געזעהן. איך האב זי אין מיינע ארעמס געהאלטען, איך האב זי בעזעסען אזוי, ווי זי איז אמאל געווען א לעבעדיגע: א הויכע, א בלאנדע מיט קאלטע בריסט און רונדע היפטען.

יא, איך האב זי בעזעסען, טעגליך, יעדע נאכט. זי איז צו מיר געקומען, די טויטע, די שענע טויטע, די פארגעטערטע, דער וואונדער, די אונבעקאנטע. יעדע נאכט.

מיין גליק איז געווען אזוי גרויס, אז איך האב עס מעהר ניט געקענט בעהאלטען. ביי איהר האב איך געפיהלט א איבערמענש־ליכע גליקזעליגקייט, דאס אונערקלעהרליכע, אונפאסבארע גליק, צו בעזיצען די אונפאסבארע, די אונגרייפבארע, די טויטע! קיין ליעב־האבער האט קיין מאל ניט געגאסען אזעלכע גליהענדע און אזעלכע מורא'דיגע פריידען.

איך האב מיין גליק ניט געקענט בעהאלטען. איך האב זי געליעבט אזוי משוגע, אז איך האב זי מעהר ניט געוואלט פארלא־זען און איך האב זי שטענדיג און אומעדום מיט מיר מיטגענומען. איך האב זי מיטגענומען אין שטאדט, ווי מיין פרוי, אין טהעאטער, אין פערבארגענע לאזשען ווי מיין געליעבטע, אבער מען האט זי געזעהען... מען האט זי דערפיהלט... מען האט זי ביי מיר צוגענו־מען... און מען האט מיך ארייגעווארפען אין געפענגניס, ווי א פערברעכער... מען האט זי געראובט... גרויס איז מיין אומגליק!

* * *

דא איז דער מאנוסקריפט געווען אפגעהאקט. און פלוצים, ווען איך האב דעם דאקטאר צושראקען אנגעקוקט, האט זיך איבער'ן גאנצען הויז דערהערט א מורא'דיגער געשריי, א רעוועו ווי פון אהנמעכטיגען צארן און פערצווייפעלטע פערלאנגען.

— הערט, וואס ער גיט אן — האט געזאגט דער דאקטאר —

דעם ווילדען משוגענעם מוזען מיר פינף מאל אין טאג מאכען א קאלטען דוש.

איך האב געשטאמעלט גאנץ בעוועגט פאר ערשטוינען, שרעק און מיטלייד.

— אבער... די האאר... האבען זיי דען ווירקליך עקזעסטירט?

דער דאקטאר איז אויפגעשטאנען, געעפענט א שאפע פול מיט פלאשען און אינסטרומענטען און א ווארף געטהאן מיר קווער איבער'ן צימער, ווי א לאנגע, בלאנדע ראקעטע, דעם צאפ האאר, וועלכער איז ווי א גאלדענער פויגעל גלייך אויף מיר ארויפגעפלויגען.

איך האב זיך א טרויסעל געטהאן, ווען עס האט לייכט און צערטליך מיין האנד בעריהרט, און דאס הארץ האט מיר גענומען קלאפען פאר עקעל און לוסט: פאר עקעל, ווי ביי דער בעריהרונג פון א בעוויז פאר א מארד, פאר א לוסט, ווי עטוואס זעלטענעס, עטוואס שרעקליכעס וואלט מיך גערייצט.

דער דאקטאר האט א דריק געטהאן מיט די אקסלען:

— דער מענשליכער גייסט איז צו אלעם פעהיג.



# די פערבלאָנדזשעטע.



א, די ערינערונג אַן יענעם אבענד וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלעשען פון מיין זכרון. א האַלב שעה נאָכאַנאַנד האָב איך געפיהלט, אַז פונ'ם שיקזאַל קען מען זיך אין ערגעץ ניט בעהאַלטען, און האָב אויפגעשאַדערט מיט מיין גאַנצער נשמה. — איך האָב דעם פינסטערען אָב־גרונד פון מענשליכען עלענד בעריהרט, און האָב בעגריפען, אַז פאַר געוויסע מענשען איז אונמעגליך צו זיין עהרליך, צו לעבען אַנ־שטענדיג.

עס איז געווען נאָך האַלבער נאַכט, איך בין געגאַנגען פון א וואָדעוויל טעאַטער צו דער רו דרואָט. איבער'ן בולוואר זיינען מענשען געגאַנגען מיט שנעלע טריט, האַלטענדיג אָפענע שירעם'ס. א דראָבנער רעגענ'דעל האָט געפלאַטערט אין דער לופט, פאַרצווי־גען די גאַז לאַמטערנעס ווי מיט א שלייער און צוגעגעבען דער גאַס אַן אומעדיגען אויסזעהן. דער טראָטואר האָט געגלאַנצט און אויס־געזעהן מעהר גליטשיק ווי נאַס. דער עולם האָט זיך געאיילט, איז געלאָפען ניט אומקוקענדיג זיך אויף קיינעם.

די פּראָסטיטוטקעס זיינען געשטאַנען אין דער דונקעלהייט פון די טירען מיט פאַריסענע קליידער ביז איבער די פּאָלקעס; בייס בלאָסען שיין פונ'ם ביינאַכטיגען ליכט האָבען זיך ארויסגעזעהן זייערע ווייסע זאָקען, זיי האָבען גערופען אָדער פאַרבייגעלאָפען פאַרביי די מענער און זיי אריינגעשושקעט א פּאָאַר גראָבע, שמו־ציגע ווערטער אין אויער אריין. דאַן זיינען זיי א פּאָאַר אויגענ־בליקען נאָכגעגאַנגען נאָך די מענער און פון הינטען געאָטהעמט אויף זיי מיט זייער פאַרפעסטעטען אָטהעם. און ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז זייער מיה איז אומזיסט, האָבען זיי מיט א שנעלער אונצופריעדענער בעוועגונג יענע מענער פערלאָזען און געגומען געהן הין און צוריק, דרעהענדיג מיט די היפּטען.

איך בין געגאַנגען מיין וועג און פון אַלע זייטען האָבען זיי

צו מיר גערעדט, מיך געשלעפּט פאר'ן ארבעל, גערופען צו זיך און ביי מיר ארויסגערופען א טיעפען עקעל. פּלוצים האב איך דערזעהן דריי פון זיי, וועלכע זיינען געלאפען ווי משוגענע און אין גאנג געזאגט א פּאאר ווערטער צו די אנדערע. און די אנדערע האבען זיך אויך גלייך א לאז געטהאן און גענומען לויפען מיט אלע קרעפ־טען, זיי האבען הויך פערקאשערט זייערע קליידער כדי וואס שנע־לער צו אנטלויפען. אין יענעם טאג איז געמאכט געווארען אן אב־לאווע אויף די פּראסטיטוטקעס.

און פּלוצים האב איך דערפיהלט א האנד אונטער מיין ארעם. בעת א פערצווייפעלטע שטימע האט מיר געשעפּטשעט אין אוי־ער: — איך בעט אייך, מיין הערר, ראטעוועט מיך, ראטעוועט מיך. לאזט מיך ניט אב.

איך האב א קוק געטהאן אויף דאס מיידעל, זי איז נאך ניט געווען קיין צוואנציג יאהר אלט, הגם שוין אין גאנצען פארוועלקט. איך האב געזאגט: — גוט, בלייב דא. — זי האט געפליסטערט:— איך דאנק אייך טויזענד מאל!

מיר זיינען צוגעקומען צו א קייט פון פּאליציסטען, זיי האבען אונז דורכגעלאזען, און איך בין אוועק אין דער רו דרואט.

מיין בעגלייטערין האט געפרעגט:

— געהסט דו מיט מיר?

— ניין.

— פארוואס ניט? דו האסט מיר געטהאן א גרויסע טובה, איך וועל עס דיר קיין מאל ניט פארגעסען.

כדי פון איהר פּטור צו ווערען, האב איך געענטפערט:

— איך בין פערהייראט.

—וואס מאכט עס אונז?

— ניין, מיין קינד, עס איז גענוג. איך האב דיר געהאלפען, איצט לאז מיך צופריעדען.

די גאס איז געווען שווארץ, פארלאזען און אומעדיג. און דאס דאזיגע מיידעל, וועלכע האט מיין ארעם געדריקט, האט נאך פאר־גרעסערט דעם געפיהל פון אומעט, וואס איז אויף מיר אנגעפאלען.

זי האָט מיך געוואָלט קושען, מיט עקעל האָב איך זיך פון איהר אָבגערוקט און געזאָגט מיט אַ האַרבען קול:

— טראָג זיך אָב פון דאַנען, געה צום טייפעל!

זי איז פּלוצים געוואָרען צוקאָכט, דאַן האָט זי מיט אַמאָל גענומען שלוכצען. איך בין געוועזן געריהרט און ערשטוינט און האָב ניט פערשטאַנען וואָס דאָס מיינט. איך האָב געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר?

זי האָט געפליסטערט מיט טרערען:

— אַה, ווען דו זאָלסט וויסען ווי שווער דאָס איז! עס איז גאָר נישט פרעהלאַך.

— וואָס דען?

— דאָס לעבען.

— יאָ, אָבער פאַר וואָס האָסטו זיך אויסגעקליבען אַזאַ לעבען?

— איז דאָס דען מיין שולד?

— וועמעס דען שולד איז דאָס?

— דאָס וויים איך נישט.

עפּעס אַן אינטערעס האָט אין מיר ערוועקט די דאָזיגע עלענדע און איך האָב געפרעגט:

— ווילסטו מיר דערצעהלען דיין געשיכטע?

און אָט וואָס זי האָט מיר דערצעהלט.

* * *

איך בין געוועזן אַלט זעכצעהן יאָהר און געדיענט אין וועטאָט ביי הערר לעראַבלע, אַ תבואה הענדלער. מיינע עלטערען זיינען געוועזן געשטאָרבען, איך האָב באַמערקט, אַז מיין בעל הבית קוקט אויף מיר מיט עפּעס מאָדנע אויגען און גלעט מיר אָפּט די באַקען, אָבער מיר איז גאָר נישט איינגעפאַלען. איך האָב שוין דאַן אַלעס געוואוסט, געוויס, אין דאָרף איז מען ניט אַזוי נאַריש, אָבער הערר לעראַבלע איז געוועזן אַ פרומער מאַן, וועלכער איז יעדען זונטאָג געגאַנגען אין קירכע. איך האָב איהם ניט געהאַלטען פאַר פעהיג אויף אַזאַ זאַך.

ביז איין מאָל אַן אָבענד איז ער מיר בעפאַלען ביי מיר אין

קיך, איך האב געקעמפפט געגען איהם און ער איז אוועק מיט גאר־נישט.

אנטקעגען אונז האט געוואהנט הערר דיומאן, א סוחר פון מאטעריאל וואהרען, וועלכער האט געהאט א זעהר שענעם פריי־קאזטשיק און אין דעם האב איך זיך פערליעבט. דאס פאסירט מיט יעדער׳ן, ניט אמת? איך האב אלזא געלאזען מיין טיר אפען און ער פלעגט קומען צו מיר.

אבער דא האט איין מאל ביינאכט הערר לעראבלע דערהערט א גערויש, ער איז ארויפגעקומען און געפונען ביי מיר אנטאן׳ען. ער האט איהם גלייך געוואלט דער׳הרג׳נען, זיי האבען זיך געשלא־גען מיט שטולען, געווארפען מיט טעפ, מיט וואס עס איז זיי נור אין די הענד אריין. איך האב ארויפגעווארפען אויף זיך דאס קליידעל און בין ארויסגעלאפען אין גאס. איך האב געוואלט אוועק. איך האב שרעקליך מורא געהאט. הינטער א טויער פון א פרעמד הויז האב איך זיך אנגעטהאן, דאן בין איך אוועק וואו די אויגען האבען מיך געטראגען.

עס האט זיך מיר אלץ געדאכט, אז איינער פון זיי איז שוין זיכער טויט און די פאליציי זוכט מיך. איך בין צוגעקומען צום שאסעע, וואס פיהרט נאך רוען און איך האב א טראכט געטהאן אז אין רוען וועל איך מיך קענען בעסער בעהאלטען.

עס איז געווען אזוי פינסטער, אז מען האט ניט געקענט אונ־טערשיידען די גריבער און איך האב געהערט ווי די הינד ביללען אין די הויפען. מען ווייס אליין ניט וואס פאר א קולות מען הערט ביי דער נאכט: מיר האט זיך געדאכט, אז איך הער פויגעל שריי־ענדיג ווי מענשען, וועלכע מען ערמארדעט, חיות האבען געברומט, גערעוועט, דאן נאך פערשיעדענע גערוישען, וועלכע מען קען ניט אונטערשיידען. איך האב געהאט א מורא׳דיגען אנגסט און ביי יעדען גערויש האב איך זיך געצלם׳ט. איהר קענט זיך גארנישט פארשטעלען די יסורים, ווען אויף איינעם פאלט אן א מורא. ווען עס איז טאג געווארען איז מיר ווידער אריין דער געדאנק וועגען דער פאליציי און איך האב זיך געלאזט לויפען. דאן בין איך אבי־סעל רוהיגער געווארען. איך האב ניט פערמאגט קיין איין סו. איך

האב אין איילעניש מיין געלד פארגעסען, מיין גאנץ אייגענס וואס איז בעשטאנען פון אכטצעהן פראנק.

איך בין אוועק ווייטער מיט א ליידיגען מאגען. עס איז גע־ווען ווארעם, די זון האט געברענט, די מיטאג שטונדע איז אוועק און איך בין נאך אלץ געלאפען און געלאפען. פלוצים האב איך דערהערט דאס קלאפען פון פערדישע קאפיטעס הינטער מיר. איך האב זיך אומגעקוקט: די פאליציי. דאס הארץ האט ביי מיר אויפ־געהערט צו קלאפען, איך האב געדענקט, אז איך פאל צו דער ערד, אבער איך האב זיך קוים, קוים איינגעהאלטען אויף די פיס. זיי האבען מיך דעריאגט און מיך אנגעקוקט און איינער פון זיי, דער עלטערער האט געזאגט:

— גוט מארגען פריילען.

— גוט מארגען.

— וואוהין לויפט איהר אזוי?

— איך געה קיין רוען דיענען.

— ווי אט אזוי גאר, צופוס?

— יא, צופוס.

מיין הארץ האט געקלאפט, אז איך האב ניט געקענט רעדען און איך האב אלץ געטראכט: יעצט כאפען זיי מיך. די לוסט צו אנט־לויפען איז אין מיר געווען זעהר גרויס. אבער איהר פערשטעהט דאך, אז זיי וואלטען מיך גלייך ווידער געכאפט.

דער אלטער האט אנגעהויבען:

— לאמיר געהן צוזאמען ביז באראנטין, מיר געהן מיט'ן זעל־בען וועג.

— זעהר גערן.

איצט האבען מיר זיך גענומען אונטערהאלטען. איך האב זיך געסטארעט צו זיין אזוי ליעבענסווירדיג ווי נור מעגליך און זיי האבען דערפון געדרונגען שליסע, וועלכע זיינען געווען אין גאנצען פאלש. און ווען מיר זיינען צוגעקומען צו א וואלד, האט זיך דער אלטער צו מיר אבגערופען: — איצט, פריילין, וועלען מיר זיך אפשר א ווייל אויסרוהען אין גראז?

איך האב געענטפערט ניט נאכדענקענדיג:

— ווי איהר ווילט.

ער קריכט אַרונטער, גיט דעם אַנדער'ן זיין פערד צו האַל־טען און מיר געהן ביידע אין וואַלד אַריין.

איך האָב שוין ניט געקענט זאָגען ניין. וואָס וואָלט איהר אויף מיין פּלאַץ געטהאָן? ער האָט געטהאָן מיט מיר וואָס ער האָט געוואָלט, דאָן האָט ער געזאָגט: — לאָמיר ניט פאַרגעסען מיין קאַמעראַד — און ער האָט זיך אומגעקעהרט צו האַלטען די פערד בעת דער אַנדערער איז צו מיר געקומען. איך האָב זיך אַזוי גע־שעהמט, אַז איך האָב געוואָלט וויינען, שלוכצען. אָבער איך האָב ניט געוואַגט צו ווידערשטעהן, איהר פאַרשטעהט עס דאָך אַליין.

מיר זיינען אַוועק ווייטער. איך האָב מעהר ניט גערעדט, מיר איז געווען צו טרויעריג. און דערצו האָב איך ניט געקענט מעהר געהן, אַזוי הונגעריג בין איך געווען. אָבער זיי האָבען מיר אין אַ דאָרף געגעבען אַ גלאָז וויין און דאָס האָט מיר אויף אַ קורצע ווייַלע ווידער אויף די פיס געשטעלט. און דאָן זיינען זיי אַוועק, אום ניט צו ווייזען זיך מיט מיר אין באַראַנטין. דאַ האָב איך זיך געזעצט נעבען אַ גראָבען און געוויינט, געוויינט, וויפיעל איך האָב נור געקענט.

דריי שטונדען בין איך נאָך געלאָפען, ביז איך בין אַנגעקומען קיין רועַן.

עס איז געווען זיעבען אַ זייגער אין אָבענד. צוערשט האָבען אַלע ליכטער מיר די אויגען פאַרבלענדעט און דאָן האָב איך ניט גע־וואוסט וואו איך זאָל זיך זעצען. אין דאָרף זיינען דאָ גראָבענס און גראָז, וואו מען קען זיך צולייגען און אפילו שלאָפען, אָבער אין שטאָדט איז אַזוינס נישטאָ.

די פיס האָבען מיר וועה געטהאָן, פאַר די אויגען האָט גע־שווינדעלט און איך האָב געפיהלט, אַז איך פאַל צו דר'ערד. און דאָן האָט אָנגעהויבען צו גיסען אַ רעגען, אַ דראָבנער רעגען ווי היינט ביינאַכט, וועלכער געהט אייך דורך און דורך, הגם עס דוכט זיך, אַז מען זעהט גאָר קיין רעגען ניט. איך האָב ניט קיין גליק, ווען עס רעגענט. איך האָב גענומען לויפען איבער די גאַסען, בע־קוקט די הייזער און געזאָגט צו זיך אַליין: דאָ זיינען אומעדום

דא בעטען און אזוי פיעל ברויט און איך האב גארנישט, נישט אפילו א שטיקעל סקארינקע קען איך קריגען מיין הונגער צו שטי־לען און א שטרויענעם שעניק וואו די קאפ אנצושפארען. איך בין צוגעקומען צו די גאסען, וואו די מיידלאך פארטשעפען די מענער און רופען זיי צו זיך. אין אזא פאל טהוט מ'גן וואס מען קען, און איך האב זיי נאכגעטהאן און אויך גערופען, אבער קיינער האט זיך ניט אבגערופען. איך האב זיך געוואונשען דעם טויט. דאס האט געדויערט ביז ארום האלבע נאכט. איך האב ניט געוואוסט מעהר, וואס איך טהו. צום סוף האט איינער זיך צו מיר צוגעהערט. ער האט געפרעגט: — וואו וואהנסטו?

די נויט לערנט גיך אויס און איך האב געענטפערט:

— איהר קענט מיט מיר ניט מיטגעהען, ווייל איך וואהן ביי מיין מוטער. אבער איז דען נישטא עפעס א הויז, וואו מען קען אריינגעהן?

ער האט געענטפערט: — איך זאל נאך אויסגעבען צוואנציג סו פאר א צימער אויך?

דאן האט ער א ווײלע נאכגעטראכט און געזאגט: — קום מיט מיר, איך וויים פון א שטילען ארט, וואו מען וועט אונז ניט שטערען.

איך האב געמוזט געהן איבער א בריק, דאן האט ער מיך פאר־שלעפט ערגעץ אויף דעם אנדערען עק שטאדט אויף א פעלד, ניט וויים פון א טייך. איך האב ניט געקענט מעהר שלעפען די פיס.

איך האב זיך געמוזט צוזעצען און ער האט אנגעהויבען מיט דעם, צוליעב וואס מיר זיינען געקומען. אבער עס האט געדויערט זעהר לאנג, און איך בין געווען אזוי מיעד, אז איך בין איינגעשלאפען.

ער איז אוועק און האט מיר גארנישט געשענקט. איך האב עס אפילו ניט בעמערקט. עס האט גערעגענט, ווי איך האב איינ־שוין פריהער געזאגט. פון יענעם טאג אן האב איך מאנכעס מאל שמערצען, פון וועלכע איך קען ניט לויז ווערען, ווייל איך האב די גאנצע נאכט געשלאפען אין נאסקייט און בלאטע.

צוויי פאליציסטען האבען מיך אויפגעוועקט, אוועקגעפיהרט אין סטיישאן הויז, פון דארט אין געפענגעניש. דארט בין איך

געזעסן אַכטצעהן טעג. אין דער צייט האָבן זיי אַלץ געזוכט אויסצוגעפונען, ווער איך בין, פון וואַנען איך קום. איך אַליין האָב עס ניט געוואָלט אויסזאָגן אוים מורא פאַר די פאַלגען.

זיי האָבן זיך אָבער פאַרט דערוואוסט ווער איך בין. מען האָט מיך בעפרייט און געלאָזט לויפען.

איצט האָב איך ווידער געמוזט זוכען עפּעס אַ ווינקעל פאַר זיך. איך האָב געזוכט אַ שטעלע, איך האָב געוואָלט אַרבייטען, אָבער מען האָט מיך אין ערגעץ ניט אָנגענומען, ווייל איך בין געזעסן אין אַסטראָג. דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַן אַלטען ריכטער, וועלכער בעת ער האָט מיך פּעראורטהיילט צו זיצען, האָט געקוקט אויף מיר מיט די זעלבע בליקען, ווי דער אַלטער לעראָבלע אין וועטאָן. צו איהם בין איך אַוועק. איך האָב קיין טעות ניט געהאַט. ווען איך בין פון איהם אַוועק האָט ער מיר געגעבען הונדערט סו און געזאָגט: — דו קריגסט יעדעס מאָל אַזוי פיעל געלד אָבער דו טאָרסט ניט קומען אָפטער ווי צוויי מאָל אַ וואָך.

און נעהמענדיג אין אָנבעטראַכט זיין עלטער האָב איך איינגעזעהן, אַז ער איז גערעכט. אָבער דאָס האָט מיך אַרויפגעפיהרט אויף אַ געדאַנק. איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: די יונגע זיינען פרעך, זיי הולטאַיעווען נור און אונטערהאַלטען זיך, אָבער קיין געלד האָבען זיי ניט, די אַלטע אָבער זיינען שוין אַ גאַנץ אַנדער זאַך. און דערצו האָב איך זיי שוין איצט געקענט, די אַלטע פאַרזעהענישען.

ווייסט איהר וואָס איך האָב אַצינד געטהאָן? איך האָב זיך פאַרקליידט אלם אַם, וועלכע געהט פון מאַרק און בין אַרומגעלאָפען איבער די גאַסען הין און צוריק זוכענדיג מיינע „זויג קינדער". איך האָב זיי דערקענט אויף דעם ערשטען בליק און גלייך צו זיך געזאָגט: — אַן יענער איז מיינער.

איינער איז צוגעקומען נעהנטער און אָנגעהויבען:

— אַ גוטען טאָג, פריילען.

— אַ גוטען טאָג, מיין הערר.

— וואוהין געהט איהר דאָס?

— איך געה אַהיים צו מיינע בעלי בתים.

— וואָהנען דיינע בעלי בתים ווייט?

— אַט אַזוי זיך.

דאָ האָט ער ניט געוואוסט וואָס נאָך צו פרעגן. איך בין גע־גאַנגען לאַנגזאַם ווייטער, כדי ער זאָל קענען רעדן.

דאַן האָט ער מיר געמאַכט אַ פּאָר קאָמפּלימענטן און גע־זאָגט, איך זאָל ווען עס איז צו איהם אַרויפקומען. איך האָב זיך אַ פריהער געלאָזען אביסעל בעטען, און דאַן האָב איך עס געטהאָן. פון דעם סאָרט האָב איך געהאַט צוויי אָדער דריי יעדען אין דער פריה און יעדען נאָכמיטאָג בין איך געווען פריי. דאָס איז געווען די שעהנסטע צייט אין מיין לעבען, דאַן האָב איך ניט געוואוכט פון קיין זאָרג.

אָבער מען קען ניט אויביג לעבען רוהיג. צום אונגליק בין איך געוואָרען בעקאַנט מיט אַ רייכען חברה־מאַן פון דער געזעלשאַפט, אַ זאַמאָליגען פּרעזידענט, וועלכער איז אַלט געווען אודאי אַ יאָהר פינף און זיבעציג.

איין מאָהל אין אבענד האָט ער מיך מיטגענומען אין אַ דער־בייאיגען רעסטאָראַן און דאַן, ווייסט איהר, ער האָט ניט געוואוסט פון קיין מאָס... און איז געשטאָרבען ביי'ם דעסערט.

מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין געפענגניס אויף דריי מאָנאַ־טען, ווייל איך בין ניט געווען אונטער דער קאָנטראָלע פון דער פּאָליציי. און דאַן ערשט בין איך אַוועק נאָך פּאַריז.

אַך, דאָ איז דאָס לעבען שווער. נישט יעדען טאָג איז דאָ וואָס צו עסען, עס זיינען דאָ צופיעל אַזעלכע. אָבער וואָס העלפט עס, יעדער האָט זיך זיין פעקעל, ניט אמת?

* * *

זי איז אַנשוויגען געוואָרען. איך בין געגאַנגען נעבען איהר מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. פּלוצים האָט זי מיר ווידער געזאָגט:

— קומסטו ניט מיט, קליינער?

— ניין, איך האָב דיר שוין איין מאָהל געזאָגט.

— אויב אַזוי, דאַן אויף ווידערזעהן, אַ דאַנק. איך בין אויף דיר ניט בייז, אָבער איינס מוז איך דיר זאָגען, דו ביזט אַ נאַר.

און זי איז אוועק, באלד האט דער דראבנער רעגענדעל זי ווי איז א שלייער איינגעהילט. איך האב זי נאך געזעהן, ווי זי האט געשפרייזט אונטער א גאז־לאטערנע. דאן איז זי פארשוואונדען אין דער דונקעלהייט. ארימע באשעפעניש!



# די פרוי און די געליעבטע.



ים צוליעב איהרע לאנגע, זיידענע לאקען וועלכע האבען צוגעדעקט איהר קליין פעען ארטיג קעפעל, ווי מיט א גאלדענער קרוין, אדער איהר שענער געזיכטס־פארב, אדער איהר מויל, וועלכער איז געווען פריש ווי א קנאספע, אויך ניט א דאנק איהר ריינער אונ־שולד, וועלכע האט זיך ארויסגעוויזען אין איהר פלוצומדיגען רויט־ווערען, און ניט איהר קינדערשע, נאאיווע האלטונג איז עס געווען, וועלכע האט אנגעגריפען און בעזיעגט דזשארדזש דע־הארדעמעס׳ הארץ. ער האט געהאט א מאדנע נאטור: יעדער גערדאנק פון א יאך האט איהם געשראקען און געמאכט גלייך צו אנטלויפען פון דער קלענסטער געפאהר. זיין אונבעשטענדיגע הארץ איז ניט פעהיג גע־ווען אויף קיין לאנגער דויערענדער פארבינדונג און ער האט זיך אונ־טערגעגעבען אונטער יעדען נסיון, וועלכער איז איהם נור געקומען אין וועג אריין, אבער די דאזיגע אלע ליעבעס געשיכטען האבען אויף איהם ניט איבערגעלאזען מעהר שפורען, ווי מען קען געפינען אויף׳ן ברעג, וועלכער ווערט נאכאנאנד געוואשען פון די ים־כוואליעס.

עס איז ניט געווען דער טרוים פון א לעבען פול איבערגעגעבענהייט, פול רוהה, ניט דער פערלאנג צו ליעבען און געליעבט ווע־רען, וועלכען א לעב־מאן פיהלט אזוי אפט צווישען דרייסיג און פיערציג יאהר. עס זיינען איהם נאך ניט מיאוס געווארען די אלע אונצעהליגע פערגעניגענס פון זיין בחור׳שען לעבען, ארום וועלכע ער האט זיך נאכאנאנד ארומגעדרעהט, ווי א פערד אין א צירק. און די פוסטקייט, וועלכע איז ביסלעכווייז געווארען ארום איהם, נאך דעם ווי פיעלע פון זיינע פריינד האבען געהייראט האט איהם אויך ניט שטארק געארט. ער האט אויף זיי געקוקט, ווי אויף פערעטהער. הגם ער האט זיי אין הארצען מקנא געווען, און דאך האט ער צום סוף זיך צוגעהערט צו דעם געבעט און דעם ראטה פון זיין אלטער מאמע, צו הייראטען מיט פריילען סוזאננע דע־גאוברעס. זי האט

איהם בעזיעגט, ווען ער האט זי געזעהן שפיעלענדיג זיך מיט רוהיגע קליינע קינדער, וועלכע זי האט געקושט און געהאלזט און אויף וועלכע זי האט געקוקט מיט בליסטשעדיגע, בעגייסטערטע אויגען. ווען ער האט זי געהערט רעדענדיג פון די פריידען און די זארג פון מוטערס, פון זייער אמת'ן גליק, האט ער אין די גדאנקען דערזעהן פאר זיך א בילד פון א גליקליכע היים, פון א הויז פול מיט געלעכטער און געזאנג און פול סוויסטשערענדע פויגעלאך.

אין דער אמת'ן האט הערר דע הארדערמעס ליעב געהאט קינדער, ווי מאנכע מענער האבען ליעב חיות, זיי האבען איהם צוגעצויגען צו זיך און ער האט זיך אינטערעסירט מיט זיי, ווי מיט עפעס אן אנגענעהמער פארשטעלונג.

ער איז מיט זיי געווען זעהר צערטליך, גוט און אויפמערקזאם, האט אויסגעטראכט פאר זיי שפיעלערייען, זיי געהאלטען ביי זיך אויף'ן שויס, איז קיין מאל ניט מיעד געווארען זיי צו הערען פלוידערענדיג, אדער צוצוקוקען זיך, ווי זיי ווערען ענטוויקעלט, ווי עס וואקסען אין זיי די אינסטינקטען, דער פערשטאנד אין זייערע קליינע צארטע נשמות.

ער פלעגט געהן זיצען אין פארק מאנסעאן און אויף די סקווערס און בעאבאכטען ווי די קינדער שפיעלען און שפרינגען און טאנצען ארום איהם, און איין מאל אין א געוויסען טאג האט אימעצער — אן אויפערזיכטיגע געליעבטע אדער עפעס א פריינד — איהם אויף שפאס צוגעשיקט א טשעפיק פון א ניאנקע מיט לאנגע ראזעווע לענטעס.

אין אנהויב איז ער געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם צווייטער, וואס דער אנהויב פון א נייע אינטימע בעקאנטשאפט האט געוועהנליך אויף אונז. די ערשטע קושען האבען איהם בערוישט און איהר גאנצער וועזען וועלכער איז איהם נאך געווען אזוי ניי האט איהם בעצויבערט.

ער האט פון קיין זאך ניט געטראכט אויסער ווי אזוי נאך צו פארגרעסערען די הייסע ליעבע, וואס זיין פרוי האט איהם ארויסגעוויזען און האט געלעבט אין א צושטאנד פון שטענדיגער פארגעטערונג. סוזאננע'ס געפיהלען, די אומוואנדלונג פון איהר אונבעריהר-

טען הארצען, וואס האט גענומען צאפלען און ציטערען פאר ליעבע, איהר ליידענשאפט, איהר שעהמעוודיגקייט, אלעס וואס זי האט אי־בערגעלעבט, זיינען פאר איהם געווען אנגענעהמע סורפריזען.

ער האט געפיהלט דעם פיבערהאפטען פערגעניגען פון א רייזענדען וועלכער האט ענדעקט עפעס א וואונדערבארען גן עדן און פערליערט זיין קאפ. און מאנכעס מאל קוקענדיג אויף איהר מיט א לאנגען, פערליעבטען, שטאלצען בליק, פלעגט ער זי ארומכאפען מיטביידע הענד ארום טאליע און דריקענדיג איהר צו זיך אזוי שטארק, אז עס האט איהר וועה געטהאן, פלעגט ער אויסשרייען בעגייס־טערט:

— אך! איך בין זיכער אז אין ערגעץ אין דער גאנצער וועלט זיינען נישטא נאך צוויי מענשען, וועלכע ליעבען זיך אזוי שטארק ווי מירביידע און וועלכע זיינען אזוי גליקליך ווי דו און איך, מיין טהייערע!

עס זיינען אוועק מאנאטען פון אונאונטערבראכענער ליעבע, אבער דזשארדש האט זיך ניט געענדערט. ער האט זי נאך אלץ געליעבט און פארגעטערט און דער פייער פון זייער ליעבע איז ניט אויף א האר קלענער געווארען.

דאן האט ער פלוצים זיך אויפגעהערט צו פיהלען גליקליך, און ניט קוקענדיג אויף אלע אנשטרענגונגען עס צו בעהאלטען, האט איהם גארנישט געהאלפען און ער איז געווארען אן אנדער מענש. ער איז געווארען אונרוהיג, צוטומעלט, נערוועז, אלעס און אלע האבען איהם דערעסען, איהם געלאנגוויילט, ער איז שטענדיג געווען צורייצט און האט אליין ניט געוואוסט וואס ער וויל.

עס איז זיכער געווען עטוואס, וואס האט פאר׳סמ׳ט זיין ליעבע, וועלכע האט איהם אזוי גליקליך געמאכט, עטוואס וואס האט זיך אלץ ברייטער אוועקגעלייגט צווישען איהם און זיין ווייב און וואס האט ארויסגערופען ביי איהם א פיינדשאפט צו זיין היים.

ביסלעכווייז האבען די אונבעשטימטע ליידען אנגענומען א געוויסע פארמע אין זיין הארצען און זיי האבען איהם נאכאנאנד געטאמשעט ווי א ווארעם. ער האט ניט עררייכט זיין ציעל און האט צו שווער געפיהלט די משא פון די קייטען. ער האט פער־

שטאנגען אז ער וועט זיך קיין מאל ניט צוגעוואהנען צו אזא עקזים־טענץ, אז ער קען ניט ליעבען א פרוי, וועלכע איז, ווי עס שיינט, ניט פעהיג צו ווערען א מוטער, וועלכע ערניעדעריגט זיך צו דער שטופע פון א געזעצליכער געליעבטער און וועלכע האט ניט ערפילט איהרע פליכטען אלס פרוי און מוטער.

וועה! צו ערוואכען פון אזא חלום, צו זיין געצוואונגען מודה זיין זיך, אז ער וועט שטענדיג מוזען מקנא זיין דעם גליק פון אנ־דערע, אז ער אליין וועט קיין מאל ניט קושען א קליין, געקרויזט, שמייכלענדיג קעפעלע פון א קינד, וואס וועט טראגען א עהנליכ־קייט פון איהם. ער וועט מוזען אפלעבען דעם רעשט פון זיינע יאהרען אין עלענדקייט, צובראכען, מיט מעהר גאר נישט ווי אלט־קייט ארום זיך. מיט דעם געדאנק אין מוח, מיט דעם געפיהל אין הארצען, אז קיין צווייג וועט אמאל ארויסשפראצען פון זייז פאמי־ליען בוים. נעבען זיין טויטען בעט וועט ניט זיין קיינער, ווער עס זאל איהם די אויגען צודריקען, ווער עס זאל א טרעהר ארויסלאזען, קיין נאהענטער, פלייש פון זיין פלייש, בלוט פון זיין בלוט פאר ווע־מען ער זאל האבען געקעמפפט און מקריב געווען זיך. גלייכגילטיגע און געלדזיכטיגע יורשים וועלען ארום זיין טויטען־בעט שטעהן און וועלען אויף זיין טויט ווארטען, ווי מען ווארט אויף א טהייערען געווינס. אה, ווי דאס האט איהם וועה געטהאן! .

דזשארדש האט ניט דערצעהלט סוזאננע'ן, וואס פאר געפיהלען עס מאטערען איהם און ער האט זיך געהיט, זי זאל ניט בעמערקען ווי אונגליקליך ער איז. ער האט זי ניט בעאונרוהיגט מיט פראגען, וועלכע ענדיגען זיך געוועהנליך מיט טרויעריגע פאמיליען־סצענעס. אבער זי איז געווען צופיעל פרוי, האט געלעבט אהר מאן צו היים, אז זי זאל זיך ניט אנשטויסען אויף דעם, וואס האט איהם געמאכט אזוי טרויעריג און וואס האט אונטערגעגראבען זייער ליעבע.

אין יעדען מאמענט איז געקומען א נייע ענטוישונג, אין יעדען מאמענט האט מען אויף דאס ניי געהאפט. זי האט בשום אופן ניט געוואלט גלויבען, אז זייער הייסער וואונש וועט ניט ערפיעלט ווע־רען; זי איז קראנק געווארען פון דעם דאזיגען שמערצליכען ווארט־

טען און האט זיך ענטזאגט צו גלויבען, אז זי וועט קיין מאל ניט ווערען מוטער.

געהן צו א דאקטאר אדער צו א בעל מופת, ווי עס טהוען פיעלע פרויען אין זייער פערצווייפלונג, האט זי ניט געוואלט, זי האט אויף דעם געקוקט ווי אויף אן ערנידעריגונג. און איהר שטאלצע, געטרייע און ליעבענדע נאטור האט צום סוף פראטעסטירט געגען דער שלעכ־טער בעהאנדלונג פון איהר מאן, וועלכער האט מיט זיין פארביסע־נעם שווייגען און מורא'דיגער קאלטקייט זי ארויסגעבראכט פון זיך, בעת מיט א גוט פריינדליךווארט וואלט ער געקענט ביי איהר פועל'ן אלעס אין דער וועלט.

מיט פערצווייפלונג אין דער נשמה, האט זי געזעהן פאר זיך דעם סוף פון זייער ליעבע, האט געפיהלט, ווי עס וואקסט צווישען זיי די ביטערקייט, וועלכע מוז פריהער אדער שפעטער זיך ענדיגען מיט מורא'דיגע קריעגערייען, מיט בייזע, שטעכעדיגע פארווירפע, וואס וועלען אוועקשטעלען צווישען זיי אן אייזערנע וואנט.

צום סוף, איין מאל אן אבענד, ווען דזשארדש דע־הארדערמעס, אן אויפגערעגטער, האט זי בעליידיגט מיט שטעך־ווערטער און בייזע וויצען, האט סוזאננע, א בלייכע, א ציטערענדע איהם אונטערבראָ־כען און געזאגט מיט א פארשטיקט קול:

— אזוי לאנג ווי דו ליעבסט מיך ניט מעהר, ווארום זאלסטו עס מיר ניט זאגען איינפאך און אפען, אנשטאדט מיך צו בעליידי־גען און מיר געבען שפילקעס פון דער זייט, און איבערהויפט, צו־וואס זאלען מיר נאך ווייטער לעבען צוזאמען? דו ווילסט דיין פרייהייט און איך בין בערייט עס דיר צוריק צו געבען; דו האסט דיין פארמעגען, איך האב מיינעם. לאמיר זיך צושיידען אהן א סקאנדאל און אהן א געזעצליכען פראצעס, אזוי אז פון אונזער ליע־בע זאל כאטש איבערבלייבען אביסעלע פריינדשאפט. איך וועל פארלאזען פאריז און וועל געהן וואהנען אויף'ן לאנד מיט מיין מו־טער. גאט איז מיין עדות, אז איך ליעב דיך נאך אלץ, מיין ארע־מער דזשארדש. און אז איך וועל בלייבען דיין ווייב, צו איך וועל זיין מיט דיר, צו איך וועל זיין פון דיר געשיעדען!

דזשארדדש האט געציטערט א ווײַלע אײדער ער האט געענט־פערט. דאן האט ער אבגעקעהרט דעם קאפ און מיט אן אונרוהי־גען און אומעדיגען אויסדרוק אויף זײַן פנים, האט ער געזאגט:

— יא, דאס וועט אפשר זײַן דאס בעסטע פאר אונז בײדען!

זײ האבען מיט זײער אײגענעם ווילען געבראכען זײער הײ־ראטס־קאנטראקט. זי האט געהאלטען איהר ווארט, איז אוועק און האט זיך בעגראבען אין אײנזאמקײט, אין עלענדקײט, ווײט פון לע־בען, פון מענשען, פון גליק. זי האט זיך איבערגעגעבען צו איהר שיקזאל רוהיג, מילד, אהן טענות ווי נור געטרײע און איבערגעגע־בענע נשמות קענען עס טהאן.

זײ האבען געשריבען אײנער צום צווײטען, און זי האט זיך אלײן גענארט מיט דער האפנונג, אז דזשארדזש וועט זיך צוריקקעה־רען צו איהר, אז ער וועט זי צוריק רופען צו זיך, אז ער וועט זיך ארויסרײסען פון זײַנע פריהערדיגע פרײנד, וועט זיך כאפען פון וואס פאר א טיעפע ליעבע ער האט זיך מיט זײַן אײגענעם ווילען אבגעזאגט און וועט זי ווידער ליעבען, ווי ער האט זי אמאל גע־ליעבט. איהרע פרײנד האבען איהר נאכאנאנד בעוויזען, אז זי געפינט זיך אין א פאלשער, אין א לעכערליכער לאגע און איהר גע־ראטהען, זי זאל זיך גט'ען מיט'ן מאן און ווערען פרײ, אבער זי האט דערפון ניט געוואלט הערען און האט אלץ געהאפט.

אבגעלעבט עטליכע מאנאטען אין אײנזאמקײט, וואו א מאן אום צו פארטרײבען די לאנגווײליגקײט, געהט איבער פון די ארעמס פון אײן פרוי צו די ארעמס פון א צווײטער און בענוגענט זיך מיט צופעליגער ליעבע, האט דזשארדש פלוצים זיך געמאכט א נײע הײם. ער האט זיך פארבונדען מיט א פרוי, וועלכע ער האט צופעליג געטראפען אויף א אונטערהאלטונג פון פרײנד, א פרוי וועל־כע האט פארשטאנען ווי אזוי איהם צו געפעלען און איהם אמוזי־רען.

זײַן פערלאזענע פרוי האט זיך וועגען דעם דערוואוסט, אבער זי האט דערשטיקט אין זיך די אויפערזוכט און דעם וועהטאג, האט געמאכט א פרעהליכען שמײכעל און געטראכט, אז מיט דער וועט

זיין פונקט אזוי ווי מיט זיינע פריהערדיגע געליעבטע, פון וועלכע ער איז שפעטער פטור געווארען.

איז עס נאך אלעמען ניט געווען דער בעסטער מיטעל ארויסצו־רופען אין איהם די ענדערונג אויף וועלכער זי האט געהאפט, נאך וועלכער זי האט אזוי געבענקט? וועט ניט די צווייפעלהאפטע ליי־דענשאפט, די נאהענטקייט מיט זיין נייער געליעבטער צווינגען איהר מאן צו פערגלייכען די פרוי, וועלכע ער בעזיצט מיט דער פרוי, וואס ער האט פערלאזען? וועט עס ניט ערוועקען אין איהם א פער לאנג נאך דעם פערלארענעם גן עדן און דער הארץ פון פארגעבונג, פול ליעבע, פול גוטסקייט, וועלכע האט איהם נאך אלץ ניט פערגע־סען און איז גרייט זיך אומצוקעהרען צו איהם אויף דעם ערשטען וואונק זיינעם?

און איהר גלויבען אין א גליקליכערע צוקונפט איז געווען אזוי שטארק, אז ניט די בעווייזע, וואס איהרע פריינד האבען איהר צו־געשטעלט דאס הערר דע־הארדערמעס ווערט אלץ מעהר און מעהר צוגעבונדען צו זיין נייער געליעבטער, ניט דער שווייגען, וועלכען ער האט געענטפערט אויף אלע איהרע גוטע און פריינדליכע בריעף, זיינען אימשטאנד געווען איהם צו צוברעכען. איהר האלטונג איז געווען אזא ליעבליכע, אזא ריהרענדע, אז די, וואס האבען זי גע־קענט, האבען געקוקט אויף איהר ווי אויף א הייליגער.

צום סוף האבען די פריינד, וועלכע האבען איהר ליעב געהאט און אזוי פיעל מאל פרובירט צו ראטעווען די יונגע פרוי, זי אויסצו־היילען און איהר די אויגען עפענען, פערלארען זייער גערולד און האבען זיך אין גאנצען אויפגעהערט וועגען איהר צו קימערען. אי־בערגעלאזט צו זיך אליין, האט סוזאננע ווייטער געטרוימט איהר שענעם טרוים און געלעבט נור מיט דעם אליין.

צוויי יאהר זענען דערווייל אוועק, זייט זי האט אויפגעהערט צו לעבען מיט איהר מאן און זייט ער האט אויף איהר פלאץ גע־האלטען די פערהאסטע געליעבטע. זי האט פערלארען יעדען שפור פון זיי, האט גארניט געהערט פון איהם און טראצדעם אלעמען האט זי ניט אויפגעגעבען איהר האפנונג איהם ווידער צו זעהן און צוריק

צו פארנעהמען איהר פלאץ אין זיין הארצען. ווען און דורך וואס פאר א נס האט זי ניט געוואוסט, אבער זיכער וועט עס געשעהען פריהער ווי די אויגען, וועלכע ער האט אזוי ליעב געהאט. וועלען מיעד ווערען צו פערגיסען טרערען, און די העלע ליכטיגע האר, וועלכע ער האט אזוי אפט מיט קושען בעשאטען, וועלען האבען ווייס געווארען. און יעדען אין דער פריה, און יעדען פארנאכט, ווען דער פאטשטאליאן איז אנגעקומען האט זי זיך געטרייסעלט פאר אויפרעגונג און דאס הארץ האט זיך ביי איהר געצאפעלט פאר ער־ווארטונג.

אין א געוויסען טאג, ווען מאדאם דע־הארדערמעס איז געפאה־רען אין פאריז, האט זי זיך געפונען איינע אליין מיט א פויערטע אין דער פרויען אבטהיילונג פון וואגאן, וואוהין זי איז אין איילע־ניש ארייגעשפרונגען. די פויערטע איז געווען אנגעטהאן אין איה־רע בעסטע זונטאגדיגע קליידער און אויף'ן שויס האט זי געהאלטען א קליין קינד מיט ראזעווע בעקלאך און רויטינקע ליפעלאך. דאס קינד איז געווען איינער פון יענע לעבעדיגע מלאכים'לעך מיט חן גריבעלאך אין פנים'ל, ווי מען זעהט זיי אויף די בילדער פון די הייליגע.

די אמס האט געערדט צו דעם קינד צערטליכע רייד, האט גע־סמאטשקעט מיט ליפען, עס איינגעוויקעלט אין די פאלדען פון איהר קלייד און אפט געגעבען א הויכען, קלינגענדיגען קוש, בעת דאס עופה'לע האט זיך געשפיעלט מיט די הענטלאך, געמאכט פער־שיעדענע חן'דעלאך און געלאכט אויפ'ן קול. סוזאננע האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און געכאפט דאס קינד אין איהרע ארעמס, האט זי אויסגערופען:

— אך וואס פאר'א זיס קינדעלע דאס איהר!

אין אנהויב האט זיך דאס קינד דערשראקען פאר דעם פרעמ־דען פנים און אנגעשטעלט די ליפעלאך ווי צו וויינען; אבער דער־נאך האט עס זיך בערוהיגט און גענומען שמייכלען צו דער פרעמ־דער פרוי, וועלכע האט געקוקט אויף עס מיט אזוי פיעל גוטסקייט. און באלד האט עס זיך געשפיעלט און געטאנצט אין איהרע ארעמס.

די צוויי פרויען האבען זיך צורעדט און ניט וויסענדיג צו־וואס, האט מאדאם ד'הארדערמעס גענומען אויספרעגען די אם פון וואנען זי קומט און וואוהין זי פיהרט דאס קליין עופה'לע.

די פויערטע האט זיך געפיהלט געשמייכעלט, וואס סוזאנען איז אזוי געפעלען דאס קינד און וואס זי אינטערעסירט זיך מיט זיי און זי האט געענטפערט מיט שטאלץ, אז זי וואהנט אין באיס־לע־ראי, און אז איהר מאן איז א פוהרמאן.

דאס קינד האבען איהר אנפערטרויט א פאר פאלק, וועלכע וואהנט אין פאריז און שיינט צו זיין זעהר גליקליך און זעהר רייך. און די אמם האט צוגעלייגט מיט א קאמישען טאן:

— די מאדאם קען אפשר מיינע הערשאפטען, זיי הייסען הערר און מאדאם דע הארדערמעס?

סוזאננע איז אויפגעשפרונגען ווי פון א שלאנג געביסען און איז געווארען אזוי בלייך ווי איהר גאנץ בלוט וואלט פון א וואונד ארויסגעשטראמט. דענקענדיג, אז זי האט אפשר ניט ריכטיג געהערט, האט זי זיך איינגעגעסען מיט איהרע אויגען אין דער פוי־ערטע און מיט ציטערענדע ליפען געפרעגט לאנגזאם, ווי יעדער ווארט וואלט איהר אין הארצען געשניטען:

— איהר זאגט זיי הייסען הערר און מאדאם דע־הארדערמעס?

— יא מאדאם: קענט איהר זי?

— איך... יא... איך האב זיי אמאל געקענט; אבער דאס איז שוין לאנג צוריק.

זי האט קוים געקענט רעדען און איז געוועזען בלייך ווי דער טויט; זי האט ניט קלאהר געוואוסט וואס זי רעדט. איהרע אויגען האבען נור געזעהן דאס קינד, וועלכעס דזשארדזש מוז אזוי שטארק ליעב האבען.

און ער האט א שוועב געטהאן פאר איהר. עפעס אזוי ווי מען וואלט פלוצים א פענסטער געעפענט און דארט הינטער יע־נעם פענסטער, וואו פריהער איז אלס פינסטער געוועזען, האט זי זיי דערזעהן שטעהענדיג ארומגענומען, שטראהלענדע פאר גליק, מיט דער קליינער, ליבטיגער קעפעלע, דעם לעבעדיגען, שמייכלענדיגען

בעוויז פון זייער ליעבע, צווישען זיי ביידען.

זיי וועלען קיינמאל ניט פארלאזען איינער דעם אנדער'ן; זיי זיינען שוין איצט געווען כמעט אזוי ווי פערהייראט און האבען ביי איהר אוועקגערויבט דעם נאמען, וועלכען זי האט געהיט און פארטהיידיגט, ווי דאס אויג אין קאפ.

עס וועט איהר קיינמאל ניט געלינגען צו צוברעכען אזא פער־בינדונג. איהר לעבענסשיף איז אונטערגעגאנגען, אונטערגעגאנגען אין מיטען ים און קיינער און קיין זאך איז ניט אומשטאנדע זי צו ראטעווען.

און גרויסע טרערען האבען זיך גענומען קייקלען פון איהרע אויגען איינע נאכ'ן אנדער'ן, האבע זיך געקייקעלט איבער איהרע באקען און נאס געמאכט דעם שלייער.

דער צוג האט זיך אבגעשטעלט ביי א סטאנציאן און די אם האט געגען איהר ווילען צוגענומען דאס קינד פון סוזאננע'ן, וועל־כע האט עס פערצווייפעלט געדריקט צו איהר קלאפעדיגער ברוסט און געקושט אזוי היים, ווי זי וואלט עס געוואלט אריינזויגען אין זיך. זי האט זיך אבגערופען:

— איך פארשטעה, דאס קינד דערמאנט אייך הפנים אויף איינס, וואס איהר האט פערלארען, מיין ארימע מאדאם, אבער אין אייערע יאהרען קען מען אזא פערלוסט לייכט צוריקגעווינען: א צווייטע קינד איז פונקט אזוי גוט ווי אן ערשטע, אז מען וויל נור.

מאדאם דע־הארדערמעס האט איהר צוריקגעגעבען דאס קינד, איז ארויסגעלאפען פון וואגאן אפריהער פון איהר, ווי עפעס א פער־פאלגטע חיה און האט זיך אריינגעווארפען אין דער ערשטער בעס־טער קארעטע וואס זי האט דערזעהן.

זי האט פערקלאגט איהר מאן און געקריגען א גט.



# אַ משוגע׳נער.



ר איז געשטאָרבען אַלס דער פּרעזידענט פון אַ הויכען געריכט און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ נאָמען פון אַ עהרליכען, עהרענהאַפטען בעאַמטען, וועמעס אידע־אַלער לעבען איז געוואָרען אַ שפּריכוואָרט אין די יוריסטישע קרייזען פון פראַנקרייך. די אַדוואָקאַ־טען, די בעאַמטע און די יונגע ריכטער האָבען מיט גרויס דרך ארץ בעגריסט זיין בלייך פּנים, אויף וועלכען עס האָבען געלויכ־טען צוויי גרויסע בליסטשענדיגע אויגען.

זיין גאַנץ לעבען האָט ער פערפאָלגט פערברעכער און גע־שטיצט די, וועלכע זיינען געווען אין געפאַהר פון זיי. גנבים און מערדער האָבען ניט געהאַט קיין ערגערען שונא, ווי איהם, וואָ־רום ער האָט געהאַט עפּעס אַ מין קראַפט אַריינצודרינגען אין זייי־ערע נשמות, לעזען זייערע געהיימסטע געדאַנקען און מיט אַ בליק פון זיין אויג דערגעהן אַלע זייערע שפּיצלעך און פאַלשקייטען.

ער איז געשטאָרבען אין עלטער פון פיער און אַכציג יאָהר אין גרויס כבוד און אין גדולה. אַ גאַנץ פאָלק האָט איהם בעוויינט, סאָלדאַטען אין פאַראַדנער יוניפאָרם האָבען איהם בעגלייט ביז׳ן קבר, און הערדען אין ווייסע קראַוואַטען האָבען איבער זיין גרוב וואַרימע רעדעס געהאַלטען און טרערען פערגאָסען.

און דאָ האָט דער צושראָקענער נאָטאַריוס אין דעם שרייב־טיש פון׳ם פערשטאָרבענעם צווישען די אַקטען פון די גרויסע פאַרברעכער געפונען דעם פאָלגענדען מערקווירדיגען שריפטליכען דאָקומענט:

ו ו אַ ר ו ם ?

20טען יוני, 1851. — איך קום נור וואָס פון דער זיצונג. איך האָב געלאָזט פער׳משפּט׳ען בלאָנדעל׳ן. וואָרום האָט דער דאָזיגער מאַן געטויטעט זיינע אייגענע פינף קינדער? וואָרום?

אפט בעגעגענט מען מענשען, פאר וועמען דער מארד שיינט צו זיין אן אמת'ער פערגעניגען, און עס מוז טאקע זיין א פארגעניגען, אפשר דער גרעסטער פון אלע פערגעניגענס. שטעהט דען דער טויט ניט אם נעהנסטען צום בעשאפען? בעשאפען און צושטערען! די דאזיגעביידע ווערטער ענטהאלטען אין זיך די גאנצע געשיכטע פון דער וועלט, פון אלעם, אלעס, וואס עקזיסטירט. פארוואס זאל זיין אזוי אנגענעהם צו טויטען?

25 יוני. — ווען מען טהוט א טראכט, אז דא לעבט א מענשליך בעשעפעניש... דאס דאזיגע לעבעדיגע זאך, וועלכע בעוועגט זיך, האט א ווילען, וועלכער רעגולירט זיינע האנדלונגען. די דאזיגע זאך איז מיט קיין זאך נישט פארבונדען, עס איז ניט צוגעוואקסען צו דער ערד, עס איז נור גלאט אזוי עפעס א שטיק לעבען, וועלכעס בעוועגט זיך אויף דער ערד, און דעם דאזיגען אבגעריסענעם שטיקעל לעבען, וועלכער גאט ווייסט פון וואנען ער איז געקומען, קען מען צושטערען, אויב מען וויל, און דאן בלייבט פון איהם גארנישט, ער ווערט פערפוילט און גאר.

26 יוני. — פאר וואס איז עס א פארברעכען צו טויטען? וואָרום? אין געגענטהייל. עס איז א נאטור-געזעץ. יעדער באשעפעניש איז געבארען אום צו טויטען. עס טויטעט אום צו לעבען און עס טויטעט אום צו טויטען. דער מארד ליגט אין אונזער נאטור. מיר מוזען טויטען. די חיה טויטעט אהן אויפהער יעדען טאג, יעדע רגע פון איהר לעבען. דער מענש מארדעט נאכאנאנד. כדי זיך צו שפייזען און אויך ווייל ער האט א באדערפעניש צו טויטען. פאר זיין פערגעניגען האט ער זיך אויסגעטראכט דאס געיעג. דאס קינד אפילו טויטעט די אינסעקטען, וואס עס געפינט, די פויגעלעך אין די נעסטען, אלע יענע קליינע חיה'לאך, וועלכע קומען איהם אונטער די פינגער. אבער דאס זעטיגט נאך ניט דעם אונווידערשטעהליכען פערלאנג צו מארדען, וועלכער ליגט אין אונז. מיר בענוגענען זיך ניט דערמיט, וואס מיר טויטען חיות, מיר מוזען טויטען מענשען אויך. אמאל, אין די פריהערדיגע צייטען האט מען, צוליעב דעם, מענשען געאפפערט. היינט ווערט דער מארד בעטראכט אלס פארברעכען פון אונזער געזעלשאפט. מען פאר-

אורטיילט און בעשטראפט דעם מערדער. אבער אזוי ווי מיר קענען ניט לעבען אהן דעם, אז מיר זאלען בעפרידיגען אונזער זעהר גאַ־טירליכען טריב צו טויטען, פארגרינגערען מיר זיך פון צייט צו צייט מיט מלחמות, וואו א גאנץ פאלק הרג'עט אוים אן אנדער פאלק, דאן באדען זיך אלע אין בלוט, גאנצע ארמעען ווערען מיט אמאל בלוט־דורשטיג. עס פאלט אויף זיי אן עפעס א מין בלוטיגע שכרות, מיט וועלכער זיי שטעקען אן די בירגער, די פרויען און קינדער, ווען יענע לעזען ביינאכט ביי דעם שיין פון א לאמפ די שילדערונגען פון די בלוטיגע שלאכטען.

מען האט געקענט דענקען, אז די וועלט וועט פעראכטען די מענשען, וועמעס בערוף עס איז צו מאכען אזעלכע מענשען־שלאכ־טען. אבער עס הויבט זיך גארנישט אן, מען ווייזט זיי ארוים גרויס כבד, מען טהוט זיי אן אין בליסטשענדיגע יוניפארמען, זיי טראגען קוקארדעס אויף דעם קאפ און ארדענס אויף דער ברוסט. מען גיט זיי פערשיעדענע טיטלען, מעדאליען. זיי זיינען שטאלץ, געאכטעט, געליעבט פון די פרויען, פארעהרט פון די מאסען און דאס נור דערפאר, ווייל זייער אויפגאבע איז צו פערגיסען מענשען־בלוט. זיי געהען ארום איבער די גאסען און קלינגען מיט זייערע מארד־אינטרומענטען און די פארבייגעהער אין ציווילע קליידער קוקען אויף זיי מיט קנאה. ווייל מארד איז דער גרעסטער געזעץ, וואס די נאטור האט איינגעפלאנצט אין מענשען. עס איז נישטא קיין שענערע און קיין עהרענהאפטערע זאך, ווי צו טויטען.

30 יוני. — מארד איז א געזעץ, ווייל די נאטור האט ליעב די עביגע יוגענד. פון אלע איהרע אונבעוואוסטע טהאטען הערט זיך א געשריי: שנעלער! שנעלער! וואס מעהר זי צושטערט, אלץ שנעלער בענייט זי זיך.

2 יולי. — וואס איז אייגענטליך דער מענש? אלעס און גאר־נישט. דורך דעם געדאנק איז ער אלעס. דורך זיין געדעכעניש און וויסען איז ער אן אבגעריסען שטיקעל פון דער וועלט, וועמעס געשיכטע ער טראגט אין זיך. ער איז א שפיגעל פון די ארומיגע זאכען און טהאטען. יעדער מענשליך באשעפעניש ווערט איז דער גרויסער וועלט א קליין וועלטעלע פאר זיך.

אבער קוקט זיך ארום, ווען איהר זייט אויף א רייזע און זעהט ווי גאנצע ראססען שוועבען פארביי, דאן האט דער מענש שוין גאר קיין בעדייטונג, דאן איז ער א גארנישט, א גארנישט, א גאר־נישט. געהט ארויף אויף א שיף, פאהרט אב אביסעל פון ברעג און באלד וועט איהר גארנישט מעהר זעהן אויסער דעם האפען. דאס קליינע, אונבעמערקליכע בעשעפעניש איז פארשוואונדען, אזוי קליין און אזוי אונבעדייטענד איז דאס. פאהרט דורך אייראפא אין א שנעלצוג און קוקט דורכ'ן פענסטער ארויס: איבעראל זעהט איהר מענשען, ניט אבצוצעהלען, אומעדום מענשען! זיי זיינען פול אויף די פעלדער, זיי שטופען זיך אין די גאסען; נארישע פויערים, וועלבע פארשטעהען קיין אנדער זאך ניט אויסער זייער פעלד, העסליכע ווייבער, וועלכע קענען קיין אנדער זאך, אויסער פאר דעם מאן די טעפ־לאך קאכען און קינדער האבען. פאהרט קיין אינדיען, קיין חינא. דאן וועט איהר ווידער זעהן מיליארדען פון מענשליכע בעשעפעני־שען, וועלכע ווערען געבארען, לעבען און שטארבען, ניט איבערלא־זענדיג נאך זיך מעהר שפורען, ווי די מוראשקע, וואס מען צוטרעט אויף'ן וועג. פאהרט אין יענע לענדער, וואו די שווארצע וואהנען אין זייערע פארשמירטע הייזלאך, וואו די אראבער זיצען אונטער זייערע ברוינע געצעלטען, וועלכע פלאטערען אין ווינד, און דאן וועט איהר בעגרייפען, אז דער איינצעלנער איז און פאר זיך בעדייטעט גארנישט, אבסאלוט גארנישט. די ראססע איז אלעס. וואס בעדיי־טעט איין מענש, איין איינציג בעשעפעניש ביי וועלכען ניט איז נא־מאדען שטאם פון דער וויסטעניש? די דאזיגע מענשען זיינען ווי פילאסאפען, זיי האבען ניט מורא פאר דעם טויט, דער מענש איז ביי זיי גארנישט. מען פיהרט שטענדיג קריעג, מען טויטעט דעם שונא.

יא, פאהרט ארום איבער דער וועלט און קוקט אויף די מחנות אונצעליגע אונבעקאנטע מענשען. אונבעקאנט? אט אין דעם ליגט טאקע דאס גאנצע פראבלעם. דער מארד איז געווארען א פארברע־כען, ווייל מיר האבען די מענשליכע בעשעפענישען נומערירט. ווען זיי ווערען געבארען, טראגט מען זיי אריין אין ביכער, מען גיט זיי א נאמען, מען טויפט זיי. זיי שטעהען אונטער דעם געזעץ. אין

דעם ליגט די גאנצע געשיכטע. די בעשעפעניש, וועלכע איז ניט פארשריבען, וועלכע האט ניט קיין נומער, איז א גארנישט. דער'־הרג'עט עס וואו עס איז דער וויסטעניש, ערמארדעט עס אין די בערג אדער אין די טהאלען און עס וועט גארניט פאסירען. די נא־טור האט ליעב דעם טויט, זי שטראפט ניט.

אבער די געזעלשאפט שיצט די מענשען. זי זאגט, אז דער מענש איז הייליג, מען טאר איהם ניט אנריהרען, ווייל ער שטעהט פארשריבען אין די ביכער. דערפאר מוזט איהר האבען רעספעקט, דאס איז דער אמת'ער גאט.

דער שטאאט אבער מעג טויטען, ווייל ער האט דאס רעכט די ליסטען מיט די נעמען פון די מענשען צו פארענדערען. ווען ער לאזט אויסשלאכטען אין א מלחמה צוויי מאל הונדערט טויזענד מענ־שען, דאן מעקט ער זיי פשוט אויס פון די ליסטען דורך דער האנד פון זיינע בעאמטע. און אויס מיט זיי. מיר אבער, וועלכע קענען די ביכער פון'ם שטאאט ניט ענדערען, מוזען רעספעקטירען דאס לע־בען. די מאכט, וואס געפינט זיך אין די טעמפלען פון די בעאמטע איז שטארקער פון דער נאטור.

3 יולי. — עס מוז זיין א זעלטענער, א גרויסער פערגעניגען צו טויטען. אט זעהסטו פאר זיך א לעבעדיג, דענקענדיג וועזען און דו מאכסט אין איהם א לאך, נור איין קליין לעכעלע און עס גיט א גאס די רויטע פליסיגקייט, וועלכע מען רופט בלוט און אויף וואס עס האלט זיך דאס לעבען, און באלד האסטו פאר זיך א הויפען ווייכען, קאלטען פארגליווערטען פלייש, אהן א הויך פון לעבען.

5 אוגוסט. — וואס וואלט געווען, ווען איך אליין זאל מיט מיי־נע אייגענע הענד אימצען טויטען, איך, וועלכער האט זיין גאנץ לעבען בעשטראפט מערדער, זיי געטויטעט מיט דער גילאטינע דער־פאר וואס זיי האבען געטויטעט מיט'ן מעסער? ווער וואלט עס דאן אויסגעפונען?

10 אוגוסט. — וואלט אויף מיר געפאלען א חשד, איבערהויפט נאך ווען איך זאל אויסקלייבען א מענשען, אין וועמעס טויט איך האב קיין שום אינטערעס ניט?

15 אוגוסט.— דער נסיון, דער נסיון איז אין מיר אריינגע־

קראַכען ווי א ווארעם. ער פערפאלגט מיר, ער געהט מיר נאך, ער קלינגט מיר נאכאנאנד אין די אויערען און מיר דאכט, אז איך הער נאכאנאנד עטוואס מורא׳דיגעס, עטוואס וואונדערליכעס, הערצרייי־סענדעס, ווי דער לעצטער געשריי פון א מענשליך וועזען. און דאס צובערענט אין מיר מיינע פערלאנגען, עס שטופט מיינע פיס און שלעפט זיי צו געהן אהין, וואו עס זאל געשעהן. מיינע הענד ברע־נען און ציטערען פאר׳ן פערלאנג צו טויטען. אך ווי געשמאק מוז עס זיין; ווי פיין און ווירדיג פאר א פרייען מענשען, וועלכער שטעהט העכער פון די איבעריגע, וועלכער פארשטיקט זיין געוויסען, כדי דורכצופיהלען אונגעוועהנליכע געפיהלען.

22 אוגוסט. — איך האב מעהר ניט געקענט אויסהאלטען. איך האב געטויטעט א קליין חיה׳לע, אום צו מאכען א פראבע, אן אנ־הויב.

מיין דיענער זשאן געהאט א פויגעל, ועמעס שטייגעל עס איז געהאנגען אויף דעם פענסטער פון עס־צימער. איך האב דעם דיענער אוועקגעשיקט, ער זאל פאר מיר עפעס בעזארגען און דאן האב איך גענומען דאס קליין פויגעלע אין האנד אריין. איך האב געפיהלט, ווי זיין הערצעלע קלאפט. ער איז געוועזן ווארעם. איך בין אוועק אין מיין צימער און גענומען דריקען מיין האנד אלץ שטארקער און שטארקער. זיין הארץ האט גענומען קלאפען שנע־לער. עס איז געוועזן מורא׳דיג און מחיה׳דיג צוגלייך. איך האב איהם שוין געוואלט אזוי דערשטיקען, אבער דאן וואלט איך ניט גע־זעהן קיין בלוט.

איך האב גענומען א שער, א קורצע נעגעל־שערעל און האב איהם גאנץ לאנגזאם מיט דריי שניטען איבערגעשניטען די האלז. ער האט געעפענט דעם שנאבעל, האט געוואלט אוועקפליהען פון מיר, אבער איך האב איהם געהאלטען, געהאלטען פעסט. דאן האב איך דערזעהן בלוט. אך ווי שען!... רויט, לויכטענדיג, העל, בלוט, בלוט! איך האב דערפיהלט א אונווידערשטעהליכען פערלאנג עס צו טרינקען. איך האב מיט׳ן שפיץ צונג עס גענומען לעקען. עס האט גוט געשמעקט. דאס ארעם פויגעלע האט אבער געהאט אזוי ווייניג בלוט! איך האב גאר קיין צייט ניט געהאט עס גענוג אנ־

צוקוקען! עס מוז זיין א גרויס פערגעניגען צוצוזעהן, ווי א שטיער גיהט אב מיט בלוט.

און דאן האב איך געטהאן, ווי א ריכטיגער מערדער. איך האב אבגעווישט די שערעלע, מיר אויסגעוואשען די הענד, דאס וואסער אויסגעגאסען, דעם קערפער, דעם קליינעם טויטען קערפער'ל אין גארטען אוועקגעטראגען, כדי איהם דארט צו באגראבען. און איך האב איהם פארשארט אונטער א בוימעל יאגדעס. מען וועט איהם קיין מאל ניט געפינען. איך וועל איצט אלע טאג עסען א יאגדע פון דעם דאזיגען בוימ'על. אך, ווי מען קען הנאה האבען פון לעבען, ווען מען פארשטעהט איהם נור ריכטיג.

מיין דיענער האט געוויינט. ער דענקט, אז זיין פויגעל איז אוועקגעפלויגען. ווי קען איהם דען איינפאלען אויף מיר א חשד? כא־כא־כא!

25 אוגוסט. — איך מוז א מענשען טויטען. איך מוז.

30 אוגוסט. — עס איז געשעהן.

איך בין געגאנגען שפאציערען אין וואלד פון ווערנעס. איך האב וועגען קיין זאך ניט געטראכט, וועגען קיין זאך. פלוצים האב איך אויפ'ן וועג געטראפען א קליין קינד, א אינגעל, וועלכער האט געגעסען ברויט מיט פוטער.

ער האט זיך אבגעשטעלט, מיך אנגעקוקט און געזאגט:

— גוט מארגען, הערר פרעזידענט!

און דא האט מיר א געדאנק א שאס געטהאן אין מוח: טאמער וואלט איך איהם געטויטעט?

איך האב געענטפערט:

— ביזטו אליין, מיין אינגעל?

— יא, הערר פרעזידענט.

— איינער אליין אין וואלד?

— יא, הערר פרעזידענט.

דאן האט די לוסט צו טויטען מיך בערוישט, ווי אלקאהאל. איך בין גאנץ לאנגזאם צוגעגאנגען צום אינגעל, איך האב געמיינט, אז ער וועט אנטלויפען, און איך האב איהם א כאפ געטהאן פאר'ן האלז און איהם צוזאמענגעדריקט מיט אלע מיינע קרעפטען. ער

האָט מיך אָנגעקוקט מיט שרעקליכע אויגען, גאַנץ רונד, טיעף, קלאָר, שרעקליך! איך האָב קיין מאָל ניט איבערגעלעבט אַזאַ אויפ־רעגונג. עס איז נור געווען צו קורץ! ער האָט זיך איינגעקלאַמערט אָן מיינע פויסטען מיט זיינע קליינע הענדלאַך און זיין גאַנצער קער־פּער האָט זיך געדרעהט ווי אַ פּעדער, וועלכען מען האַלט פאַר אַ ליכט. דאַן האָט ער זיך מעהר נישט בעוועגט.

מיין הארץ האָט געקלאַפּט. עס האָט געשפּרונגען ווי דאָס הער־צעל פון דער פויגעלע. איך האָב דעם קערפּער אין אַ גרוב אריינ־געוואָרפען און דאַן עס בעשאָטען מיט גראָז.

דאַן בין איך אהיים געגאַנגען און דאָס עסען האָט מיר זעהר געשמעקט, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרניט געשעהן. דעם אָבענד בין איך געווען זעהר לוסטיג, עפּעס ווי איך וואָלט גאָר אינגער געוואָ־רען, איך האָב זעהר גוט די צייט פאַרבראַכט ביים פּרעפעקט. אַלע האָבען מיך בעטראַכט פאַר זעהר גייסטרייך.

אָבער איך האָב קיין בלוט ניט געזעהן. איך בין גאַנץ רוהיג.

30 אוגוסט. — מען האָט געפונען דעם טויטען קערפּער. מען זוכט דעם מערדער. כאַ! כאַ!

1טען סעפּטעמבער. — מען האָט ארעסטירט צוויי טרעמפּס. קיין בעווייזע זיינען נישטאַ.

2טען סעפּטעמבער. — די עלטערען זיינען צו מיר געקומען. זיי האָבען געוויינט. כאַ! כאַ!

6טען אָקטאָבער. — מען האָט גאָרנישט אויסגעפונען. עפּעס אַ לאַנדשטרייך האָט עס געמוזט טהאָן, אַזוי דענקט מען. כאַ! כאַ! ווען איך וואָלט נור געזעהן זיין בלוט, איך גלויב, אַז דאַן וואָלט איך געווען רוהיג.

10טען אָקטאָבער. — די לוסט צו טויטען לויפט מיר דורך אַלע אָדערען. עס איז ווי דער ליעבעס פייער, ווען מען איז צוואַנ־ציג יאָהר אַלט.

20טען אָקטאָבער. — נאָך איינעם. איך בין געגאַנגען שפּאַ־ציערען אויפ׳ן ברעג טייך און דאָ האָב איך דערזעהן, ווי אַ פישער שלאָפט אונטער אַ בוים. עס איז געווען מיטאָג צייט. אין דעם נאָהענטען קאַרטאָפעל־פעלד האָט געשטעקט אַ האַק, עפּעס אַזוי

ווי צוגעגרייט אומישנע דערפאר. איך האב זי א כאפ געטהאן, האב זיך צוגע׳גנב׳עט צו דעם שלאפעדיגען, האב אויפגעהויבען די האנד מיט דער האק און מיט איין אייגציגען קלאפ דעם פישער דעם קאפ צושפאלטען. האט ער אבער געבלוטיגט! רויטע בלוט אויסגעמישט מיט מארך האט זיך פון איהם געגאסען און געגאסען און לאנגזאם אראבגעשטראמט אין וואסער אריין. און דאן בין איך גאנץ ערנסט און פול ווירדע אוועקגעגאנגען. אך ווען כאטש איין מענש וואלט עס געקענט זעהן! איך וואלט געווארען אן אויסגעצייכענטער מער־דער.

25טען אקטאבער. — די געשיכטע מיט׳ן פישער מאכט אן א גרויסען רעש. מען פארדעכטיגט זיין פלימעניק, וועלכער איז שטענדיג מיט איהם געגאנגען כאפען פיש.

26טען אקטאבער. — דער אונטערזוכונגס־ריכטער בעהויפ־טעט, אז דער פלימעניק איז דער אמת׳ער מערדער. אין שטאדט גלויבען עס אלע. כא! כא!

27טען אקטאבער. — דער פלימעניק פארטיידיגט זיך זעהר נאריש! ער זאגט אז ער איז אין יענער צייט אוועק אין שטאדט צו קויפען ברויט און קעז. ער שווערט, אז מען האט דעם אנקעל ערמארדעט, ווען ער איז געווען אין שטאדט. אבער ווער וועט עס איהם גלויבען!

28טען אקטאבער. — דער פלימעניק האט זיך כמעט מודה געווען, אזוי האבען זיי זיך אויף איהם אנגעזעצט. כא! כא! אונ־זערע געריכטען און אונזערע פערברעכער!

15טען נאוועמבער. — מען האט שטארקע בעווייזע געגען דעם פלימעניק, וועלכער האט געוואלט ירשנ׳ען זיין אנקעל. איך וועל זיין דער פרעזידענט פון דער געריכטספערהאנדלונג.

25טען יאנואר. — צום טויט... צום טויט פאראורטיילט. איך האב איהם געלאזט פאראורטיילען צום טויט. דער פראקוראר האט גערעדט, ווי א מלאך פון נקמה. כא! כא! כא! נאך איינער. איך וועל זיין ביי דער הינריכטונג.

10טען מערץ. — אויס מיט איהם. היינט אין דער פריה האט מען איהם הינגעריכטעט. ער איז זעהר שען געשטארבען, זעהר שען,

ס'האט מיר א סך פערגעניגען פערשאפט, עס איז שרעקליך אינטע־רעסאנט צוצוקוקען, ווי מ'האקט איינעם דעם קאפ אראפ. דאס בלוט האט א שאס געטהאן ווי א שטראם, ווי אן אמת'ער שטראם. ווען איך זאל קענען, וואלט איך זיך אין דעריין געבאדען. דער גע־דאנק: זיך צו לייגען אונטען און דאס בלוט זאל ארונטעררינען אויף די האר און אויף דעם פנים און דאן אויפשטעהען אין גאנצען א רויטער. וואונדערבאר! אך ווען מען זאל וויסען...

איצט וועל איך ווארטען, איך קען ווארטען. איך קען נאך דורך עפעס א קלייניגקייט ארייגפאלען ......

דער מאנוסקריפט האט פארנומען נאך א סך זייטלאך, אבער פון קיין נייע פארברעכענס האט זיך דארט מעהר ניט גערעדט.

די דאקטוירים פאר משוגעים, וועמען מען האט עס איבערגעגע־בען, בעהויפטען, אז צווישען אונז געפינען זיך א סך פארריקטע, פון וועלכע מען ווייסט גארנישט און וועלכע זיינען פונקט אזוי גע־פעהרליך פאר'ן כלל ווי אט די דאזיגע משוגענע, ווילדע בריה.



# שפעטער.



ונדערלעך מיינע, — האט געזאגט די גרעפין, — איהר מוזט געהן שלאפען.

די דריי קינדער, צוויי מיידלעך און א אינגעל, האבען זיך אויפגעהויבען א קוש צו טהאן זייער באבע'ן.

זיי האבען געזאגט „א גוטע נאכט" צו דעם פריסטער, וועלכער האט געגעסען מיטאג אין שלאס, ווי ער האט עס געטהאן יעדען דאנערשטאג.

דער אבבע מאודויט האט ארויפגעזעצט צוויי פון די קינדער צו זיך אויף די קניה און ארומגענומען זיי מיט זיינע ארעמס ארום האלז, האט ער צוגעצויגען זייערע קעפלעך צו זיך און מיט א פאטערליכער בעוועגונג, זיי ווארים און צערטליך אויפ'ן שטערען בעקושט.

דאן האט ער זיי ווידער ארונטערגעלאזען אויף דער ערד און די קליינע ווידליקעס זיינען ארויסגעגאנגען, דער אינגעל אין פאר־אוים, און די מיידלעך נאך איהם.

— איהר האט ליעב קינדער, העררר אבבע, — האט געזאגט די גרעפין.

— יא, זעהר ליעב, מאדאם.

די אלטע פרוי האט אויפגעהויבען איהרע ליכטיגע אויגען צו דעם פריסטער.

— און... אייער איינזאמקייט איז אייך קיין מאל ניט געפא־לען צו לאסט ?

— יא, מאנכעם מאל.

ער איז אנשוויגען געווארען, זיך א ווילע געשלאגען מיט

דער דעה און דאן צוגעלעגט : — אבער איך בין ניט בעשאַפען געוואָרען פאַר אַ געוועהנליך לעבען.

— ווי אַזוי ווייסט איהר עס ?

— אַה ! איך ווייס עס זעהר גוט. איך בין בעשאַפען צו זיין אַ פּריסטער : און איך בין אוועק אויף דעם וועג, אויף וועל־כען מיין בעשעפער האָט מיך געשיקט.

די גרעפין האָט ניט אראָבגענומען פון איהם איהרע אויגען :

— זאָגט מיר, הערר אבבע, זאָגט מיר, איך בעט אייך... ווי איז עס געקומען, וואָס איהר האָט זיך אויף אייביג ענטזאָגט פון דעם לעבען, וועלכער איז אונז אַלעמען אַזוי ליעב און טהייער ? וואָס אַזוינס האָט אייך בעוועגט, האָט אייך געטריבען צו פערלאַ־זען דעם גרויסען נאַטירליכען וועג, וואָס פיהרט צו אַ פערהייראַ־טהען לעבען, צו אַ פאַמיליע ? אויף וויפיעל איך קען אייך, זייט איהר ניט קיין ענטהוזיאַסט און ניט קיין פאַנאַטיקער, איהר זייט אויך ניט קיין פערטרויערטער, אומעדיגער מענש. היינט ווי קומט עס ? האָט מיט אייך פּאַסירט עפּעס אַן אונגעוועהנליכער צופאַל, אַן אונגליק, וואָס האָט געפיהרט דערצו, אַז איהר זאָלט זיך אויף אייביג פון'ם גאַנצען לעבען אָבזאָגען ?

דער אבבע מאָודויט האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעקומען נעהנטער צום פייער און אויסגעצויגען צו די פלאַמען זיינע גרויסע שיך, וועלכע עס טראָגען געוועהנליך די דאָרפישע פּריסטער. עס האָט געשיינט, אַז ער שלאָגט זיך נאָך אַלץ מיט דער דעה, וואָס פאַר אַן ענטפער צו געבען.

ער איז געווען אַ הויכער אַלטער מאַן, מיט ווייסע האָר, און פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר דער פּריסטער פון דער געמיינדע סיינט־אַנטאַן־דו־ראַשער. די בויערים האָבען וועגען איהם געזאָגט: „אָט דאָס איז אַ גוטער מענש ! " און ער איז ווירקליך געווען אַ גוטער מענש, וואָהלטהעטיג, פריינדליך צו אַלעמען, גוטמוטהיג, מיט אַ וואַרימער האַרץ און אַן אָפענער האַנד. ווי דער הייליגער מאַר־טין, האָט אויך ער זיין מאַנטעל אין צווייען צוריסען. ער האָט הערצליך געלאַכט און אויך אָפט געוויינט פאַר אַ ליאָדע קלייניגקייט,

ווי א פרוי. דאס לעצטע האט אפט ארויסגערופען געגען איהם א פאראורטהייל ביי די פערהארטעוועטע דארפס־לייט.

די אלטע גרעפין דע סעוויללע, וועלכע האט געלעבט צוריקגע־צויגען אין איהר שלאס פון ראשער און האט דארט ערצויגען איהרע אייניקלעך, וואס זיינען געבליבען יתומים נאך דעם טויט פון איהר זוהן און דער שנור, איז געווען זעהר צוגעבונדען צו דעם אבבע און פלעגט ווענען איהם זאגען : „ער האט א גוט הארץ ! “

יעדען דאנערשטאג איז דער אבבע געקומען פערברענגען אן אבענד אין שלאס, און זיי זיינען געווען נאהענטע פריינד. צווישען זיי האט עקזיסטירט אן אפענע און עהרליכע פריינדשאפט פון אלטע לייט.

זי איז צו איהם צוגעשטאנען.

— הערט אויס, הערר אבבע ! אלע מאל קומען מענשען צו אייך, כדי זיך פאר אייך מתודה צו זיין, איצט איז אייער צייט זיך אליין אויסצורייידען דאס הארץ.

ער האט געזאגט נאך אמאל :

— איך בין ניט בעשאפען געווארען פאר א לעבען ווי אלע אנדערע מענשען. צום גליק האב איך עס איינגעזעהן אין צייט, און איך האב דערנאך געהאט גענוג בעווייזע, אז איך האב קיין טעות ניט געהאט.

מיינע עלטערען, וועלכע זיינען געווען סוחרים אין ווערדיערס און זיינען געווען גאנץ רייך, האבען אויף מיר געלעגט גרויסע האפ־נונגען. זיי האבען מיך אוועקגעשיקט אין א פאנסיאן, ווען איך בין נאך געווען גאנץ יונג. איהר קענט זיך ניט פארשטעלען, וואס א אינגעל קען זיך אויסליידען אין דער שוהלע צוליעב דעם, וואס ער איז אליין, איז איינזאם, ווייט פון זיינע פריינד. דאס איינ־טאניגע לעבען, אהן ליעבע, אהן א לאסקע, איז פאר מאנכע גוט, אבער פאר אנדערע איז עס אונערטרעגליך. ביי יונגע מענשען זיינען די הערצער אפט מעהר געפיהלפול, ווי מיר דענקען, און אוועקשיקענדיג זיי צו פריה ווייט אוועק פון די, וועמען זיי האבען ליעב, פערשליסען מיר מיט גוואלד זייערע הערצער. עס איז דאן מעגליך, אז ביי זיי זאל זיך ענטוויקלען א געוויסע נייגונג, אדער א

צארט געפיהל, וואס קען אין שפעטערדיגען לעבען ווערען גע־פעהרליך.

איך האב כמעט קיין מאל ניט געשפּיעלט; איך האב קיין מאל ניט געהאט קיין חברים; איך האב פערבראכט מיינע שטונ־דען טראכטענדיג וועגען דער היים מיט בענקעניש אין הארצען, און די נעכט האב איך געוויינט ליעגענדיג אין בעט. איך האב געזוכט ארויסצורופען אין מיין פאנטאזיע עראינערונגען פון דער היים, ער־אינערונגען פון פערשיעדענע פאסירונגען, פערשיעדענע קלייניגקיי־טען. איך האב נאכאנאנד געטראכט פון די יעניגע, וועלכע איך האב דארט איבערגעלאזען. צום סוף בין איך געווארען אזוי נער־וועז, אזוי פול מיט געפיהל, אז די קלענסטע זאך האט אויף מיר געווירקט און מיר פערשאפט די גרעסטע ליידען.

צוזאמען מיט דעם בין איך געבליבען אליין, אין גאנצען אריינ־געטהאן אין זיך, אהן פריינד, אהן פערטרויטע. דאס איז געווען נאריש, אבער איך האב זיך ניט געקענט העלפען. קינדערשע נער־ווען ווערען שנעל אויפגערעגט; מען מוז נעהמען אין אנבעטראכט, אז זיי לעבען אין פאלשטענדיגער רוהיגקייט, ביז זיי ווערען אין גאנצען ענטוויקעלט. דערפאר אבער מאכט אויף א קינד אן אונ־גערעכטיגקייט, אדער א בעליידיגונג פונקט אזא שטארקען איינ־דרוק, ווי דער טויט פון א פריינד אין שפעטערדיגען לעבען. טהוט אימיצער וועה עס איז א טראכט, אז יונגע נשמות ליידען מאנכעס מאל צוליעב א קליינער אורזאכע מורא׳דיגע יסורים, און אין א גאנץ קורצער צייט ווערען זייערע נשמות צוריסען און אונהיילבאר?

אזוי איז געווען מיט מיר. אין א קורצער צייט איז דאס גאנ־צע לעבען פאר מיר געווארען איין לאנגע קייט פון יסורים.

איך האב וועגען דעם ניט גערעדט; איך האב א ווארט ניט געזאגט. אבער ביסלאכווייז בין איך געווארען אזוי געפיהלהאפט, אז מיין נשמה האט געקענט פארגליכען ווערען צו א לעבעדיגער וואונד. יעדע זאך, וואס האט זי אנגעריהרט, האט איהר וועה גע־טהאן און מיין הארץ האט נאכאנאנד געציטערט און זיך געצאפּעלט. גליקליך זיינען יענע מענער, וועלכע זיינען געבארען געווארען מיט

א רוהיג, קאַלט האַרץ און וועלכע קענען אויף אַלעם קוקען מיט גלייכגילטיגקייט.

איך בין געוואָרען זעכצעהן יאָהר אַלט. עפּעס א מין דער־שלאַגענקייט איז אויף מיר אַנגעפאַלען פון דעם שטענדיגען ליידען צוליעב יעדער קלייניגקייט. איך האָב זיך געפיהלט אונבעשיצט און איך האָב מורא געהאַט פאַר יעדער פּאַסירונג, יעדע ענדערונג אין מיין שיקזאַל, יעדען צופאַל. איך האָב געלעבט אין שטענדיגער מורא פאַר דעם מאָרגען און האָב שטענדיג ערוואַרטעט עפּעס אַן אונגליק. צווישען מענשען האָב איך ניט געוואָגט צו רעדען אָדער עפּעס צו טהאָן. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס לעבען איז אַ מלחמה, אַ מורא'דיגע שלאַכט אין וועלכער דער מענש קריגט נאָכ־אַנאַנד שרעקליכע קלעפּ, פּייניליכע, טיעפע וואונדען. אַנשטאָט ווי אַלע מענשען, צו האָפען אויף אַ גליקליכען מאָרגען, האָב איך זיך פאַר דעם מאָרגען געשראָקען און געפיהלט עפּעס אַ מאָדנעם פער־לאַנג זיך צו בעהאַלטען, צו אַנטלויפען פון אַלעם און אַלעמען.

אזוי שנעל ווי מיין שטודיום האָט זיך געענדיגט, האָבען מיך מיינע עלטערן געגעבען זעקס מאָנאַטען צייט, זיך אויסצוקלייבען אַ פּראָפעסיאָן. פּלוצים האָט א גאַנץ איינפאַכער צופאַל מיר געעפענט די אויגען און מיר קלאָהר בעוויזען מיין קראַנקהאַפטען צושטאַנד, עס האָט מיר געגעבען צו פערשטעהן די געפאַהר און מיר געצוואונ־גען זיך ענטשליסען צו אַנטלויפען דערפון.

ווערדיערס איז א קליין שטעדטעל ארומגערינגעלט מיט פעלד און וואַלד. אין דער הויפּט גאַס איז געשטאַנען מיינע עלטערען'ס הויז. אַ צייט לאַנג האָב איך פערבראַכט מיינע טעג ווייט פון דער היים, צו וועלכער עס האָט מיך אזוי געצויגען, נאָך וועלכער איך האָב אזוי געבענקט. איצט, ווען איך בין צוריק אהיים געקומען, האָבען טרוימען אין מיר ערוואַכט און איך בין ארומגעגאַנגען איי־נער אליין איבער די פעלדער און געטראַכט און גע'חלומ'ט. מיין פאַטער און מוטער, שטאַרק פערנומען אין געשעפט און מיט די זאָרג וועגען מיין צוקונפט, האָבען מיט מיר נור גערעדט וועגען זייערע פּראָפּיטען און מיינע שפּעטערדיגע פּלענער. זיי האָבען מיך ליעב געהאַט אויף זייער שטייגער, אויף דעם שטייגער פון טרוקענע,

פּראַקטישע מענשען: עס איז געוועזן מעהר רעכנונג ווי האַרץ אין זייער ליעבע צו מיר. איך האָב געלעבט איינגעשלאָסען אין מיינע אייגענע געדאַנקען און אויפ'ן האַרצען איז מיר געווען שווער, דריי־קענד שווער.

דאָן איין מאָל אין אָבענד, נאָך אַ לאַנגען שפּאַציערגאַנג, ווען איך האָב זיך אומגעקעהרט אַהיים מיט שנעלע טריט, כדי ניט צו קומען שפּעט, האָב איך געטראָפען אַ הונד לויפענדיג אַנטקעגען מיר. ער איז געווען פון דעם סאָרט רויטע שפּאַנישע הינד, זעהר מאָגער, מיט לאַנגע געקרויזטע האָאר.

ווען ער איז געווען צעהן טריט ווייט פון מיר, האָט ער זיך אָב־געשטעלט. איך האָב געטהאָן דאָס איינענע. דאָן האָט ער גענומען דרעהען מיט'ן עק, און איז צוגעקומען צו מיר מיט קורצע טריט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט ביי מיר עפּעס געבעטען. ער האָט געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ און האָט געמאַכט אַזאַ אומעדיגע, אַזאַ טרויעריגע מינע, אַז איך האָב דערפיהלט, ווי טרערען פילען אָן מיינע אויגען. איך בין צו איהם צוגעקומען נעהענטער; ער איז אַנטלאָפען; דאַן איז ער צוריקגעקומען. איך האָב זיך איינגעבויגען און געזוכט איהם צו רופען צו זיך מיט ווייכע רייד. צום סוף איז ער צוגעקומען גאַנץ נאָהענט און איך האָב איהם צערטליך אָנגעכאַפּט מיט די הענד.

ער איז געוואָרען דרייסטער, האָט זיך בישלאַכווייז אויפגע־הויבען און אַרויפגעלעגט זיינע לאַפּקעס אויף מיינע שולטערן, האָט ער מיר גענומען לעקען דאָס פּנים. ער איז מיר נאָכגעגאַנגען ביז צום הויז.

אין דער אמת'ן איז דאָס געווען דאָס איינציגע בעשעפּניש, וואָס איך האָב ליידענשאַפטליך געליעבט, ווייל עס האָט מיר גע־ענטפערט אויף מיין ליעבע. מיין צוגעבונדענקייט צו דער דאָזיגער חיה איז געוויס געווען איבערטריבען און לעכערליך. איבערהויפּט נאָך, ווייל מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר זיינען צוויי ברידער, פערלאָרענע אויף דער דאָזיגער וועלט, איינזאַמע און שוצלאָזע, איי־נער פּונקט אַזוי ווי דער צווייטער. ער האָט קיינמאָהל ניט אָבגע־טראָטען אויף קיין איין מינוט פון מיין זייט. ער איז געשלאָפען צופוסען פון מיין בעט, האָט געגעסען ביים טיש ניט קוקענדיג אויף

דעם פּראָטעסט פון מיינע עלטערן און איז מיר נאָכגעגאַנגען אויף מיינע איינזאַמע שפּאַציערגענג.

איך האָב זיך אָפט אָבגעשטעלט אַן דער זייט פון אַ גראָבען, און זיך אַוועקגעזעצט אין גראָז. סעם פלעגט ליגען אויף מיינע קניע, און פלעגט אויפהויבען מיין האַנד מיט זיין נאָז, אום איך זאָל איהם גלעטען.

איין טאָג ארום סוף יוני, ווען מיר זיינען געווען אויפ'ן וועג פון סיינט־פּיערע־דע־שאָווראָל, האָב איך דערזעהן דעם דיליזשאַנס קומענדיג פון פּאַווערען. זיינע פיער פערד האָבען זיך געטראָגען אין אַ גאַלאָפּ. עס האָט געהאַט אַ געלען זיץ ווי אין אַ לאָזשע און ארום איז עס געווען רייך בעצויגען מיט שוואַרצען לעדער. דער קוטשער האָט אַ שמיץ געטהאָן מיט'ן בייטש; אַ וואָלקען שטויב האָט זיך אויפגעהויבען פון אונטער די רעדער פון'ם שווערען וואָגען און זיך דאָן געגומען ציהען פון הינטען ווי אַ לאַנגער פּאַס רויך.

און פּלוצים, ווען דער וואָגען איז צוגעקומען גאַנץ נאָהענט צו מיר, האָט סעם, מסתמא צושראָקען פון דעם גערויש און וועלענדיג געהן צוזאַמען מיט מיר, דערלאַנגט אַ שפּרונג פאַראויס. אַ פערד'ס פוס האָט איהם אומגעוואָרפען. איך האָב געזעהן, ווי ער האָט זיך איבערגעקוליעט, האָט זיך אומגעדרעהט און צוריקגעפאַלען אויף אַלע פיער, און דאָן איז דער גרויסער, שווערער וואָגען אריבערגעפאָהרען און הינטער איהם האָב איך דערזעהן עטוואָס זיך צאַפּלענדיג אין דעם שטויב פון'ם וועג. ער איז געווען כמעט איבערגעשניטען אין צווייען. זיין גאַנצע אינגעווויידע איז ארויסגעהאַנגען דורכ'ן לייב, וועלכער איז געווען אויפגעריסען און אַ שטראָם בלוט האָט זיך גע־גאָסען אויף דער ערד. ער האָט פּרובירט זיך אויפהויבען, צו געהן, אָבער ער האָט בלויז געקענט בעוועגען זיינע צוויי פאָדערשטע לאַ־פּעס, און דראַפּען מיט זיי די ערד, ווי צו מאַכען אַ לאָך. די צוויי הינטערשטע זיינען שוין געווען טויט. און ער האָט מורא'דיג גע־וואָיעט, משוגע פון וועהטאָג.

ער איז געשטאָרבען אין אַ פּאָאר מינוטען. איך קען ניט אי־בערגעבען וואָס איך האָב געפיהלט און וויפיעל איך האָב געליטען. איך בין אָבגעלעגען אַ מאָנאַט צייט אַ קראַנקער אין מיין צימער.

דאן, איין מאהל א נאכט, זעהענדיג ווי איך לייד אזוי פיעל צו־ליעב אזא קלייניגקייט, האט מיין פאטער אויסגערופען:

— וואס וועט זיין. ווען דו וועסט האבען איבערצולעבען אמת'ע אונגליקען, ווען עס וועט דיר אויסקומען צו פערלירען ווייב און קינדער?

און איך האב אנגעהויבען קלאהר אריינצוקוקען אין מיין אייגענעם הארצען. איך האב פארשטאנען פארוואס די אלטעגליכע קליינע צרות נעהמען אן אין מיינע אויגען די געשטאלט פון גרויסע אונגליקען. איך האב דערזעהן, אז איך בין געבויט אויף אזא אופן, אז איך האב מורא'דיג געליטען פון יעדער זאך, אז יעדער פיינליכער איינדרוק איז אין מיין קראנקהאפטער, צארטער נשמה פערגרעסערט געווארען אויף כפל כפלים, און א מורא'דיגער שרעק פאר'ן לעבען איז אויף מיר אנגעפאלען. איך האב ניט געהאט קיין ליידענשאפטען, קיין בעזונדערע שטרעבונגען, קיין אמביציאן, און איך האב בעשלאסען אויפצואפפערען מעגליכע פריעדען כדי אויסצומיידען זיכערע יסורים. דאס לעבען איז קורץ, אבער איך האב בעשלאסען עס צו פארשווענדען אין דיענסט פאר אנדערע, העלפענדיג זיי אין זייערע ליידען און מיטפיהלענדיג זייערע פריידען. ניט זייענדיג אליין אין א לאגע, וואו איך זאל אויף מיין אייגענער פעל מוזען דורכלעבען אי דאס ערשטע אי דאס צווייטע, וועט דאס לעבען מיר ניט זיין אזוי מורא'דיג, אזוי שווער.

און דאך ניט קוקענדיג אויף דעם, ווען איהר זאלט וויסען, ווי איך לייד, ווי איך מוטשע זיך אפילו פון פרעמדע יסורים.

די ליידען, וועלכע איך זעה זיך אן טאג טעגליך, וואלטען געווען פאר מיר אונערטרעגליך, ווען זיי וואלטען געפאלען אויף מיין אייגען הארץ. איך וואלט ניט געקענט זעהן מיינס א קינד שטארבענדיג, אז איך זאל ניט שטארבען צוזאמען מיט איהם. און טראָצדעם איז אין מיר פארבליבען עפעס א מין אימה'דיגע מורא פאר די אומשטענדע. דער אנבליק פון פאטשטאליאן, וועלכער קומט צו מיר אין שטוב אריין, מאכט מיר ציטערן פון קאפ ביז די פיס, הגם איך האב איצט גארנישט פארוואס מורא צו האבען.

דער אבבע מאודויט האט אויפגעהערט רעדען. זיינע פאר־

טראכטע אויגען האבען געקוקט אויף דאס פייער אין קאמין, אזוי ווי זיי וואלטען דארט געזעהן געהיימניספולע זאכען, בילדער פון א אונ־בעקאנט לעבען, וואס ער האט געקענט פיהרען, ווען ער זאל ניט זיין אזוי שוואך, אזוי שרעקעדיג.

דאן האט ער צוגעלייגט מיט א שטיל קול:

— איך בין געווען געדעכט. איך בין ניט בעשאפען געווארען פאר דער וועלט.

די גרעפין האט אין אנהויב גארנישט געענטפערט; אבער צום סוף האט זי נאך א לאנגען שטילשווייגען געזאגט:

— ווען איך זאל ניט האבען מיינע אייניקלאך, דאכט זיך מיר, אז איך וואלט ניט געהאט דעם מוטה צו לעבען.

און דער אבבע האט זיך אויפגעהויבען ניט זאגענדיג מעהר א ווארט.

און ווייל די דיענער האבען שוין אלע געשלאפען אין קיך, האט זי איהם אליין בעגלייט ביז צו דער טיר, וואס האט געפיהרט אין גארטען און האט געזעהן ווי זיין הויכער שאטען ווערט פערשוואונ־דען אין דער נאכט אריין.

דאן איז זי אריין צוריק, האט זיך געזעצט פאר'ן פייער און זיך געוואונדערט איבער די אלע זאכען, פון וועלכע מען טראכט קיינמאהל ניט אזוי לאנג ווי מען איז יונג.



# שרעק.



אכ'ן עסען זיינען מיר ארויף אויפ'ן דעק. פאר אונז איז געלעגען דער ים רוהיג און פלאך. קיין ווינטעלע האט ניט בעוועגט זיין אבערפלעכע, די שטילע לבנה האט זיך געשפיגעלט אין די וואסערען. דאס מעכטיגע שיף האט זיך געגליטשט אין פאראוים און ארויסגעלאזן א שווארצען רויך וועלכער האט זיך צום אויסגעשטערענטען הימעל געשלענגעלט. הינטער אונז האט דאס וואסער אויסגעזעהן אין גאנצען ווייס, אויפגערודערט דורך דאס שנעלע פאהרען פון דער גרויסער שיף; פון דער ראד געשמיסען, האט עס געשפריצט הויך און געקאכט מיט אזוי פיעל ליכטיגען, העלען שוים, אז עס האט אויסגעזעהן, ווי קאכעדיגע לבנה־שיין.

מיר זיינען געזעסען שווייגעדיג, פול בעוואונדערונג, מיט די בליקען אויף די ווייטע אפריקאנישע ברעגעס געריכטעט, צו וועלכע מיר זיינען געפאהרען. מיר זיינען געוועזען זעקס אדער זיעבען מאן. דער קאפיטאן האט זיך צוגעזעצט צו אונז, געררויכערט א ציגאר און פלוצים פארגעזעצט דעם געשפרעך, וועלכען מיר האבען געפיהרט ביים טיש.

— יא, יענעם טאג האב איך ווירקליך מורא געהאט. מיין שיף, פון כוואליעס געשמיסען, איז אבגעלעגען זעקס שעה נאכאנאנד מיט א ריס אין לייב אויף איין ארט. א דאנק גאט זיינען מיר אין אבענד געראטעוועט געווארען פון אן ענגלישער קוילען־שיף, וועלכע האט אונז בעמערקט און ארויפגענומען צו זיך.

דא האט זיך צום ערשטען מאל, זינט מיר זיינען אויפ'ן שיף, אריינגעמישט אין געשפרעך א הויכער מאן מיט א ערנסטען פון דער זון פארברענטען פנים. איינער פון יענע מענער, אויף וועלכע מען דערקענט גלייך, אז זיי האבען דורכגעמאכט ווייטע און געפעהרליכע רייזעס. זיין רוהיגע אויג האט דאכט זיך אין איהר טיעפעניש אבגעשפיגעלט עפעס פון די זעלטענע, ווייטע לענדער.

ער איז געווען א מאן, וועלכער רופט ארויס צו זיך צוטרויען און גלויבען, אז ער וועט זיך פאר קיין זאך ניט שרעקען. ער האט אנ־געהויבען:

— קאפיטאן, איהר זאגט, אז איהר האט מורא געהאט. דאס גלויב איך ניט. איהר האט א טעות, איהר בעצייכענט ניט ריכטיג דעם געפיהל, וועלכען איהר האט דורכגעמאכט. א רעכטער מאן, ווען ער קומט אין געפאהר, האט קיין מאל קיין מורא ניט. ער קען זיין אויפגערעגט, בעזארגט, אבער די מורא איז א גאנץ אנדער זאך.

דער קאפיטאן האט געענטפערט לאכענדיג:

— צום טייפעל. איך פארזיכער אייך, אז איך האב ווירק־ליך מורא געהאט.

דאן האט דער מאן מיט דער דונקעלער הויטפארב געזאגט לאנגזאם:

— ערלויבט מיר אייך צו ערקלעהרען וואס איך מיין. די מורא — און דער מוטיגסטער מענש קען מורא האבען — איז עט־וואס שרעקליכעס, דאס איז א מורא'דיגער געפיהל, עפעס אזוי ווי די גאנצע נשמה וואלט צוריסען געווארען. דאס איז אן אימה'די־גער קאמפף צווישען דעם קאפ און דאס הארץ. די עראינערונגען נור ווענען דעם מאכט, א שוידער זאל אייך איבער'ן גאנצען לייב אריבער. אבער דאס טרעפט ניט מיט א מוטהיגען מענשען, ניט פאר א שלאכט, ניט פאר א זיכערען טויט און ניט פאר קיינע פון די בעקאנטע געפאהרען. ניין, דאס טרעפט בלויז אין גאנץ אויסער־געוועהנליכע צופאלען אונטער געוויסע וואונדערליכע איינפלוסען, פאר גאנץ אונבעשטימטע געפאהרען. די אמת'ע מורא איז ווי די עראינערונגען אן א שרעק, וועלכען מען האט שוין אמאל דורכ־געלעבט אין דער פאנטאזיע. איינער וואס גלויבט אין רוחות און בילדעט זיך איין, אז ער זעהט ביינאכט א גייסט, דער לעבט דורך דעם געפיהל פון שרעק, פון אימה'דיגער מורא.

איך האב עטוואס פון דער דאזיגער מורא דורכגעפיהלט פאר צעהן יאהרען אין מיטען העלען ליכטיגען טאג; און פאר א יאהרען ווינטער אין א דעצעמבער נאכט ווידער אמאל.

און דאך האב איך שוין פערשיעדענעס דורכגעלעבט, בין ווי

מען זאגט, דורך פייער און וואסער אדורך, אפט איז דער טויט גאנץ נאהנט פאר מיר פארבייגעגאנגען, איך האב זיך גאנץ אפט געשלאגען. נאך א קאמפף מיט גנבים האט מען מיך אמאל געלאזט ליגען אלס א טויטען. אין אמעריקא האט מען מיך אמאל פאר־ אורטהיילט צום טויט, פאר א געוויסען אויפשטאנד. אויף די כי־ נעזישע ברעגעס האט מען מיך א מאל ארונטערגעווארפען פון דעק פון א שיף אין וואסער אריין. יעדעס מאל האב איך געדענקט, אז איך בין שוין פערלארען. און יעדעס מאל האב איך דאס צוגענומען פאר ליעב, אהן ריהרונג, זאגאר אהן בעדויערען.

אבער דאס איז נישט די מורא.

זי האב איך אין אפריקא געפיהלט און דאך איז זי א טאכ־ טער פון דער נארד. די זון פארטרייבט די מורא, ווי א נעבעל. מיינע הערצען, איהר מוזט וויסען, אז ביי די אריענטאלישע פעלקער איז דאס לעבען א גארנישט, זיי זיינען שטענדיג אויף אלעס בע־ רייט. די נעכט זיינען דארט העל, קיין גייסטער געהען נים ארום. אין די נשמות פון די דאזיגע מענשען פעהלען די דונקעלע פאר־ שטעלונגען און די שאטענס, וועלכע מאטערן די מוחות פון אונזערע מענשען. אין אריענט וויים מען פון אויפרעגונג, פון צוטומעלט־ קייט, אבער פון מורא האט מען דארט אפילו ניט קיין בעגריף.

און איצט וויל איך אייך דערצעהלען, וואס עס האט מיט מיר פאסירט אויף דעם אפריקאנישען באדען.

איך האב דורכגעקרייצט די זאמדיגע וויסטעס פון קווארגלא. דאס איז איינע פון די וואונדערבארסטע געגענדען אין דער וועלט. אייך איז בעקאנט דער זאמד, ווי ער ליגט אויף אונענדליך גרויסע, פלאכע שטיקער לאנד, ביי די ברעגעס פון ים. איצט שטעלט זיך פאר דעם ים אליין א פערוואנדעלטען אין זאמד אין צייט פון א שטורעם! שטעלט זיך פאר כוואליעס פון זאמד, וועלכע זיינען אין א געוויטער שטאר און אונבעוועגליך געווארען. זיי זיינען הויך ווי די בערג, די דאזיגע כוואליעס, נים אומעדום גלייך, וועלכע־ ארטיג און בליסטשענדיג ווי זיידענס. אויף דעם דאזיגען מורא־ דיגען, שווייגענדען, אונבעוועגליכען ים שיקט די ברענענדיגע זון פונ׳ם זידען נאכאנאנד איהרע הייסע שטראהלען. אויף דיזען בארג

פון גאָלדענעם שטויב מוז מען אַרויפקלעטערען, אַרונטערפאַלען און ווידער אַרויפקלעטערן און קלעטערן אהן אַ סוף אין דער ברענענ־דיגער היץ. די פערד סאַפען, זינקען ביז אין די קניע אין זאמד אריין און קייקלען זיך צוריק פונ'ם בארג אראָב.

איך בין געווען מיט אַ פריינד. מיר האָבען מיט זיך געהאַט אַכט פערד און פיער קעמלען מיט זייערע אַנטרייבער. מיר האָבען מעהר ניט גערעדט, די היץ האָט אונז שטאַרק אויסגעמאַטערט און מיעד געמאַכט, מיר זיינען געווען האַלב פאַרשמאַכט פון דורשט ווי די גאַנצע גליהענדע וויסטעניש. פלוצים האָט איינער פון די לייטע אַרויסגעלאָזט עפּעס ווי אַ געשריי. אַלע האָבען זיך אָבגע־שטעלט און זיך צוגעהערט, איבערראַשט פון עפּעס אַן אונקלעהר־ליכען פענאָמען, וועלכער בעוויזט זיך פאַר רייזענדע אין דיעזער פערלאָרענער געגענד.

ערגעץ וואו נאָהנט, אין אַ ריכטונג, וועלכע מען האָט ניט גע־קענט גענוי פעסטשטעלען, האָבען מיר דערהערט דאָס קלאַפּען פון אַ פויק, דאָס איז געווען דער געהיימניספולער פייקלער פון דער וויסטעניש. ער האָט געקלאַפּט גאַנץ דייטליך אויפ'ן פויק, אַ מאָל שטאַרקער, אַמאָל שוואַכער. באַלד האָט עס אויפגעהערט און באַלד האָט זיך דאָס פאַנטאַסטישע פּויקען פון דאָס ניי געהערט.

די אַראַבער האָבען זיך צושראָקען אומגעקוקט און איינער פון זיי האָט געזאָגט אין זיין שפּראַך:

— דער טויט איז הינטער אונז!

און דאָ פלוצים איז מיין בעגלייטער, מיין פריינד, וועלכער איז מיר געווען כמעט ווי אַ ברודער, געפאַלען מיט'ן קאָפּ אַראָב פון פערד אַרונטער, געטראָפען פון זונען שטיך.

צוויי שטונדען נאָכאַנאַנד, בעת איך האָב אומזיסט געזוכט זיין לעבען צו רעטען, האָט מיר דער געהיימניספולער פייקלער געקלאַפּט אין די אויערען מיט זיין פויק. און איך האָב געפיהלט, ווי דער שרעק האָט זיך מיר אין אַלע גליעדער אריינגעג'גנב'עט, די אמת'ע אימה'דיגע מורא, קוקענדיג אויף דעם געליעבטען טויטען אין דעם דאָזיגען צוגליהטען טהאָל צווישען די פיער זאמד־בערג, בעת אַן אונערקלעהרליכע עכאָ האָט אונז אָהער, צוויי הונדערט מייל ווייט

פונ׳ם פראנצויזישען בארדען, דערטראגען דעם שנעלען קלאפען פון פויקען.

אין יענעם טאג האב איך בעגריפען וואס הייסט מורא. און אן אנדער מאל איז עס מיר נאך קלאהרער געווארען.

דער קאפיטאן האט אונטערבראכען דעם ערצעהלער:

— ענטשולדיגט מיר, אבער פון וואנען קומט דארט דער פויקעד־גערויש?

דער רייזענדער האט געענטפערט:

— איך וויים ניט. קיין מענש וויים עס ניט. די אפיצערען, וועלכע האבען אפט געהערט דעם דאזיגען גערויש, דענקען, אז דאס זיינען זאמדיגע קערנער, וועלכע זיינען פארהארטעוועט געווארען, און, געיאגט פונ׳ם ווינד, קלאפען זיי זיך אב אן בינטלאך טרוקענע גראז און דערפון קומט עס ארוים דער דאזיגער גערויש, ווייל מ׳האט בעמערקט, אז דער פענאמען בעווייזט זיך שטענדיג נאהענט פון פארטריקענטע פלאנצען, וועלכע זיינען הארט ווי פערגאמענט.

עס קען זיין, אז דער דאזיגער פויקען־גערויש איז ניט מעהר ווי אן אבקלאנג. אבער דאס האב איך ערשט שפעטער געהערט.

לאזט מיר איך דערצעהלען פונ׳ם צווייטען מאל, וואו דער געפיהל פון מורא איז מיר קלאהר געווארען.

דאס איז געווען לעצטען ווינטער אין א וואלד אין נארד־איסט פראנקרייך. דער הימעל איז געווען אזוי טונקעל, אז עס איז נאכט געווארען מיט צוויי שטונדען פריהער. א פויער האט מיך געפיהרט. ער האט געטראטען ביי מיין זייט. מיר זיינען געגאנגען אויף א גאנץ שמאלען וועג צווישען הויכע טענען־בוימער, אין וועלכע דער ווינד האט געיאמערט. אויבען צווישען די שפיצען האב איך געזעהען אבגעריסענע וואלקענס זיך יאגענדיג, צוריסענע, צובראכען, ווי זיי וואלטען פון עפעס שרעקליכעס אוועקגעפלויגען. מאנכעס מאל נאך א שטארקען שטויס פון ווינד, האט זיך דער גאנצער וואלד געבויגען אין דערזעלבער ריכטונג מיט הויכע קרעכצען. און טראץ דעם שנעלען גאנג און מיין ווארימען אנצוג, האב איך געפיהלט די ביטערע קעלט.

ביי א געוויסען וואלדוועכטער, וועמעס הויז האט זיך גע־

פונעם ניט ווייט, האבען מיר געזאלט אבעסען און איבערנעכטיגען. איך בין דארטען געגאנגען אויף געיעג.

מיין פיהרער האט פון צייט צו צייט געקוקט אויפ'ן הימעל און געזאגט:

— א טרויעריגער וועטער!

דאן האט ער מיר דערצעהלט פון די לייטע, צו וועלכע מיר האבען געוואלט געהן. דער פאטער האט פאר צוויי יאהרען דערשאסען א גנב פון חיות און זייט דאן איז ער ארומגעגאנגען א צומישטער, עפעס אזוי ווי עס וואלט איהם געמוטשעט די עראינערונג אן דעם טהאט. זיינעביידע פערהייראטע זיהן האבען געוואהנט צוזאמען מיט איהם.

די נאכט איז געווארען נאך שווארצער. איך האב מעהר ניט געזעהען קיין איין טריט פאר מיר און פון אהין און אהער באוועגענדע בוימער האט זיך נאכאנאנד געטראגען א קרעכצען און א יאמערען. צום סוף האב איך דערזעהען א ליכט און באלד האט מיין בעגלייטער אנגעקלאפט אן א טיר. שטילע פרויען שטימען האבען אונז געענטפערט. דאן א מענער שטימע, א געדריקטע שטימע און געפרעגט:

— ווער איז דארט?

מיין פיהרער האט אנגערופען זיין נאמען. 'מיר זיינען אריין אינעווייניג און דא האב איך דערזעהען א בילד, וועלכען איך וועל קיינמאל ניט פארגעסען.

איין אלטער מאן מיט ווייסע האאר, מיט צומישטע בליקען, דאס געלאדענע געוועהר אין האנד, האט אונז ערווארט שטעהענדיג אין מיטען קיך, בעת צוויי הויכע, יונגע מענער מיט ביקסען בעוואפענט האבען בעוואכט די טיר. אין א דונקעלען ווינקעל האב איך געזעהען צוויי פרויען שטעהענדיג אויף די קניע מיט די פנים'ער אין וואנט איינגעגראבען.

איך האב די לייטע ערקלעהרט נאך וואס איך בין געקומען. דער אלטער האט אוועקגעשטעלט זיין געוועהר נעבען וואנט און געהייסען מיר צורעכט מאכען א צימער. אבער אזוי ווי די פרויען האבען זיך ניט געריהרט פון ארט, האט ער געזאגט צו מיר קורץ:

— איך האָב פאַר צוויי יאָהרען אין דער זעלבער נאַכט דער־שאָסען אַ מענשען אויף טויט. פאַר אַ יאָהרען איז ער צוריקגע־קומען, אום מיך צו רופען. איך ערוואַרט איהם היינט ביינאַכט ווידער.

דאַן האָט ער צוגעלייגט אין אַזאַ טאָן, אַז איך האָב געמוזט אַ שמייכעל טהאָן:

— צוליעב דעם קענען מיר היינט נים געהען שלאָפען.

איך האָב איהם בערוהיגט, וויפיעל איך האָב נור געקענט, איך האָב זיך געפּרעהט, וואָס איך בין אָנגעקומען גראַד אין דעם אָבענד, און וועל איצט קענען צוקוקען די סצענע פון זייער אָבערגלויבישען שרעק. איך האָב זיי דערצעהלט געשיכטען און עס איז מיר געלונ־גען זיי אַלע אַביסעל צו בערוהיגען.

נעבען אויוועז האָט געשלאָפען אַן אַלטער, כמעט בלינדער הונד, דעם קאָפּ אויף די לאַפּעס אָנגעשפּאַרט, איינער פון יענע הינד, וועלכע זעהען אוים עהנליך צו וועמען עס איז פון די בע־קאַנטע.

אין דרויסען האָט געיאָמערט און געפייפט דער ווינד און דורך אַ קליין פענסטעריל, וועלכער האָט טזיך געפונען אין טהיר, האָב איך פאַר'ן שיין פון בליץ געזעהען, ווי די בוימער בויגען זיך אונטער'ן ווינד.

נים קוקענדיג אויף אַלע מיינע בעמיהונגען זיי צו בערוהיגען, האָב איך געפיהלט, אַז אַן אימה'דיגע מורא דריקט זיי אַלעמען אויף די נשמות און אַזוי שנעל ווי איך האָב אויף אַ ווייילע אויפגעהערט צו רעדען, האָבען זיי אַלע זיך צוגעהערט צו יעדען מינדסטען גע־רויש ווייט אין דרויסען אַרוים. מיר איז דערעסען זיך נאָך לענגער צוקוקען צו זייער לעכערליכע מורא און איך האָב שוין געוואָלט בעטען, זיי זאָלען מיר אָנווייזען מיין צימער, ווען דער אַלטער וואַלד־וועכטער איז פּלוצים מיט איין שפּרונג אויפגעשפּרונגען פון זיין שטוהל, צוריק אַ כאַפּ געטהאַן זיין געוועהר און ציטערענדיג פאַר שרעק אַרויסגעמורמעלט:

— אָט איז ער! אָט איז ער! איך הער איהם.

ביידע פרויען זיינען ווידער געפאַלען צו ד'רערד אין זייער

ווינקעל און בעהאַלטען די פּנים'ער. די זיהן האָבען געכאַפּט זייערע העק אין האַנד. איך האָב נאָך אַמאָל געוואָלט פּרואוּוען זיי בערוהיגען. דאָ האָט דער הונד זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אויסגעצויגען די האַלז, געקוקט מיט זיינע אויסגעלאָשענע אויגען אויפ'ן פייער און גענומען עפּעס אַזוי דומפּף ביללען. אַלע האָבען אַנגעקוקט דעם הונד. ער איז איצט געווען אונבעוועגליך, איז געשטאַנען אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס געזעהן, האָט ווידער גענומען ביללען אַנטקעגען עטוואָס אונבעקאַנטעס, אונזיכטבאַרעס, אַהן צווייפעל עטוואָס מורא'דיגעס, ווארום זיין גאַנצע פעל האָט זיך געטרייסעלט.

דער וואַלד־וועכטער איז געוואָרען בלייך ווי קאַלך און האָט אויסגערופען:

— ער שפּירט איהם. ער איז געווען דערביי, ווען איך האָב איהם דערשאָסען.

און די צושראָקענע פרויען האָבען גענומען רעווען צוזאַמען מיט'ן הונד. געגען מיין ווילען איז מיר אַ שוידער איבער'ן לייב אריבער, עס איז געווען שרעקליך צו קוקען אויפ'ן הונד אין יענער צייט צווישען די מורא'דיג צושראָקענע דאָרפס־לייט.

דער הונד האָט אַבגעביללט אַ שעה נאָכאַנאַנד זיך ניט ריהרענדיג פון אָרט. ער האָט געביללען ווי אין אַ מורא'דיגען חלום, און די מורה, די אימה'דיגע מורא איז מיך בעפאַלען, די מורא... פאַרוואָס? איך ווייס ניט. עס איז געווען די מורא, די מורא אַהן אַ פאַרוואָס.

מיר זיינען געבליבען שטעהען אונבעוועגליך און געוואַרט אויף עפּעס אַ שרעקליכע פּאַסירונג. מיר האָבען זיך צוגעהערט צום דרויסען מיט קלאַפּענדיגע הערצער און זיינען צוציטערט געוואָרען ביים קלענסטען גערויש. און איצט האָט דער הונד גענומען אַרומלויפען איבער'ן צימער, געשמעקט די ווענט און נאָכאַנאַנד געוואָיעט. ער האָט אונז משוגע געמאַכט. דאָ האָט דער פויער, וועלכער האָט מיך אַהער געבראַכט, זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דעם הונד ווילד פאַר שרעק, געעפענט די טיר, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ קליינער הויף, און אַרויסגעיאַגט די חיה אין דרויסען אַרויס.

עס איז אנשווינגען געווארען און מיר זיינען געבליבען אין א שטילקייט, וועלכע איז געווען נאך אפשר שרעקליכער. אבער פלוצים האבען מיר אלע מיט איין מאל זיך א צאפעל געטהאן. אין דרויסען, אין דער זייט וואס פיהרט צום וואלד האט זיך א מיניע געטהאן עפעס א בעשעפעניש, האט פארבייגעשוועבט פאר דער וואנט, איז דאן צוגעקומען צו דער טיר, וועלכע עס האט, דוכט זיך, אנגעטאפט מיט א אונזיכערער האנד. דאן האט מען צוויי מינוטען לאנג גארנישט געהערט און אין די דאזיגע צוויי מינוטען זיינען מיר שיער ניט משוגע געווארען. דאן האט זיך וויעדער דערהערט א גערויש, עפעס א מין טאפען, א מין קראצען אן וואנט, ווי א קינד וואלט עס מיט די נעגעל געקראצט און פלוצים האט זיך אין׳ם שייבעל פון׳ם קליין פענסטערעל בעוויזען א ווייסער קאפ מיט בליסטשענדיגע אויגען און פון זיין האלז האט זיך ארויסגעריסען עפעס א קוויטש, אן אונבעשטימטער, קלאגעדיגער טאן.

פלוצים האט זיך אין קיך דערהערט א מורא׳דיגער גערויש. דער אלטער וואלד־וועכטער האט אויסגעשאסען און גלייך האבען זיך די זיהן אווארף געטהאן צום טיר, פארשטאפט דאס קליין פענסטערעל און פארשטעלט דעם ארייננאנג מיט׳ן טיש און דעם שווערען בופעט.

און איך קען אייך פערזיכערען, אז ביי דעם קנאל פון׳ם שאס, אויף וועלכען איך האב זיך ניט געריכט, איז אויף מיר אנגעפאלען אזא שרעק, אז איך האב געמיינט, איך חלש, איך פאל צו דער ערד פאר אימה.

ביז טאג זיינען מיר אזוי געבליעבען שטעהן אונבעוועגליך, ניט רעדענדיג א ווארט, פול אונבעגרייפליכען שרעק.

ערשט ווען דורך די לאדען פון די פענסטער האט זיך א פאס ליכט פון דעם אנקומענדיגען טאג ארייננעריסען, האט מען זיך אנגענומען מיט מוט און דעם ארייננאנג ווידער פריי געמאכט.

ביים וואנט פאר דער טיר איז געלעגען דער אלטער הונד מיט א צושאסענעם קאפ.

ער האט זיך פון הויף ארויסגעריסען, אויסגראבענדיג א לאך אונטער׳ן פארקאן...

דער מאַן מיט'ן פאַרברענטען פּנים איז אַנשוויגען געוואָרען.
דערנאָך האָט ער צוגעלייגט:

אין דער דאָזיגער נאַכט האָב איך ניט דורכגעמאַכט קיין געפאַהר. אָבער טראָצדעם וואָלט איך ליעבער דורכגעמאַכט אַלע מורא'דיגע מינוטען פון מיין לעבען, וואו איך האָב זיך געפונען אויג אויף אויג מיט אמת'ע געפאַהרען, איידער נאָך אַ מאָל איבערציהלעבען די איינציגע מינוט אין וועלכער דער שאָס איז געפאַלען אויף דעם בעוואַקסענעם קאָפּ נעבען דעם קליינעם פענסטערעל.



# א דועל.



ס איז געווען שוין נאך דער מלחמה. די דייטשען האבען פערנומען פראנקרייך. דאס לאנד האט זיך געשטיקט ווי א פייטער, וואס ליעגט אונטער'ן קניה פון זיין זיעגערישען געגנער.

נאך דעם, ווי פאריז האט א צייט לאנג געלעבט אין אנגסט, אין ציטערניש, אין ליידען און פיין, האבען די באהנען זיך ביסלעכווייז גענומען בעוועגען דורך די שטעדט און שטעדטלעך. די פאסאזשירען האבען ארויסגעקוקט דורך די פענסטער אויף די צוטראטענע פעלדער און פערברענטע תבואות. וואו נאר דער בליק איז געפאלען, האבען זיך געווארפען אין די אויגען פרייסישע סאלדאטען אין זייערע שווארצע היטלען מיט די מעשענע שפיצען. זיי האבען געריטען אויף זייערע פערד, אדער זיינען געזעסען אויף שטוהלען פאר די הייזלעך, וועלכע זיינען פון זייערע הענט נאך גאנץ געבליבען. מאנכע האבען עפעס געטהאן, אדער גערעדט, ווי זיי וואלטען געווען ביי זיך אין דער היים. פארבייפאהרענדיג פערשיעדענע שטעדט, האט מען זיך אנגעשטויסען אן גאנצע רעגימענטען, וועלכעהאבען זיך מושטירט אין די סקווערס, און ניט קוקענדיג אויף דעם טומעל אין די גאסען, דעם גערויש פון די קארעטען, האט מען דאך יעדע וויילע געקענט הערען די שטרענגע ווערטער פון קאמאנדיר.

הערר דובאים, וועלכער האט אין דער גאנצער צייט פון בעלאגערונג געדיענט אלס איינער פון דער נאציאנאלער גווארדיע אין פאריז, איז איצט געפאהרען צו זיין פרוי און טאכטער, וועלכע ער האט פון זיכערקייט וועגען נאך מיט א צייט צוריק אוועקגעשיקט אין דער שווייץ.

די צרות און די שווערע צייטען האבען ניט קלענער געמאכט דעם גרויסען בויך, וועלכער איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר דעם רייכען און פריעדליכען בירגער. די שרעקליכע פאסירונגען פון דעם פערגאנגענעם יאהר האט ער איבערגעלעבט מיט בעדויערען, מיט וועהטאג, מיט ביטערע פארווירפע צו די מענשען פאר זייער אונמענשליכער ווילדקייט. איצט, ווען ער איז צוגעקומען צום גרענעץ, שוין נאך דער מלחמה, האט ער דערזעהן די פרייסען צום ערשטען מאל, הגם ער איז אפט געשטאנען אויפ'ן וואך ארום פעסטונג און האט בעוואכט די שטאדט אין קאלטע נעכט.

שרעק און כעס זיינען געווען אין זיינע בליקען, ווען ער האט געקוקט אויף די דאזיגע בערדיגע און בעוואפענטע מענער, וועלכע האבען איצט פערפלייצט גאנץ פראנקרייך און וועלכע האבען זיך דארט געהאלטען ווי ביי זיך אין דער היים. און ער האט דערפיהלט אין זיין נשמה א טיעפען וועהטאג, א געפיהל פון ערוואכטען פאטריאטיזם. אין דעם זעלבען וואגאן זיינען געזעסען צוויי ענגלענדער, וועלכע זיינען געקומען אהער אין לאנד אלס באבאכטער און זיי האבען געקוקט ארום זיך מיט נייגעריגע אויגען. זיי זיינען ביידע געווען בעלייבטע פארשוינען און האבען נאכאנאנד גערעדט אויף זייער אייגען לשון, מאנכעס מאל אריינקוקענדיג אין זייער וועג־ווייזער און אויסרופענדיג אויפ'ן קול די נעמען פון די פלעצער, וועלכע זיינען דארט געווען אנגעצייכענט.

פלוצים האט זיך דער צוג אבגעשטעלט אויף א סטאנציע ביי א קליין שטעדטעל און א פרייסישער אפיציער איז אריינגעשפרונגען קלינגענדיג מיט זיין שווערד, וואס האט זיך געקלאפט אן דעם פאל פון וואגאן. ער איז געווען הויך, האט געטראגען אן ענגען יוניפארם, און זיין פנים איז געווען שטארק בעוואקסען. זיינע האאר זיינען געווען רויט ווי פייער און זיינע לאנגע וואנצעס און די בארד, וועלכע האבען ארויסגעשטארטשעט אין ביידע זייטען, האבען זיין פנים ווי אין צווייען צושניטען.

ביידע ענגלענדער האבען איהם גלייך גענומען בעטראכטען מיט א שמייכעל פון נייעם אינטערעס, בעת הערר דובאיס האט זיך געמאכט לעזענדיג די צייטונג. ער איז געזעסען אין א ווינקעל

איינגעהויקערט, ווי א גנב אין דער אנוועזענהייט פון א זשאנדאר.

דער צוג האט זיך ווידער געלאזט לויפען. די ענגלענדער האַבען ווייטער געפלוידערט און ארויסגעקוקט דורך די פענסטער, זוכענדיג נייע סצענעס פון פערשיעדענע שלאכטען. און פלוצים, ווען איינער פון זיי האט אויסגעשטרעקט די האנד אנטקעגען דעם האריזאנט, אנווייזענדיג אויף א געוויסער שטערטעל, האט דער פריישישער אפיציער בעמערקט אויף פראנצויזיש, אויסציהענדיג זיינע לאנגע פיס אין פאראויס און אבווארפענדיג דעם קאפ אהינטער:

— אין יענער שטעדטעל האבען מיר דער'הרג'עט א טוץ פראנצויזען און מעהר ווי הונדערט האבען מיר גענומען געפאנגען.

די ענגלענדער זיינען געווארען פעראינטערעסירט און האבען גלייך געפרעגט:

— אזוי? און ווי הייסט יענע שטעדטעל?

דער פריים האט געענטפערט:

— פהארסבורג.

ער האט נאך צוגעלעגט:

— מיר האבען געכאפט די דאזיגע פראנצויזישע פאסקודניאקעס פאר די אויערען.

און ער האט א קוק געטהאן אויף הערר דובאיס'ען, לאכענדיג אין זיינע וואנצעס מיט א בעליידיגענדען געלעכטער.

דער צוג איז ווייטער געלאפען, און אויפ'ן גאנצען וועג האבען זיך געזעהן דערפלעך פערנומענע מיט דער זיעגרישער ארמעע. דייטשע סאלדאטען האבען זיך געזעהן די גאנצע צייט אויף די פעלדער, שטעהענדיג פאר די הייזער, אדער פלוידערענדיג לעבען די קאפעעס. זיי האבען פערפלייצט די ערד ווי די היישעריקען.

דער אפיציער האט א מאך געטהאן מיט'ן האנד און געזאגט:

—ווען איך וואלט געהאט א דעה, וואלט איך גענומען פאריז, אלעס פערברענט און אלעמען אויסגע'הרג'עט. א סוף, אויס פראנקרייך!

די ענגלענדער האבען געענטפערט פון העפליכקייט וועגען:

— אה ! יעס.

ער האט ווייטער גערעדט :

— אין צוואנציג יאהר ארום וועט גאנץ אייראפא געהערען צו אונז, אלעם וועט זיין אונזערע. פרייסען וועט רעגיערען די וועלט.

די ענגלענדער האבען זיך איצט גענומען פיהלען א ביסעל אונ־בעקוועם און האבען דאס מאל גאר ניט געענטפערט. זייערע פנים'ער, וועלכע זיינען איצט געווען רוהיג און קאלט, האבען אויס־געזעהען ווי וועקסענע, הינטער די לאנגע בערד.

דער פרייסישער אפיציער האט גענומען לאכען. און דאן, אבוואַרפענדיג דעם קאפ שטאלץ אהינטער, האט ער גענומען שפא־טען. ער האט געשפאט איבער פראנקרייך'ס נידערלאגע, בעליידיגט דעם געפאלענעם שונא ; ער האט געלאכט איבער עסטרייך, וועל־כע איז ניט לאנג איינגענומען געווארען ; האט געלאכט פון דאס מיליטער, וואס האט זיך אזוי שטארק, אזוי מוטהיג און דאך אזוי אומזיסט פערטהיידיגט ; געלאכט פון די פרייוויליגע סאלדאטען און דער נוצלאזער ארטילעריע. ער האט ערקלעהרט, אז ביסמארק וועט איצט אויפבויען א גאנצע אייזערנע שטאדט פון די קאנאנען, וואס זיי האבען פערכאפט. און פלוצים האט ער מיט זיין שטיוועל א שטורכע געטהאן הערר דובאיס אין זייט אריין. יענער האט אבגעקעהרט די אויגען און איז רויט געווארען ביז צו די ווארצלען פון זיינע האאר.

די ענגלענדער זיינען איצט געזעסען פון ווייטען און געמאכט אן אנשטעל, אז זיי אינטערעסירט מעהר קיין זאך ניט.

דער אפיציער האט ארויסגענומען זיין ליולקע און קוקענדיג גלייך אויף דעם פראנצויז, האט ער געזאגט :

— איהר האט דאך ניט קיין טאבאק, הא ?

הער דובאיס האט געענטפערט :

— ניין, מיין הערר.

דער דייטש האט געזאגט :

— איהר קענט אראבגעהן, ווען דער צוג וועט זיך אבשטעלען און קויפען פאר מיר א ביסעל טאבאק.

און זיך ווידער צולאכט, האט ער צוגעלעגט :

— איך וועל אייך דערפאר געבען אויף טרינק־געלד.

דער צוג האט גענומען פייפען און זיך לאנגזאמער בעוועגען. זיי זיינען צוגעקומען צו א סטאנציאן, וועלכע איז אין גאנצען אראב מיט פייער, און דא האט מען זיך אבגעשטעלט.

דער דייטש האט געעפענט די טהיר פון וואגאן און כאפענדיג הערר דובאים פאר'ן ארעם, האט ער געזאגט:

— געהט, און טהוט וואס איך האב אייך געהייסען... שנעל, שנעל!

אן אבטהיילונג פון פריסישע סאלדאטען האט פערנומען די סטאנציע. נאך אנדערע סאלדאטען האבען ארויסגעקוקט פון אהינטער הילצערנע גראטעס. דער לאקאמאטיוו האט זיך שוין גענומען אנפילען מיט דאמפף, אום ווייטער צו געהן. דאן האט הערר דובאים א שפרונג געטהאן אויף דער פלאטפארמע, און ניט קוקענדיג אויף דערווארנונג פון דעם אויפזעהער פון דער סטאנציע, איז ער אריינגעשפרונגען אין צווייטען וואגאן.

* * *

ער איז געוועזען אליין! ער האט אויפגעריסען זיין רעקעל, זיין הארץ האט האסטיג געקלאפט, און שווער אבכאפענדיג דעם אטהעם, האט ער אבגעווישט דעם שוויים פון זיין שטערען.

דער צוג איז צוגעקומען צו א צווייטער סטאנציע. און פלוצים האט זיך דער פריסישער אפיציער בעוויזען אין טהיר פון וואגאן און איז אריינגעשפרונגען אינוועניג. באלד נאך איהם האבען זיך בעוויזען די צוויי ענגלענדער, געטריבען פון נייגעריגקייט. דער דייטש האט זיך געזעצט אנטקעגען דעם פראנצויז און נאך אלץ לאכענדיג, האט ער געזאגט:

— איהר האט מיר ניט געפאלגט און האט ניט געטהאן, וואס איך האב אייך געהייסען.

הערר דובאים האט געענטפערט:

— ניין, מיין הערר.

דער צוג האט נאר וואס געהאט פערלאזען די סטאנציע, ווען

דער אפיציער האט געזאגט:

— דאן וועל איך אבשניידען אייערע וואנצעס און דערמיט אנ־פילען מיין פיפקע.

און ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד צו דעם פראנצויז'ס פנים.

די ענגלענדער האבען אויסגעשטעלט זייערע אויגען און גע־קוקט, וואס דא וועט זיין. דער דייטש האט שוין געהאט אנגענו־מען א וואנצע און עס פרובירט א ציה טהאן, ווען הערר דובאיס האט א שטויס געטהאן פון זיך דעם אפיציער'ס ארעם און אנגע־כאפט איהם פאר'ן קראגען, האט ער איהם א שמיץ געטהאן צוריק אויף זיין פלאץ. דאן א צורייצטער, א צוקאכטער, אין גאנצען פון זיך ארויסגעבראכט, מיט אנגעצויגענע אדערען און אויסגעפוטשעטע אויגען, האט ער מיט איין האנד זיך איינגעשטשעמעט אין זיין גאר־געל און מיט דעם צווייטען צוזאמענגעדריקטען פויסט איהם געפראס־קעט איבער'ן פנים. דער פרייס האט זיך געראנגעלט, האט זיך געמאטערט ארויסצושלעפען זיין שווערד און דערלאנגען איהם דער־מיט. אבער הערר דובאיס האט זיך ארויפגעווארפען אויף איהם מיט דער גאנצער שווערקייט פון זיין בויך, ניט געלאזען איהם זיך א ריהר טהאן און אטהעם איהם געשלאגען, ניט קוקענדיג וואו די קלעפ פאלען. בלוט האט א שטראם געטהאן איבער'ן פנים פונ'ם דייטש. ער האט זיך געווארגען, אין האלז, האט ביי איהם גע־כארבעלט, ער האט אויסגעשפיגען זיינע אויסגעבראכענע צייהן און זיך אומזיסט געמאטערט ארבצוווארפען פון זיך דעם צוקאכטען מאן, וועלכער האט איהם גע'הרג'עט.

די ענגלענדער זיינען אויפגעשפרונגען פון זייערע פלעצער כדי בעסער צו זעהן. זיי זיינען געבליבען שטעהן ניט ווייט, פרעהליכע, פעראינטערעסירטע, גרייט זיך צו וועטען, אז דער אדער יענער פון די שלעגער וועט געווינען.

און פלוצים איז הערר דובאיס א פערמאטערטער פון דער מורא'דיגער אנשטרענגונג אוועק צוריק צו זיין פלאץ און זיך גע־זעצט, ניט זאגענדיג א ווארט.

דער פרייס האט איהם ניט אטאקירט, ווייל דער ווילדער אנפאל

האט צוטומעלט און דערשראָקען דעם אָפיציער. ווען ער האָט אָבגעכאַפּט דעם אָטהעם און איז געקומען אַ ביסעל צו זיך, האָט ער געזאָגט:

— סיידען איהר וועט איינוויליגען זיך צו שלאָגען מיט מיר מיט פּיסטאָלעטען; אז ניט, וועל איך אייך דער׳הרג׳ענען.

הערר דובאים האָט געענטפערט:

— צו יעדער צייט, ווען נאָר איהר ווילט. איך בין גרייט.

דער דייטש האָט זיך אָבגערופען:

— דאָ איז די שטעדטעל שטראַסבורג. איך וועל דאָ קריגען צוויי אָפיציערען, זיי זאָלען זיין מיינע סעקונדאַנטען, און מיר וועלען האָבען גענוג צייט, ביז דער צוג וועט פערלאָזען די סטאַנציאָן.

הערר דובאים, וועלכער האָט געסאָפּעט פונקט אזוי שטאַרק, ווי דער לאָקאָמאָטיוו, האָט זיך געווענדעט צו די ענגלענדער:

— ווילט איהר זיין מיינע סעקונדאַנטען?

זיי האָבען ביידע געענטפערט אין איין קול:

— אָה! יעס.

דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט.

אין אַ מינוט אַרום האָט דער פּרייס געפונען צוויי קאַמעראַדען, וואָס האָבען געהאָט ביי זיך פּיסטאָלעטען און זיי זיינען אַוועק צו די פעסטונגען.

די ענגלענדער האָבען נאָכאַנאַנד געקוקט אויף זייערע זייגערס, געוויגט זיך אויף די פיס און געאיילט די אָפיציערען, זיי זאָלען וואָס שנעלער פערטיג ווערען מיט זייערע פּאַרבערייטונגען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אז זיי וועלען פערשפּעטיגען דעם צוג.

הערר דובאים האָט אין זיין לעבען ניט געהאַלטען קיין פּיסטאָלעט אין די הענט. זיי האָבען איהם אַוועקגעשטעלט צוואַנציג טריט ווייט פון זיין שונא. דערנאָך האָט מען איהם געפרעגט:

— זייט איהר פערטיג?

און בעת ער האָט געענטפערט: — יאָ, מיין הערר — האָט ער בעמערקט, אז איינער פון די ענגלענדער האָט געעפענט זיין שירעם, כדי צו פערשטעלען די שטראַהלען פון דער זון.

אַ שטימע האָט אַ קאָמאַנדעווע געטהאָן:

— שיסט !

הערר דובאיס האט אויסגעשאסען גלאט אין דער וועלט אריין, ניט טראכטענדיג אפילו וואס ער טהוט, און ער איז געווארען פער־וואונדערט, ווען ער האט דערזעהן, ווי דער פרייס פאר איהם האט זיך א שאקעל געטהאן אויף די פיס, אויפגעהויבען די ארעמס, און גלייך נאך דעם א פאל געטהאן אין דער פולער לענג אויפ׳ן פנים. ער האט דערשאסען דעם אפיציער.

איינער פון די ענגלענדער האט ארויסגעלאזען אן „אה !", אין וועלכען עס האט זיך געהערט אי פערגעניגען, אי בעפריעדיגטע נייגעריגקייט, אי אונגעדולד. דער צווייטער, וועלכער האט נאך אלץ געהאלטען זיין זייגער אין האנד, האט א כאפ געטהאן הערר דובאיס אונטער׳ן ארעם און מיט דאפעלטער שנעלקייט גענומען לויפען מיט איהם צו דער סטאנציע. זיין לאנדסמאן איז אוועק נאך זיי מיט די הענט אין די זייטען, צעהלענדיג זייערע טריט : „איינס ! צוויי ! איינס ! צוויי ! "

און אזוי מארשירענדיג זאלבע־דריט אין איין אטהעם, זיינען זיי אין גיכען צוגעקומען צו דער סטאנציע, ווי דריי אויפפאלענדע פיגורען פון א קאמישער ציימונג.

דער צוג האט זיך נאר וואס גענומען ריהרען. זיי זיינען אריינגעשפרונגען אין זייער וואגאן. דאן האבען די ענגלענדער ארונטערגענומען זייערע רייזע היטלעך, א פאכע געטהאן מיט זיי דריי מאל איבער זייערע קעפ און אויסגעשריען :

— הורראַ ! הורראַ ! הורראַ !

דאן האבען זיי מיט אן ערנסטער מינע איינער נאכ׳ן אנדערען אויסגעצויגען זייער רעכטע האנד צו הערר דובאיס, און ערשט נאך דעם זיינען זיי אוועק אין זייער ווינקעל און זיך געזעצט אויף זייערע פלעצער.

# דער קריפּעל.



י דאָזיגע געשיכטע האָט מיט מיר געטראָפען אין׳ם יאָהר 1882.

איך האָב זיך געהאַט נאָר וואָס געזעצט אין אַ ווינקעל פון אַ ליידיגען וואַגאָן, האָב צוגעמאַכט די טהיר הינטער זיך, מיט דער האָפנונג צו בלייבען אַליין. אָבער די טהיר האָט זיך פּלוצים ווידער געעפענט און איך האָב געהערט אַ שטימע, זאָגענדיג:

— גיט אַכטונג, מיין הערר, דער טרעפּל איז זעהר אַ הויכער.

אַן אַנדער שטימע האָט געענטפערט:

— האָט קיין מורא ניט, איך האַלט זיך שוין פעסט.

דאַן האָט זיך בעוויזען אַ קאָפּ מיט אַ רונדען הוט, און צוויי הענט האָבען זיך אָנגעכאַפּט אַן די לעדערנע האַלטערס, וועלכע זיינען געהאַנגען רעכטס און לינקס פון דער וואַגאָן־טהיר; באַלד האָט זיך אויך בעוויזען אַ דיקער קערפּער, וועמעס פיס האָבען גע־קלאַפּט אויף דער פּלאַטפאָרמע און אָנגעמאַכט אַ גערויש, ווי אַ שטעקען, וואָס קלאַפּט זיך אָן אָן דער ערד.

ווען דער מאַן האָט דאַן אריינגעשטופּט זיין קערפּער, האָב איך אין די הויזען, וועלכע זיינען אויף איהם געהאַנגען ווי זעק, דערזעהן אַ פּאָאַר הילצערנע פיס.

הינטער דעם מאַן, וואָס איז אין וואַגאָן אריין, האָט זיך בע־וויזען נאָך אַ קאָפּ און געפרעגט:

— דאַרפט איהר נאָך עפּעס האָבען, גנעדיגער הערר?

— ניין, מיין אינגעל.

— נו, טאָ אָט זיינען אייערע פּעקלעך און די קוליעס.

און אַ דיענער, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי אַ סאָלדאַט, איז אריין אין וואַגאָן מיט אַ הויפען פּעקלעך אין שווארצע און געלע פּאַפּיער איינגעוויקעלט, שעהן פערבונדען, אונטער׳ן אָרעם. ער

האָט זיי אָוועקגעלעגט איינס נאָכ'ן אַנדערען אויף דער פּאָליצע אי־בער זיין הערר'ס קאָפּ. דאַן האָט ער געזאָגט:

— אָט אַזוי, דאָס איז אַלעס. דאָ זיינען פינף פּעקלעך: די קאָנפעקטען, די ליאַלקע, דער פּייקעל, דאָס געוועהר און די לעבער־וואורשט.

— גוט, מיין אינגעל.

— אַ גליקליכע רייזע, גנעדיגער הערר.

— אַ דאַנק. זיי געזונד.

דער מאַן איז אוועק, האָט צוגעמאַכט די טהיר, און איך האָב גענומען בעטראַכטען מיין מיטרייזענדען.

ער האָט געמוזט אַלט זיין אַרום פינף און דרייסיג יאָהר, הגם זיינע האָאַר זיינען געוועזען כמעט אין גאַנצען ווייס. ער האָט גע־טראָגען אַן אָרדען, האָט געהאַט אַ פּאָאַר גרויסע וואָנצעס, איז גע־ווען זעהר דיק, בעלייבט, ווי קרעפטיגע מענשען, וועלכע זיינען צו־ליעב עפּעס אַ פעהלער פּערזאָנלערזאָנלערזאָרטהיילט צו אַן אונבעוועגליכען לעבען.

ער האָט זיך אָבגעווישט דעם שטערען, אָבגעצויגען דעם אָטהעם און מיך אָנגעקוקט. דאַן האָט ער געפרעגט:

— וועט אייך שטערען, ווען איך זאָל רויכערען?

— ניין. רויכערט, איך בעט אייך.

איך האָב געוויס געקענט די דאָזיגע אויגען. די שטימע, דאָס פּנים. אָבער ווען? וואו? פון וואַנען? איך האָב דעם דאָ־זיגען מענשען שוין זיכער אַמאָל געטראָפען, האָב מיט איהם גע־רעדט, איהם די האַנד געדריקט. דאָס האָט געמוזט זיין שוין לאַנג, לאַנג צוריק און עס האָט זיך אין יענעם נעבעל פערלאָרען, וואו דער גייסט זוכט אַפּט אַלטע עראינערונגען, זוכט און קען זיי ניט אימער געפינען. איצט האָט ער מיך אויך אָנגעקוקט מיט אַ בע־שטענדיגען שטאַרען בליק, ווי איינער, וואָס שטויסט זיך אָן עפּעס אָן, איז אָבער נאָך ניט זיכער אין זיין זאַך.

צום סוף האָבען זיך אונזערע אויגען אָבגעקעהרט, פערלעגען פון דאָס שטענדיגע אָנקוקען איינע די אַנדערע. אָבער אין אַ פּאָאַר מאָמענטען אַרום האָבען זיך אונזערע בליקען ווידער געטראָפען.

געטריבען פון דעם גערעבעניש, וואס האט נעארבייט אין אונז. און איך האב אנגעהויבען :

— זאגט מיר, איך בעט אייך, וואלט ניט בעסער געווען, אנ־שטאט צו גלאצען מיט די אויגען איינער אויף דעם צווייטען, אז מיר זאלען זיך צוזאמען דערמאהנען פון וואנען מיר קענען זיך.

מיין שכן האט געענטפערט גוט אויפגעלעגט :

— איהר זייט גאנץ גערעכט.

איך האב אנגערופען מיין נאמען :

— איך הייס הענריך באנקלאיר און בין א בעאמטער.

ער האט געצעגערט א פּאאר סעקונדען, דאן האט ער געזאגט מיט יענער אונבעשטימטקייט אין בליק און אין דער שטימע ווי ביי שארפען נאכדענקען :

— אך, מיר האבען זיך פריהער געטראפען ביי דער פּאינסעל, פאר דער מלחמה. עס איז שוין א יאהר צוועלף אין דעם.

— יא, יא. איצט דערמאהן איך זיך, איהר זייט דער לייטע־נאנט רעוואליער.

— יא. איך בין זאגאר געווען קאפּיטאן רעוואליער, ביז איך האב ביידע פיס פערלארען, ביידע אויף אמאל, דורך איין שאס.

מיר האבען זיך ווידער אנגעקוקט איצט, ווען מיר האבען זיך ביידע דערקענט.

און איך האב זיך גאנץ גענוי דערמאהנט אן דעם שלאנקען, שעהנעם מאן, וועלכער האט מיט אזא גראציעזער לעבהאפטיגקייט געטאנצט, אז מען האט איהם א נאמען געגעבען „דער ווירבעל־ווינד“. אבער הינטער יענעם בילד, וועלכער האט איצט אזוי קלאהר אב־געלעבט פאר מיר, איז אין מיין גערעבעניש געבליבען נאך עטוואס, אויף וואס איך האב זיך ניט געקענט דערמאהנען, עפּעס א געשיכטע, וועלכע איך האב געוואוסט און דערנאך פערגעסען, איינע פון יענע געשיכטען, וועגען וועלכע מען טראכט א קורצע צייט און וועלכע לאזען איבער נאר א לייכטען איינדרוק אין אונזער עראינערונג.

עס איז עפּעס געווען פון ליעבע דערביי. אויף דעם האב איך זיך אנגעשטויסען, אבער מעהר האב איך ניט געדענקט.

אבער ביסלעכווייז איז די דונקעלהייט פערשוואונדען, און א

פּנים פון אַ מיידעל האָט פאַר מיינע אויגען אַ שוועב געטהאַן. דאַן פּלוצים ווי אַ באָמבע, וועלכע ווערט צופּלאַצט, איז מיר איינ־געפאַלען איהר נאָמען: פריילין דע מאַנדאַל. און איצט האָב איך זיך אַן אַלסדינג דערמאַהנט. עס איז ווירקליך געווען אַ ליעבעס גע־שיכטע, הגם אַ גאַנץ געוועהנליכע. דאָס דאָזיגע יונגע מיידעל האָט געליעבט דעם יונגען מאַן. דאַן ווען איך האָב זיי געקענט, און מען האָט גערעדט, אַז זיי וועלען חתונה האָבען. ער האָט געשיינט צו זיין זעהר פערליעבט און זעהר גליקליך.

איך האָב אַ קוק געטהאַן אויף דער פּאָליצע, וואו עס זיינען געלעגען די פּעקלעך, וועלכע מיין שכנ'ס דיענער האָט אריינגע־בראַכט. און די שטימע פונ'ם דיענער האָט מיר אָבגעקלונגען אין די אויערען, ווי ער וואָלט נאָר וואָס געהאַט גערעדט.

ער האָט געזאָגט:

— אָט דאָ, גנעדיגער הערר, זיינען אַלע פּעקלעך. עס זיינען דאָ פינף שטיק: די קאָנפעקטען, די ליאַלקע, דער פּיקעל, דאָס געוועהר און די לעבער־וואָרשט.

דאָ איז אין מיין קאָפּ אין איין מינוט בעשאַפען געוואָרען אַ ראָמאַן און זיך ענטוויקעלט. ער איז געווען זעהר עהנליך צו די ראָמאַנען, וועלכע איך האָב אַמאָל געלעזען, וואו דער יונגער מאַן, אָדער די מיידעל, דער חתן, אָדער די כלה, הייראַטהען צוזאַמען, נאָכ־דעם ווי מיט איינעם פון זיי האָט פּאַסירט עפּעס אַן אונגליק פון פי־נאַנציעלער, אָדער קערפּערליכער אַרט. דער אָפיציער, וועלכער איז צוקאַליעטשעט געוואָרען אין צייט פון מלחמה, האָט נאָכדעם מסתמא געטראָפען דאָס מיידעל, וועלכע האָט איהם איהר וואָרט געגעבען. און זי האָט איהר וואָרט געהאַלטען און איז זיין פרוי געוואָרען.

איך האָב עס געפונען פאַר שעהן און איינפאַך, ווי עס געפעלט איינעם איבערהויפּט יעדע אויפאָפּפערונג און יעדער גוטער סוף אין די ביכער און אין טהעאַטער. ווען מען לעזט, אָדער מען הערט פון מענשליכער גוטהערציגקייט, פון שעהנע טהאַטען, דאַן פיהלט יעדער איינציגער, ווי ער אַליין וואָלט מיט פערגעניגען געאָפּפערט

מיט זיין אייגענעם איך. אָבער אויף דעם צווייטען טאָג ווערט מען אויסער זיך, ווען אַן אָרימער פריינד קומט לייהען עפּעס געלד.

דאַן איז מיר פּלוצים איינגעפּאַלען אַ וועניגער פּאַטהעטישער און מעהר רעאַליסטישער געדאַנק: פיליכט האָט ער געהייראַטה פאַר דער מלחמה, נאָך איידער דער שרעקליכער אונגליק האָט איהם געטראָפען, נאָך פריהער ווי די קויל האָט איהםביידע פיס אָבגע־ריסען. זי האָט געמוזט זיין פערצווייפעלט, אָבער דאָך האָט זי אַנ־גענומען איהר מאַן מיט טרייהייט און איבערגעבענהייט, האָט איהם געפּפלעגט, געטרייסט, צוגעגעבען מוטה דעם אָרימען, אונגליקליכען מאַן, וועלכער איז אַוועק אין קריעג אַזאַ שעהנער, אַזאַ שטאַרקער און איז צוריקגעקומען מיט אָרונטערגעהאַקטע גליעדער, אַ פעראור־טהיילטער צו פיהרען אַן אונבעוועגליכען לעבען.

איז ער געוועזען גליקליך, אָדער אונגליקליך? איצט איז אויף מיר אָנגעפאַלען אַן אונווידערשטעהליכער פערלאַנג צו וויסען, ווי איהם האָט זיך געלעבט, אָם וועניגסטענס די הויפּט זאַך, אַזוי אַז איך זאָל זיך קענען אָנשטויסען אויף דעם, וואָס ער וועט מיר ניט וועלען, אָדער ניט קענען זאָגען.

בעת איך האָב וועגען דעם געטראַכט, האָב איך זיך מיט איהם אונטערהאַלטען. מיר האָבען גערעדט פון געוועהנליכע זאַכען, און איך האָב געטראַכט, קוקענדיג אויף די פּעקלעך: ער האָט אַלזאָ דריי קינדער. די קאָנפעקטען זיינען פאַר דער פרוי, די ליאַלקע פאַר דער קליין מיידעלע, דער פייקעל און געוועהר פאַר זיינע זיהן, און די לעבער־וואורשט פאַר איהם אַליין.

דערפאַר האָב איך ביי איהם געפרעגט:

— איהר האָט קינדער?

ער האָט געענטפערט:

— ניין.

איך בין פּלוצים געוואָרען צומישט, ווי איך וואָלט אַ גרויסע נאַרישקייט בעגאַנגען, און האָב ווייטער גערעדט:

— ענטשולדיגט מיר, עס איז מיר איינגעפאַלען, ווען איך האָב געזעהן, ווי אייער דיענער האָט געבראַכט דאָס שפּיעלצייג. ניט

ווילענדיג הערט מען אַמאָל צו פּרעמדע רייד און מען ציהט זיך אייגענע שליסע.

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן און געזאָגט :

— ניין, איך בין אפילו ניט פערהייראַטה. איך האָב ניט צייט געהאַט צו קומען דערצו.

איך האָב געמאַכט אַן אַנשטעל, ווי איך וואָלט זיך פּלוצים דערמאַהנט.

— אַך, עס איז אמת, איהר זייט געווען אַ חתן, ווען איך האָב איייך געקענט. איך גלויב פאַר פריילין דע מאַנדראַל.

— יאָ, ריכטיג. איהר האָט אַן אויסגעצייכענטען געדעכעניש.

דאַן האָב איך זיך אַנגענומען מיט מוטה און בעמערקט :

— איך גלויב, אַז איך האָב אויך געהערט, אַז פריילין מאַנדראַל האָט געהייראַטה מיט דעם הערר... הערר...

— הערר דע פּלעורעל.

— יאָ, יאָ, יעצט דערמאַהן איך זיך. ביי דער דאָזיגער געלע־גענהייט האָט מען זאָגאַר גערעדט דערפון, אַז איהר זייט פערוואונ־דעט געוואָרען.

איך האָב אויף איהם אַ קוק געטהאָן, ער איז רויט געוואָרען.

ער האָט געענטפערט נערוועז, מיט דער פּלוצימדיגער אויפרע־גונג פון אַ מענשען, וועלכער פערטהיידיגט אַ פערלאָרענע זאַך, אַ פערלאָרענע אין זיין הארצען און אין זיין גייסט, אָבער וועלכע עס ווילט זיך דאָך פערטהיידיגען, גערעכט מאַכען :

— עס איז אַ גרויסע עולה צו פערבינדען מיין נאָמען מיט דעם נאָמען פון מאַדאַם דע פּלעורעל. ווען איך בין פון דער מלחמה צוריקגעקומען אָהן פיס, וואָלט איך קיין מאָל, קיין מאָל ניט דער־לאָזען, אַז זי זאָל ווערען מיין פרוי. איז עס דען געווען מעגליך ? מען הייראַטה דאָך ניט, אום זיך צו בעריהמען מיט דער גוטהער־ציגקייט, זאָנדערען דעם גאַנצען לעבען, יעדען טאָג, יעדע מינוט, יעדע סעקונדע צו פערברענגען נעבען דעם מאַנ׳ס זייט. און ווען דער מאַן איז אַ קריפּעל, אַזוי ווי איך, דאַן נעהמט מען אויף זיך, ווען מען הייראַטה מיט איהם, גרויסע ליידען, וועלכע דויערען ביז אין טויט. יעדע אויפאָפּפערונג, יעדע היגגעבונג, קען איך בעגריי־

פען און בעוואונדערען ביז צו א געוויסער גרענעץ. אבער איך קען ניט פערשטעהן, אז א פרוי זאל אויפגעבען איהר גאנץ לעבען, איהר גאנצען גליק, אלע איהרע פריידען, אלע טרוימען, נאר דערפאר, אז מען זאל לויבען איהר גוטהערציגקייט. ווען איך הער, ווי מיינע הילצערנע פיס קלאפען אן פאל פון מיין צימער, און מיינע קוליעס מאכען ביי יעדען טריט א גערויש ווי א מיהל, דאן ווער איך אזוי פערצווייפעלט, אז איך כאפ אזש ניט ווערגען מיין דיענער. גלויבט איהר, אז מען קען פערלאנגען פון א פרוי, אז זי זאל ליידען דאס, וואס מען קען אליין ניט אריבערטראגען? און דאן דענקט איהר, אז מיינע איבערגעהאקטע קניה זיינען זעהר שעהן?

ער איז אנשוויגען געווארען. וואס האב איך געזאלט ענט־פערען? ער איז געווען גערעכט. האב איך זי דען געקענט טאד־לען, פעראכטען, איהר אונרעכט געבען? ניין. און דאך האט מיין פאעטישער פאנטאזיע ניט געשמעקט די דאזיגע קלוגע, געוועהנליכע און ריכטיגע אויסרעכענונג. עס האט זיך מיר געוואלט הערען פון עפעס א גרויסען אפפער, און איך בין געווען א ביסעל ענטוישט.

דאן האב איך פלוצים געפרעגט:

— האט מאדאם דע פלעורעל קינדער?

— יא. א מיידעל מיט צוויי אינגלעך. זיי ברענג איך עס דאך שפיעלצייג. איהר מאן און זי זיינען זעהר גוט אנטקעגען מיר.

דער צוג איז געלאפען איבער דעם אייזענבאהן דאמם פון סיינט זשערמאן, האט זיך דורכגעגליטשט דורך דעם טונעל, אריינגעפאה־רען אין באהנהויף און זיך אבגעשטעלט.

איך האב נאר וואס געוואלט אנבאטען מיין ארעם דעם פער־קריפעלטען אפיציער, כדי איהם צו העלפען אויסשטייגען, ווען דורך דער אפענער טהיר האבען צוויי הענט זיך צו איהם אויסגעשטרעקט:

— א גוטען טאג, פלעורעל!

— א גוטער טאג, מיין ליעבער קעוואליער!

הינטער דעם מאן איז געשטאנען די פרוי, א שטראהלענדיגע, א שמייכלענדיגע, נאך א שעהנע, און האט איהם פון וועיטען גע־גריסט מיט דער האנד. א קליין מיידעל ביי איהר זייט האט אונ־טערגעטאנצט פאר פרייד און צוויי אינגלעך האבען געקוקט מיט

בלישטשענדיגע אויגעלעך אויף דעם פּייקעל און דעם ביקסעל, וועל־כע זייער פּאַטער האָט אַרונטערגענומען פון דער פּאַליצע.

ווען דער קריפּעל איז אַרונטער אויף דער פּלאַטפאָרמע, האָבען אַלע קינדער איהם אַרומגעכאַפּט. דאַן האָבען זיי זיך געלאָזט געהן. דאָס קליין מיידעלע האָט זיך מיט איהר קליין הענטעל אָנגעהאַלטען אַן איין זייט פון דער קוליע, עפּעס אַזוי ווי געהענדיג נעבען זיין זייט, וואָלט זי איהר גרויסען פריינד אָנגעכאַפּט פאַר אַ פינגער.



# עראינערונג.



ך, וויפיעל עראינערונגען פון דער יונגענד ערוואכען עס אין מיר ביי דעם ערשטען ווארימען שטראהל פון דער זון. אין די יונגע יאהרען דאכט זיך אונז אז אלסדינג איז שען, לוסטיג, פרעהלאך און גוט. ווי וואונדערשען זיינען די עראינערונגען אן פערגאנגענע פריהלינגם! . . .

געדענקט איהר נאך פריינדע, ברידער מיינע, יענע פרעהליכע יאהרען, ווען דאס גאנצע לעבען האט אויסגעזעהן, ווי א לוסטיגער יום טוב, ווי איין פרעהליכער געלעכטער? געדענקט איהר נאך יענע טעג, ווען מיר פלעגען זיך ארומשלעפען ארום פאריז, אונזער ארימקייט, פון וועלכער מיר האבען געלאכט, אונזערע שפאציערען אין דעם גרינעם וואלד? ווי מיר פלעגען פאר'שיכור'ט ווערען בלויז פון דער ריינער לופט אין יענע קליינע שענקלאך אויף'ן ברעג פון דער סעין? געדענקט איהר נאך אונזערע באנאלע און דאך אזעלכע אנגענעהמע קליינע ליעבעס־געשיכטען?

איך וויל אייך דערצעהלען איינע פון זיי.

פאסירט האט זי ערשט מיט צוועלף יאהר צוריק, אבער מיר ווייזט זי זיך אוים אזוי אלט, אזוי ווי זי וואלט געלעגען אויף דעם אנדערען זייט פון מיין לעבען...

איך בין דעמאלט אלט געוועזן פינף און צוואנציג יאהר, בין נור וואס געקומען קיין פאריז, ביז געוועזן א בעאמטער אין א מיניסטעריום, און די זונטאגם האבען מיר אויסגעוויזען, ווי שענע, פרעהליכע יום טובים, פול פרייד און גליק, הגם אין די דאזיגע טעג האט מיט מיר קיינע בעזונדערע זאכען ניט פאסירט.

היינט איז תמיד זונטאג; אבער איך טראכט מיט בעדויערן

אַן יענער צייט, ווען זונטאג איז געווען נור איין מאָל אין וואָך!
און איך האָב דאָך דאַן גיט געהאַט מעהר ווי זעקס פראַנק אויס־
צוגעבען.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין יענעם פריהמאָרגען מיט אַ
געפיהל פון פרייהייט, וועלכער איז גוט בעקאַנט צו די בעאַמטע,
מיט אַ געפיהל, אַז היינט איז מיין טאָג, היינט קאָן איך רוהען,
קאָן זיך פּרעהען, קאָן אויסגעהן, היינט בין איך אונאַבהעננגיג.

איך האָב געעפענט דעם פענסטער, עס איז געווען אַ וואונדער־
שענער וועטער. דער הימעל, אַ גאַנץ בלויער, האָט זיך אויסגע־
צויגען איבער'ן שטאָדט, פול מיט ליכט, מיט זון און פויגעל־געזאַנג.

איך האָב זיך שנעל אָנגעטהאָן און בין אוועק. איך האָב גע־
וואָלט פערברענגען דעם טאָג אין'ם וואַלד, אַטהעמען די פרישע
לופט פון דער שמעקעדיגער, גרינער וועלט... איך בין דאָך אַליין
פון'ם דאָרף, איך בין אויף די פעלדער און צווישען די בוימער
אויפגעוואַקסען.

פּאַריז האָט זיך אויפגעכאַפּט פרעהליך, אין גאַנצען בעגאָסען
מיט וואַרימען ליכט. די פראָנטען פון די הייזער האָבען געבלים־
טשעט; די קאַנאַריקלאַך פון די שווייצאַרען האָבען געשוויש־
צערט אין זייערע שטייגלאַך און אַ פרעהליכקייט האָט זיך געטראַ־
גען איבער די גאַסען. אַלסדינג האָט געשמייכעלט. ביי אַלעמען
איז געווען זון־אויפגאַנג. גליק און צופריעדענהייט האָט געשיינט
אויף אַלע פּנים'ער, אויף אַלע אַרומיגע זאַכען...

איך בין אוועק צו דער סיין און האָב געוואָלט אַרויף אויף
דער "שוואַלב", וועלכע געהט קיין סען־קלו. אַך, ווי איך האָב ליעב
געהאַט דאָס וואַרטען אויף'ן בריק, ביז דאָס שיף וועט אָנקומען,
עפּעס אַזוי ווי איך זאָל זיך אוועקלאָזען אין עק פון דער וועלט.
אין נייע, זעלטענע לענדער...

איך האָב דאָס שיף דערזעהן נאָך פון ווייט, ווייט, הינטער
דעם צווייטען בריק, מיט אַ וואָלקען רויך איבער איהם. עס האָט
אויסגעזעהן קליין, גאָר קליין. באַלד אָבער איז עס גרעסער געוואָ־

רען, גרעסער און גרעסער און אין מיין פאנטאזיע איז עס אויסגע־וואקסען צו א גרויסען דאמפפער.

דאס שיפעל איז צוגעקומען צום ברעג און איך בין אריינגע־שטיגען.

אינעווייניג זיינען שוין געזעסען מענשען אין יום־טוב'דיגע בגדים, אין העלע, אויפאלענדע קליידער, מיט בונט־קאלירטע לענ־טעס און פרעהליכע, צוהיצטע פנים'ער.

איך בין געבליעבען שטעהן גאנץ פון פארענט, האב געקוקט אויף פארביישוועבענדע ברעגעס, אויף די הייזער, די בוימער, די בריקען. און פלוצים האב איך דערזעהן דעם גרויסען וויאדוקט פוען־דיר־זשור, וועלכער שניידט איבער דעם גאנצען טייך.

דא איז געווען דער עק פון פאריז און דער אנהויב פון דארף, און די סיין האט זיך פלוצים שטארק פערשפרייט, עפעס אזוי ווי זי וואלט זיך ארויסגעריסען פון געפאנגענשאפט און וואלט זיך דערפיהלט פראנק און פריי. זי איז מיט אמאל געווארען א שע־נער, רוהיגער פלוס, וואס שטראמט איבער פלאכען לאנד, אין מי־טען פון פעלדער און פארביי וועלדער.

נאכדעם ווי מיר זיינען פארבייגעפאהרען צוויי אינזלען, האט זיך "די שוואלב" פארקירעוועט און איז געפאהרען פארביי א הויכען, גרינעם ברעג, פון וואנען עס האבען זיך געזעהן א סך ווייסע הייזלאך און א שטימע האט אויסגערופען:

— בא־מעדאן!

דאן אביסעל ווייטער:

— סעוור!

און נאך ווייטער:

— סען־קלו!

איך בין ארונטער פון'ם שיף און מיט איילינע טריט בין איך אוועק מיט'ן וועג, וואס פיהרט צום וואלד. איך האב מיטגענומען א קארטע פון דער אומגעגענד, כדי ניט צו פארבלאנדזשען אויף די וועגען, וועלכע שניידען איבער די וועלדער אין אלע ריכטונגען.

אזוי שנעל ווי איך האב זיך געפונען אין'ם שאטען, האב

איינגעזויגען אין זיך די שמעקעדיגע, זאפטיגע לופט. איך בין געגאנגען מיט לאנגזאמע טריט, האָב ניט געטראַכט מעהר וועגען אַקטען, וועגען מיין ביורא, שעף, קאָלעגען; איך האָב נור געטראַכט פון פערשיעדענע גליקען, וואָס וועלען מיך טרעפען.

טויזענדע עראינערונגען פון דער קינדהייט האָבען ערוואכט אין מיר, ארויסגערופען פון די אַלע שמעקעדיגע ריחות פון'ם וואַלד, און באַדענדיג זיך אין גרינס און אין זונען־שטראהלען, בין איך זיך געגאַנגען מיין וועג. פון צייט צו צייט האָב איך זיך צוגעזעצט, און זיך אַרומגעקוקט. אַרום און אַרום איז געווען וואַלד, קליינע בלימלאַך האָבען געוואַקסען אַרום מיר, זייערע נעמען האָב איך געוואוסט נאָך פון לאַנג, איך האָב זיי אַלע גלייך ווידער דערקענט, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען די אייגענע, ווי ביי מיר אין דערהיים. זיי זיינען געווען געל, רויט, פיאלעט, אויף דינע, לאַנגע שטעקעלאַך. אָדער גאָר אויף ד'רערד. אויף די בלעטעלאַך אין'ם גראָז זיינען אַרומגעקראָכען פליגעלאַך פון אַלע פאַרבען און פאָרמען, אַנדערע צודרעהטע און צוקרימטע און אַנדערע גלייכע און שלאַנקע; אַנ־דערע העסליכע און גרויסע און ווידער אַנדערע קלייניקע, ברעקע־לאַך, אַז מען האָט זיי קוים געקענט זעהן.

דאַן בין איך געשלאָפען אַ פּאָאַר שטונדען אין אַ גראָבען, און אַ אויסגערוהטער, אַ געשטאַרקטער פון שלאָף, בין איך אוועק ווייטער.

פאַר מיר האָט זיך געעפענט אַ בעצויבערנדע אַלעע. דורך די ניט־גאָר געדיכטע בוימער האָט די זון געוואָרפען איהרע גאָלדענע שטראַהלען, וועלכע זיינען, ווי ליכטיגע פלעקען, געפאַלען אויף די ווייסע מאַרגאַריטקעס.

די אַלעע האָט זיך געצויגען לאַנג אָהן אַ סוף, אַ שטילע און אַ ליידיגע, נור איין גרויסע, זשומענדע פליעג איז אַרומגעפלויגען און זיך צייטענווייז אָבגעשטעלט, כדי צו זויגען פון אַ בלום, דאַן איז זי גלייך ווידער אוועקגעפלויגען, אום אַביסעל ווייטער ווידער צו רוהען.

אָבער פּלוצים האָב איך אויף דער אַנדערער זייט אַלעע דער־

זעהן צוויי מענשען, א מאַן און א פרוי, וועלכע זיינען מיר געגאַנגען אנטקעגען. מיך האָט פערדראָסען, וואָס מען צושטערט מיין רוהיגען שפּאַציער־גאַנג, און איך האָב זיך געוואָלט בעהאַלטען צווישען די בוימער; אָבער דאָ האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז מען רופט מיך.

און ווירקליך, די פרוי האָט געמאַכט צו מיר מיט'ן שירעם, און דער מאַן, אין זיין זשילעט, מיט'ן רעקעל אויפ'ן אַרם, האָט מיט דער אַנדער האַנד געמאַכט צו מיר פערצווייפעלטע צייכענס.

איך בין אַוועק צו זיי. זיי ביידע זיינען געווען זעהר רויט, זי האָט געטראָטען מיט קליינע טריט, ער האָט געשפּרייזט מיער. אויף זייערע פּנים'ער האָט זיך אַנגעזעהן א מיעדקייט און אַז זיי זיינען שלעכט אויפגעלייגט.

די פרוי האָט מיך גלייך געפרעגט:

— קענט איהר מיר ניט זאָגען, וואו מיר געפינען זיך? מיין מאַן, דער פּרה אדם, האָט פערבלאָנדזשעט, פאַרזיכערענדיג מיך אַז ער קען גוט די געגענד.

איך האָב געענטפערט מיט דער גרעסטער זיכערהייט:

— איהר געהט נאָך סען־קלו, הינטער אייך ליגט ווערסאַל.

זי האָט געזאָגט מיט א צורייצטען בליק אויף איהר מאַן:

— אַזוי גאָר, מיר געהען פון ווערסאַל? אָבער אַהין ווילען מיר דאָך געהן עסען!

— איך געה אויך אַהין מאַדאַם.

זי האָט געזאָגט עטליכע מאָל, דריקענדיג מיט די אַקסלען:

— מיין גאָט! מיין גאָט! מיין גאָט!

מיט יענעם בעזונדערען פערעכטליכען טאָן, וועלכען פרויען נעברויכען, ווען זיי ווילען אויסדריקען זייער פערדרוס.

זי איז געווען א יונגע, שענע ברונעטקע מיט א לייכטען שאָטען פון וואָנסילאַך אויף דער אויבערשטער ליפּ.

ער אָבער האָט געשוויצט און זיך געווישט דעם שטערן. זיי זיינען הפּנים געווען קליינע פאַריזער בורזשואַס. דער מאַן האָט אויסגעזעהן גאַנץ דערשלאָגען, טויט־מיעד און פערצווייפעלט. ער האָט געברומט:

— אבער מיין טהייערע, דו . . .

זי האָט איהם ניט געלאָזען ווייטער רעדען:

— נו יאָ, איך!.. איצט בין איך שולדיג! נאַטירליך, איך! ווער דען? דאָס האָב איך דאָך געוואָלט געהן ניט וויסענדיג וואוהין, גיין? דאָס האָב איך דאָך געוואָלט געהן רעכטס, דאָס האָב איך דאָך פערזיכערט, אז איך וועל דערקענען דעם וועג? הא? דאָס האָב איך געוואָלט נעהמען מיט זיך קאָשאַן?

זי האָט נאָך ניט צייט געהאט אויסצורײידען די לעצטע ווערטער, ווי איהר מאַן, עפּעס ווי אין אַנפאַל פון משוגעת, האָט ארויסגעלאָזען א לאַנגען, דורכדרינגליכען געשריי, עפּעס א מין לאַנגען וואָיען ווי א ווילדער, וואָס מען קען אין קיין שפּראך ניט איבערגעבען, עס האָט געקלונגען ווי:

— טיטימיטיטימי!

ווי עס האָט געשיינט, האָט עס דער יונגער פרוי ניט פּאַרוואונדערט ניט און אויפגערעגט, זי האָט נאָך אלץ גערעדט איהרס:

— עס זיינען אָבער דאָ נאַרען אויף דער וועלט, דענקען, אז זיי זיינען נאָך גערעכט: בין איך געווען די יעניגע, וואָס האָט זיך פּאַר־א־יאָהרען געזעצט אין דעם צוג וואָס פיהרט קיין דיעפּפּ, אנשטאָדט צו נעהמען א צוג קיין האוור, זאָג, בין איך עס געווען, הא? האָב איך זיך געוועט, אז הערר לע טורנער וואָהנט אויף דער רו דע מערטירס? דאָס האָב איך ניט געוואָלט גלויבען, אז סעלעסטינע איז א גנב'טע, הא?..

און זי האָט מיט א שאַרף צינגעלע, פול גיפט, געוואָרפען איהם אין פּנים בעשולדיגונגען, אויפגעוואָרפען איהם זאַכען פון זייער טעגליכען לעבען און פון זייערע אינטימסטע פערהעלטניסע.

זי האָט איהר מאַן אויפגעוואָרפען אַלעס, וואָס ער האָט געטהאַן, זיינע געדאַנקען, זיין בענעהמען זיך, זיינע האַנדלונגען, אַלע זיינע פערזוכען, אַלע זיינע אנשטרענגונגען, זיין גאַנץ לעבען, פון זייער חתונה ביז'ן היינטיגען טאָג...

ער האָב געפּרופּט זי איינצושטילען, זי צו בערוהיגען און האָט געשטאַמעלט:

— אָבער מיין טהייערע, די אַלע רייד זיינען דאָך איבעריג... פאַר דעם פרעמדען מענשען... מיר דארפען דאָך ניט געבען קיין פאַרשטעלונג... דאָס אינטערעסירט דעם הערר זעהר ווענינ!..

און ער האָט פערצווייפעלט געקוקט אויף די בוימער, ווי ער וואָלט וועלען אויסמעסטען זייער שווייגענדע, געהיימניספולע טיעפ־קייט, כדי זיך דאָרט אריינצואוואַרפען, אנטלויפען, בעהאַלטען זיך פון אַלעמענס בליקען, און פון צייט צו צייט האָט ער ווידער ארויס־געלאָזען א הויכען, משונה'דיגען געשריי:

— טיטיטיטיטיטי!

דעם דאָזיגען שאַרפען, דורכדרינגענדען געשריי האָב איך אָנ־גענומען פאַר א נערוועזע קראַנקהייט.

די יונגע פרוי האָט זיך פּלוצים געווענדעט צו מיר:

— אויב איהר ערלויבט, געהען מיר מיט אייך צוזאַמען, דאַן וועלען מיר כאָטש ניט פאַרבלאָנדזשען א צווייטען מאָל.

איך האָב זיך פאַרנייגט; זי האָט מיך גענומען אונטער'ן אָרם און דערצעהלט טויזענד זאַכען פון איהר לעבען, פון איהר פאַמיליע, פון איהר געשעפט. זיי האָבען געהאַט א האַנשוה־קראָם אין דער רו סיינט לאַזאַר.

איהר מאַן האָט געשפּרייזט נעבען איהר, געקוקט מיט אויפ־גערעגטע בליקען אין וואַלד אריין און געקוויטשעט:

— טיטיטיטיטיטי!

צום סוף האָב איך געפרעגט:

— פאַרוואָס שרייט איהר עפּעס אַזוי מאָדנע?

— איך האָב פאַרלאָרען מיין הונד!

— וואָס? איהר האָט פאַרלאָרען אייער הונד?

— יאָ, ער איז נאָך קיין יאָהר ניט אַלט און ער איז נאָך קיין מאָל פון קראָם נישט ארויס; איך האָב איהם געוואָלט מיטנעהמען, אום ער זאָל זיך דורכגעהן אין וואַלד שפּאַצירען. ער האָט נאָך קיין מאָל ניט אָנגעזעהן קיין גרינס, קיין גראָז, און ווען מיר זיינען אין וואַלד אריין, איז ער ווי משוגע געוואָרען. ער האָט זיך געלאָזט לויפען האווקענדיג און איז פערשוואונדען אין וואַלד. איך דאַרף

איך אויך בעמערקען, אז אין׳ם אייזענבאהן האט ער זיך אויך שטארק געשראָקען. עס קאן זיין אז דאס האט איהם צוטומעלט איך האב איהם גערופען און גערופען, אָבער ער איז ניט צוריק־געקומען, און דאָ, אין׳ם וואלד, וועט ער דאָך שטארבען פאר הונגער.

די יונגע פרוי האט געזאָגט, ניט קוקענדיג אויף איהר מאן:

— ווען דו וואָלסט איהם געהאלטען פאר א שטריקעל, וואָלט עס ניט פאסירט. ווען מען איז אזא פרא אדם ווי דו, דארף מען קיין הונד ניט.

ער האט זיך אָנגערופען ניט דרייסט:

— אָבער מיין טהייערע, דו האסט דאָך....

זי איז פּלוצים געבליעבען שטעהן, ווי צוגעוואקסען צו ד׳ערד, האט איהם אָנגעקוקט שארף אין די אויגען, ווי זי וואָלט זיי ווע־לען ארויסקראצען, און איהם ווידער געגומען ווארפען אין פּנים אריין איין פאָרוואורף נאָך׳ן אנדערען.

די נאכט איז צוגעפאלען. לאנגזאם האט זיך א נעבעלדיגער שלייער איבער׳ן דאָרף אויפגעשפרייט און די לופט איז פול גע־ווארען מיט יענער פּאָעטישער שטימונג, וועלכע פיהלט זיך פאר־נאכט אין א קיהלען, שמעקעדיגען וואלד.

פּלוצים האט זיך איהר מאן אָבגעשטעלט, זיך נערוועז גענו־מען טאפּען פון אלע זייטען און דאן אויסגערופען:

— מיין גאָט, מיר דאכט זיך, איך האב....

זי האט איהם אָנגעקוקט:

— נו, וואס נאָך?

— איך האב ניט בעמערקט, אז איך טראָג מיין אויבערראק אויף׳ן אָרם.

— נו?

— איך האב פערלאָרען מיין בריעף־טאש, מיין גאנץ געלד איז דארט.

זי האט געציטערט פאר כעס און אזש ניט געקענט רעדען:

— מעהר פון דאס האט ניט געפעהלט! מען קען פון דיר משוגע ווערען! אזא עזעל! אזא אָקס! ווי אזוי האב איך גאר געקענט

חתונה האָבען מיט אזא פערד? יעצט געה זוך און דו זאָלסט מיר געפינען דאָס געלד, דו הערסט! איך געה מיט דעם הערר אין ווערסאַל, איך האָב ניט קיין חשק צו נעבטיגען דאָ אין׳ם וואַלד!

ער האָט געשטאַמעלט גאַנץ מילד:

— יאָ, טהייערע, אָבער וואו וועל איך דיך געפינען?

מען האָט מיר רעקאָמענדירט אַ רעסטאָראַן, איך האָב אָנגע־געבען דעם אדרעס.

דער מאַן האָט זיך אומגעקעהרט צוריק, און מיט׳ן קאָפּ צו ד׳ערד געבויגען, זוכענדיג מיט אונרוהיגע אויגען אַרום, איז ער אַוועק שרייענדיג אַלע ווײַלע:

— טיטיטיטיטיטי!

עס האָט גענומען אַ צייט לאַנג ביז ער פערשוואונדען; צום סוף איז אויך זיין שאָטען פערלאָרען געגאַנגען אין דער טיעפקייט פון דער אַלעע, אָבער לאַנג נאָכדעם האָט זיך נאָך געהערט זיין טרויעריגער:

— טיטיטיטיטיטי!

די נאַכט איז צוגעפאַלען. אַ גליקליכער בין איך געגאַנגען מיט שנעלע טריט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט מיט דער דאָזיגער קליינער, אונבעקאַנטער פרוי, וועלכע האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אויף מיין אָרם.

איך האָב געזוכט העפליכע ווערטער און זיי ניט געקענט גע־פינען. און איך בין געגאַנגען שטום, צומישט און ענטציקט.

פּלוצים האָט אַ גרויסער שאָסעע איבערגעהאַקט אונזער אַלעע, און רעכטס, אין אַ טהאָל, האָב איך דערזעהן אַ גאַנצע שטאָדט.

וואָס זאָל דאָס זיין פאַר אַ געגענד?

עס איז פאַרביי געגאַנגען עפּעס אַ מענש. איך האָב איהם געפרעגט און ער האָט געענטפערט:

— דאָס איז בוזשיוואַל.

איך בין געוואָרען ערשטוינט:

— וואָס רעדט איהר? ווי קומט דאַ בוזשיוואַל? זייט איהר אין דעם זיכער?

— געווים, גאנץ זיכער!

די קליינע פרוי האט געלאכט ווי א משוגע'נע! איך האב איהר פארגעשלאגען צו געהמען א קארעטע און פאהרען אין ווער־סאל, אבער זי האט געענטפערט:

— ניין, זאל שוין זיין, די גאנצע געשיכטע איז צו קאמיש און איך בין צו הונגעריג. דעם אמת געזאגט, בין איך גאנץ רוהיג; מיין מאן וועט ניט פערלארען ווערען, ער וועט שוין ווי עס איז אליין טרעפען אהיים. מיך פרעהט נור וואס איך וועל פון איהם לויז ווערען אויף עטליכע שטונדען.

מיר זיינען אלזא אוועק אין א רעסטאראן אויף'ן ברעג פון א טייך און איך האב זיך ערלויבט צו נעהמען פאר אונז ביידע א קליין צימער.

זי האט גוט אריינגעגאסען, איז געווארען פרעהלאך, האט גע־זונגען, געטרונקען שאמפאניער, געמאכט אלערליי נארישקייטען און צום סוף...... זאגאר די גרעסטע פון אלע!...

**דאס איז געווען מיין ערשטער טריט פון'ם גלייכען וועג!**

# דעם פארמער'ס ווייב.



נעוויסען טאג האט באראן רענע דע טרעללעס זיך אבגערופען צו מיר :

— ווילסטו קומען צו מיר אויף מיין פארמע אין מארינוויל און עפענען מיט מיר דעם געיעג־סעזאן ? דו וואלסט מיר דערמיט פערשאפט גרויס פערגעניגען. אויסער דעם בין איך גאנץ אליין. און דאס הויז, וואו איך שלאף, איז אזוי אלט־פריינקיש, אז איך קען אהין ברענגען בלויז מיינע נאהענטסטע פריינד.

איך האב אנגענומען זיין איינלאדונג. און שבת זיינען מיר ארויסגעפאהרען מיט'ן אייזענבאהן, וואס לויפט קיין נארמאנדיע און זיינען אנגעקומען צו דער סטאנציע פון אלווימארע. דער באַ־ראן האט מיר אנגעוויזען אויף א דארפישען וועגעל, געצויגען פון אן אונטערשפרינגענדיג פערדעל און אנגעטריבען פון א הויכען פויער מיט ווייסע האאר, און געזאגט :

— אט דאס איז אונזער עקיפאזש, ליעבער פריינד.

דער פויער האט אויסגעצויגען זיין האנד צו זיין גוט־בעזיצער, און דער באראן האט איהם ווארים בעגריסט און געפרעגט :

— ווי געהט עס אייך, הערר לעברומענט, וואס מאכט איהר ?

— אט ווי אימער, הערר באראן.

מיר זיינען אריינגעשפרונגען אין וועגעל, וועלכער האט זיך גע־שאקעלט אויף צוויי גרויסע רעדער. דאס יונג פערדעל האט זיך א לאז געטהאן און גענומען לויפען אין גאלאפ, טרייסלענדיג און ווארפענדיג אונז ווי די פילקעס. יעדען ווארף, וואס עס האט אונז געטהאן הינטערוויילעכץ אויף דער הילצערנער באנק, האט אונז פערשאפט מורא'דיגע יסורים.

דער פויער האט נאכאנאנד איבערגע'חזר'ט מיט זיין רוהיגען און איינטאניגען קול:

— אט אזוי, אט אזוי! אזוי איז גוט, מאוטארד, גוט!

אבער מאוטארד האט קוים געהערט, וואס מען רעדט צו איהם און נאכאנאנד געשפרונגען און פאבריקעוועט ווי א קאזיאל.

אונזערע צוויי הינט זיינען געשטאנען גלייך, אהינטער אונז אין וועגעל, און האבען געשמארעט מיט די נעז־לעכער אין דער לופט, ווי זיי וואלטען אין די ווייטע פעלדער ווילד דערשמעקט.

דער באראן האט געקוקט אין דער ווייטקייט מיט אן אומעדיגען בליק. א גרויסע נארמאנישע לאנדשאפט, איינטאניג און מעלאנ־כאליש, ווי א ריעזיגער ענגלישער פארק, מיט פארמערשע הויפען, ארומגערינגעלט פון צוויי אדער פיער רייהען בוימער, האט זיך גע־צויגען פאר אונזערע אויגען. די הייזער זיינען אין גאנצען פער־שטעלט געווארען פון עפעל־בוימער, און אזוי ווייט ווי דאס אויג האט געקענט כאפען, איז עס געפאלען אויף אלטע װאלד־בוימער, אויף קוסטעס און ראנדען־בוימער, מיט וועלכע גערטנער פערצאמען פריצ'ישע הויפען.

און באראן רענע האט פלוצים אויסגערופען:

— איך האב ליעב אט די ערד; טיעפעווארצלען בינדען מיך צו צו איהר.

ער איז געווען אן עכטער נארמאנער, הויך און שטארק, מיט א לעבעדיגער נאטור, וועלכע האט איהם געטריבען צו זוכען אוואנ־טיורען איבער דער גאנצער וועלט. ער איז אלט געווען א יאהר פופציג, מיט א יאהר צהן אינגער ווי דער פארמער, וועלכער האט אונז געפיהרט. דער לעצטער איז געווען אן אויסגעדארטער פויער, הויט און ביינער, איינער פון יענע מענער, וואס לעבען הונדערט יאהר.

נאך צוויי שטונדען פאהרען אויף שטיינערנע וועגען, איבער דעם גרינעם פלאכען איינטאניגען פעלד, איז דער וועגעל צוגעקומען צו איינעם פון די פרוכט־גארטענס, וועלכע בעציערען דעם פארענט פון די פארמערשע הייזלעך, און האט זיך אבגעשטעלט פאר אן אלטער, האלב־איינגעפאלענער געביידע, וואו אן אלטע דיענסט איז

געשטאנען און געווארט ביי דער זייט פון א יונגען בחור, וועלכער האט א נעהם געטהאן דעם פערד פאר'ן צוים.

מיר זיינען אריין אין הויז. די פערראויכערטע קיך איז געווען הויך און גרויס. די קופערנע און ערדענע כלים האבען געבלישטשעט אונטער דעם אבשיין פונ'ם גרויסען פייער. די קאץ איז געלעגען אונטער'ן טיש און געשלאפען. אינוועניג האט זיך געהערט א גע־רוך פון מילך, פון עפעל, פון רויך, יענער אונבעשרייבליכער גערוך, וואס איז אזוי אייגענטהימליך אין אלטע הייזער, וואו פויערים וואהנען. עס שמעקט דארט מיט ערד, מיט די ווענט, מט די מעבעל, מיט ניט פרישע זופ, מיט וועש. עס מישט זיך צוזאמען א גערוך פון חיות, פון עופות, פון מענשען, פון צייט און זאכען, וועלכע זיינען שוין לאנג אויף דער וועלט ניטא.

איך בין ארויסגעגאנגען א קוק צו טהאן אויף דעם הויף. ער איז געווען גרויס, פול מיט אלטע עפעל־בוימער, קלענערע און גרע־סערע, און בעלאדען מיט פרוכט, וואס איז געפאלען ארום און ארום אויפ'ן גראז. אין דעם דאזיגען הויף איז דער גערוך פון די עפעל געווען אזוי שטארק ווי דער דופט פון די פאמעראנצען־בוימער, וועלכע בליהען אויף די ברעגעס פון די זידליכע וואסערען.

פיער רייהען ביכען־בוימער האבען ארומגערינגעלט דעם דאַ־זיגען איינגעשלאסענעם ווינקעל. זיי זיינען געווען אזוי הויך, אז זיי האבען, דאכט זיך, מיט זייערע שפיצען ביז צו די וואלקענס דער־גרייכט. א קיהלער בייםאכטיגער ווינד האט צווישען די צווייגען געהודזשעט און ד גרויסע, מעכטיגע בוימער האבען געשאקעלט מיט זייערע קעפ אזוי אומעדיג, אזוי טרויעריג.

איך בין צוריק אין הויז אריין. דער באראן האט געווארעמט די פיס ביים פייער און זיך צוגעהערט צום פארמער, וועלכער האט איהם דערצעהלט, וואס עס הערט זיך אין דארף. ער האט גערעדט וועגען חתונות, געבורטען און טויטען, דאן וועגען דעם נידעריגען פרייז אויף קארן און ווי עס האלט מיט דעם לעצטען פרייז אויף פיה. ער האט אויך דערצעהלט, אז די קוה „וועלארדע" האט זיך אבגעקאלבט אין מיטען יוני. דער קוואס איז ניט געווען שטארק

געראָטענע לעצטען יאָהר. די עפּעל צום טריקענען, ווערען אין גאַנצען פערשוואונדען.

דאַן האָבען מיר געגעסען דינער. עס איז געווען אַ גוטער גע־שמאַקער מאָהלצייט, איינפאַך און מיט דער פולער האַנד. און בעת מיר האָבען געגעסען, האָב איך בעמערקט עפּעס אַ בעזונדער מין פריינדליכע נאָהענטקייט צווישען דעם בּאַראָן און דעם פּויער, וועלכע האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען פון אָנהויב אָן.

אין דרויסען האָבען די ביכען־בוימער נאָך אַלץ געיאָמערט, פון דעם בייגאַכטיגען ווינד געטרייסעלט, און אונזערע רייזע הינט, אין אַ שטאַהל פערשפּאַרט, האָבען געוואָיעט און געבולען אָהן אַן אויפ־הער. דער פייער אין דעם גרויסען אויווען האָט גענומען אָבשטאַר־בען. די דיענסט איז אוועק שלאָפען. דער אַלטער פּויער האָט זיך צום סוף אָבגערופען:

— אויב איהר האָט ניט דאַגעגען, הערר בּאַראָן, וועל איך געהן צו בעט. איך בין ניט געוועהנט צו זיין אויף אַזוי שפּעט.

דער בּאַראָן האָט צו איהם אויסגעשטרעקט זיין האַנד און גע־זאָגט: „געה, מיין פריינד", אין אַזאַ העפליכען טאָן, אַז אַזוי שנעל ווי דער אַלטער איז אַרויס, האָב איך געפרעגט:

— ווי עס שיינט, איז דער פּאַרמער זעהר צוגעבונדען צו דיר?

— יאָ, זעהר שטאַרק, מיין פריינד! עס איז אַ דראַמאַ, אַן אַלטע דראַמאַ, אַן איינפאַכע און טרויעריגע, וועלכע בינדט איהם צו צו מיר. איך וועל דיר דערצעהלען די געשיכטע:

— ווי דו ווייסט, איז מיין פּאָטער געווען אַ פּאָלקאָווניק אין אַ קאַוואַלעריע־רעגימענט. דער דאָזיגער אַלטער, אַ זוהן פון אַ פּויער, דאַן אַ יונגערמאַן, איז געווען זיין דענשטשיק. דאַן ווען מיין פּאָ־טער איז אַרויס פון דיענסט אין דער אַרמעע, האָט ער גענומען דעם אויסגעדיענטען סאָלדאַט, דעמאָלט אַ יאָהר פיערציג אַלט, צו זיך אַלס בעדיענער. איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָהר דרייסיג. מיר האָבען דאַן געוואָהנט אין אונזער אַלטען שלאָס פון וואַלרעננע.

אין יענער צייט האָט מיין מוטער געהאַט אַ קאַמער־מיידעל, איינע פון די שעהנסטע מיידלעך, וואָס דו קענסט זיך פּאָרשטעלען, מיט ליכטיגע האָאָר, אַ שלאַנקע, אַ מונטערע, אַ לעבעדיגע, פול מיט

לעבען, וואס מען זעהט עס גאר ניט היינט צו טאג. היינט ווערען אזעלכע בעשעפעניש׳ען אויסגעלאסען, נאך איידער זיי וואקסען אויס. פאריז מיט דער הילף פון אייזענבאהנען ציהט זיי צו צו זיך, זי רייסט זיי און שלעפט זיי און כאפט זיי אריין אזוי שנעל, ווי זיי וואקסען פון זייערע קורצע קליידלעך ארויס. יעדער מאן האט זיי אזוי לאנג פערפאלגט, פערדארבען, צולאזען — די כשר'ע בהמה'לעך — ביז וואנען עס זיינען געבליבען דיענען בלויז מיאוס'ע, העסליכע, שלעכט געוואקסענע און פערגרעבטע מיידלעך, וועלכע זיינען צו מיאוס פאר עפעס אנדערש. אין די אלטע צייטען אבער זיינען זיי געבליבען איינפאכע, ארימע דיענסטמיידלעך.

אלזא, דאס דאזיגע מיידעל איז געווען א וואונדערבארע פאר־שוין, און איך האב איהר אפט געגעבען א קוש אין א פינסטערען ווינקעל... ניט מעהר, דאס שווער איך דיר! זי איז געווען טוגענד־האפט, און אויסער דעם, האב איך געהאט דרך־ארץ פאר מיין מו־טער'ס הויז, וואס מען קען אויך ניט זאגען וועגען די היינטיגע יונגע לייטלעך.

דארף זיך טרעפען, אז מיין פאטער'ס דיענער, דער אויסגע־דיענטער סאלדאט, דער אלטער פארמער, וועלכען דו האסט נאר וואס געזעהן, זאל זיך פערליעבען אין דער מיידעל, אבער פערליעבען זיך אויף עפעס א גאנץ בעזונדערען שטייגער. די ערשטע זאך, וואס מיר האבען בעמערקט, אי געווען, א ער האט עפעס ווי פערלארען זיין גדרעכעניש. ער האט מעהר ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך ארום איהם.

מיין פאטער האט נאכאנאנד צו איהם גערעדט:

— הער אויס, זשאן! וואס טהוט זיך מיט דיר? ביזטו קראנק?

— ניין, ניין, הערר באראן. איך בין געזונד. מיר פעהלט גארנישט.

זשאן איז געווארען מאגער. אפט, ווען ער האט אונז בעדיענט ביים עסען, האט ער צובראכען גלעזער און די טעלער זיינען איהם פון די הענט ארויסגעפאלען. מיר האבען געמיינט, אז ער ליידעט פון עפעס א נערווען־קראנקהייט, און מיר האבען געשיקט נאך א

דאקטאר, וועלכער האט ערקלעהרט, אז ער געפינט ביי איהם סימפ־טאמען פון א רוקען קראנקהייט.

דאן האט מיין פאטער שטארק געזארגט וועגען זיין געטרייען דיענער, זיך בעשלאסען איהם אריינצוגעבען אין א פריוואטען שפי־טאל. ווען דער ארימער יונג האט דערהערט, וואס מיין פאטער האט בדעה צו טהאן, איז ער ארויס מיט לשון:

— הערר באראן...

— וואס, מיין אינגעל?

— איהר פערשטעהט... איך מיין... די זאך וואס מיר פעהלט איז ניטא אין שפיטאל.

— הא! וואס אזוינס פעהלט דיר דען?

— חתונה האבען.

— וואס... וואס זאגסטו?

— חתונה האבען.

— חתונה האבען? אזוי גאר? דו ביזט גאר פערליעבט, דו, אלטער עזעל?

— יא, הערר באראן, אזוי איז דאס.

און מיין פאטער האט זיך צולאכט אזוי הויך אויפ'ן קול, אז מיין מוטער האט דורך דער וואנט פון צווייטען צימער אויסגערופען:

— אום גאטעס ווילען, וואס טהוט זיך דארט מיט דיר, גאנ־טראן?

מיין פאטער האט געענטפערט:

— קום אהער, קאטערינא.

און ווען זי איז אריינגעקומען, האט ער איהר געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען פאר געלעכטער, אז זיין אידיאטישער דיע־נער איז ליעבעס־קראנק.

אבער מיין מוטער, אנשטאט צו לאכען, איז געווארען שטארק גערירט.

— אין וועמען האסטו זיך פערליעבט, מיין ארימער יונג? — האט זי געפרעגט.

ער האט געענטפערט גלייך אויפ'ן שטעל:

— אין לואיזען, מאדאם באראנעסע.

מיין מוטער האט געזאגט מיט דער גרעסטער ערנסטקייט:

— מיר וועלען טהאן אלעס וואס מיר וועלען קענען, כדי אויס־צופיהרען דעם שידוך.

מען האט גערופען לואיזען, און מיין מוטער האט איהר גע־פרעגט, וואס זי האט צו זאגען אויף דעם. זי האט געענטפערט, אז זי ווייס אלעס וועגען זשאנ׳ס ליעבע, אז ער האט מיט איהר וועגען דעם שוין עטליכע מאל גערעדט, אבער זי האט איהם ענט־זאגט, ווייל זי וויל איהם ניט. פאר וואס, האט זי ניט געוואלט זאגען.

און צוויי מאנאטען זיינען אוועק, אין וועלכע מיין פאטער און מוטער זיינען ניט אבגעשטאנען פון דער מיידעל, זי זאל חתונה האבען מיט זשאנ׳ען. אזוי ווי זי האט ערקלעהרט, אז זי איז ניט פערליעבט אין קיין אנדער מאן, האט זי ניט געקענט אנגעבען קיין ערנסטע אורזאכע פאר איהר אבזאג. צום סוף האט מיין פאטער גובר געווען איהר איינגעשפארטקייט מיט א גרויסע סומע געלד, וואס ער האט איהר געשענקט אלס פרעזענט, און האט דאס פאאר פאלק בעזעצט אויף א פארמע אין זיין גוט — אט די אייגענע פארמע. אין דריי יאהר ארום האב איך זיך דערוואוסט, אז לואיזע איז געשטארבען פון אויסצעהרונג. אבער מיין פאטער און מוטער זיינען דערווייל אויך געשטארבען, און עס זיינען אוועק נאך צוויי יאהר, איידער איך האב זיך ווידער געטראפען מיט זשאנ׳ען.

צום סוף, איין מאל אין אן אסיענדיגען טאג, ארום ענדע אקטא־בער, איז מיר איינגעפאלען צו געהן אויף געיעג אין דעם טהייל פון מיין גוט. איך האב שוין לאנג געהערט, אז די וועלדער דא זיינען פול מיט חיות און פויגלען.

און איין מאל אן אבענד, א נאסען, רעגענדיגען אבענד, בין איך אנגעקומען אהער אין הויז אריין. איך בין געווען ערשטוינט, ווען איך האב דערזעהן מיין פאטער׳ס אמאליגען דיענער. זיינע האאר זיינען געווען אין גאנצען ווייס, הגם ער איז בלויז אלט געווען פינף־זעקס און פיערציג יאהר. איך האב איהם געצוואונגען צו עסען מיט מיר ביי דעם זעלבען טיש, וואו מיר זיצען איצט. עס האט שטארק גערעגענט. מיר האבען געהערט, ווי דער רעגען פליוכעט

איבער׳ן דאך, איבער די ווענט, די פענסטער, גיסט גאנצע שטראָמען איבער׳ן הויף; און מיין הונט האט געהאווקעט אין שטאהל, וואו די אנדערע הינט האווקען היינטיגע נאכט.

פלוצים, ווען די דיענסט איז אוועק שלאפען, האט דער מאן זיך אבגערופען צו מיר מיט א ציטעריג קול:

— הערר באראן....

— וואס איז, מיין ליעבער זשאן?

— איך האב אייך עפּעס צו זאגען.

— זאג, מיין ליעבער זשאן.

— איהר געדענקט לואיזען, מיין פרוי?

— געווים, געדענק איך זי.

— זי האט מיר געהייסען, איך זאל אייך פון איהר עפּעס איבערגעבען.

— וואס אזוינס?

— איהר לעצטען וואונש, איהר מעגט עס אנרופען איהר בייכטע.

— הא! און וועגען וואס האט זיך עס געהאנדעלט?

— וועגען... וועגען... איך וואלט א סך ליעבער אייך גאר ניט דערצעהלט וועגען דעם... אבער איך מוז... איך מוז. אלזא, עס איז אט וואס... זי איז ניט געשטארבען פון אויסצעהרונג. פון הארצווערטאג, פון פיין איז זי אויסגעגאנגען, אט וואס. אזוי שנעל ווי זי איז געקומען וואהנען אהער, נאך דעם ווען מיר האבען חתונה געהאט, איז זי געווארען אויסגעטריקענט; זי האט זיך אזוי פערענדערט, אז זי איז געווארען ניט צו דערקענען אין צייט פון זעקס מאנאטען. איהר אליין, הערר באראן, וואלט זי ניט דערקענט, ווען איהר וואלט זי געזעהן. זי איז, דוכט זיך, געווען די אייגענע ווי פריהער, איידער איך האב מיט איהר חתונה געהאט, און דאך עפּעס אן אנדערע, עפּעס גאר אן אנדער מענש.

איך האב געשיקט נאך א דאקטאר. ער האט געזאגט, אז איהר לעבער איז אנגעגריפען און האט געזאגט נאך עפּעס אזעלכע הויכע ווערטער, וועלכע איך האב ניט געקענט פערשטעהן. אלזא, הערר באראן, איך האב דאן פאר איהר געקויפט מעדיצין, גאנצע

בערג מיט פלעשלעך, וועלכע האָבען מיר געקאָסט אַרום דריי הונ־דערט פראַנק. אָבער זי האָט קיינס פון זיי ניט איינגענומען. זי האָט ניט געוואָלט. זי האָט געזאָגט: „עס איז אומזיסט, מיין אָרימער זשאַן, עס וועט מיר גאָר ניט העלפען". איך האָב איינגע־זעהן, אַז זי האָט עפּעס אַ פערבאָרגענעם שמערץ. איין מאָל האָב איך זי געפונען וויינענדיג און איך האָב ניט געוואוסט, וואָס מען הויבט אָן צו טהאָן. האָב ניט געוואוסט, ווי אַזוי איהר צו העלפען. איך האָב פאַר איהר געקויפט הייבלעך, קליידער, פּאָמאַדע פאַר די האָאָר און אויער־רינגלעך. עס האָט גאָר ניט געהאָלפען! איך האָב געזעהן, אַז זי געהט אויס. און איין מאָל אַ נאַכט, צום סוף נאָוועמבער, ווען אין דרויסען האָט געשנעעט און זי איז אַ גאַנצען טאָג פון בעט ניט אַרויס, האָט זי מיר געהייסען שיקען נאָכ'ן פּריס־טער. איך בין אַליין אוועק איהם רופען. אַזוי שנעל ווי ער איז געקומען, האָט זי איהם אריינגענומען צו זיך אין צימער. דאַן האָט זי איהם געהייסען, ער זאָל מיך אריינרופען און האָט געזאָגט צו מיר: „זשאַן, איך וויל זיך איצט פאַר דיר מתודה זיין. איך בין פערפליכטעט עס צו טהאָן פאַר דיר, זשאַן. איך בין דיר קיין מאָל ניט געוועזען פאַלש, קיין מאָל ניט! ניט פאַר און ניט נאָך דער חתונה. דער הערר אבבע איז דאָ און ער קען עס בעשטעטיגען, ער קען מיין נשמה. אַלזאָ, הער אויס, זשאַן. אויב איך שטאַרב, איז עס בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב זיך ניט געקענט טרייסטען נאָך דעם ווי איך האָב פערלאָזען דעם שלאָס... ווייל... איך בין געוועזען צו פיעל צוגעבונדען צו דעם יונגען באַראָן, הערר רענע... איך האָב איהם צו פיעל ליעב געהאַט... פערגעס אָבער ניט, זשאַן... אַז קיין שלעכטס איז אין דעם ניט געוועזען! דאָס איז די זאַך, וואָס דער'הרג'עט מיך. ווען איך האָב איהם מעהר ניט געקענט זעהן, האָב איך געפיהלט, אַז איך קען עס ניט אויסהאַלטען, אַז איך וועל דערפון שטאַרבען. ווען איך וואָלט איהם בלויז געקענט זעהן, וואָלט איך אפשר נאָך געלעבט: אַ קוק טהאָן נאָר אויף איהם, מעהר גאָר נישט. איך וויל, אַז דו זאָלסט עס איהם זאָגען ווען עס איז, ווען איך וועל שוין זיין טויט. דו וועסט עס איהם זאָגען... שווער, אַז דו וועסט עס טהאָן, זשאַן... שווער עס אין דער אַנוועזענהייט

פון דעם הערר אבבע ! עס וועט מיך בערוהיגען, דער געדאנק, אז ער וועט זיך אמאל דערוויסען... די אמת'ע אורזאכע פון מיין טויט... וועט מיך טרייסטען !

איך האב איהר צוגעזאגט, הערר באראן, און... איך האב גע־האלטען מיין ווארט.

ער איז אנשוויגען געווארען, און זיינע אויגען האבען זיך מיט טרעהרען אנגעפילט. — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דו קענסט זיך ניט פארשטעלען, מיין פריינד, וואס פאר א טיעפען איינדרוק עס האט אויף מיר געמאכט די געשיכטע פון דעם דאזיגען ארימען טייפעל, וועמעס ווייב איז געשטארבען צוליעב מיר. הגם איך בין אין דעם ניט שולדיג געווען. איך בין געבליבען זיצען יענע נאכט, רעגענדיגע נאכט אין דער אייגענער קיך, וואו מיר זיצען היינט, טיעף גערירט און ניט געקענט אויסרעדען א ווארט.

צום סוף האב איך אויסגערופען :

— אך, מיין ארימער זשאן ! מיין ארימער זשאן !

ער האט געמורמעלט :

— דאס איז אלעס, הערר באראן. אזוי צו אזוי, איך האב גאר ניט געקענט העלפען... און איצט איז אלעס פארביי !

איך האב געכאפט זיין האנד איבער'ן טיש און זיך צוואויינט.

ער האט געפרעגט : „ווילט איהר געהן א קוק טהאן אויף איהר קבר ?“ איך האב א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ, רעדען האב איך ניט געקענט. ער האט זיך אויפגעהויבען, אנגעצונדען א לאמ־טערנע און מיר זיינען אוועק אין דעם שלאגם רעגען.

ער האט געעפענט א טהויער און איך האב דערזעהן עטליכע צלמים פון שווארצען האלץ.

פלוצים האט ער געזאגט : „אט דא איז דאס !“ ער האט זיך אבגעשטעלט פאר א מארמארנעם שטיין און צוגעטראגען די לאמטערנע גאנץ נאהענט, כדי איך זאל קענען לעזען די אויפשריפט :

„דא ליעגט לואיזע הארטענזע מארינעט,

די ווייב פונ'ם פארמער זשאן פראנצעז לעברומענט.

זי איז געווען א געטרייע ווייב. גאט, גיב רוה צו איהר נשמה!“

מיר האבען זיך אראבגעלאזען אויף די קניה אין דעם נאסען גראז, ער און איך, מיט דער לאמטערנע צווישען אונז, און איך האב געזעהן, ווי דער רעגען קלאפט אויף דעם ווייסען מארמארנעם שטיין. און איך האב געטראכט פון דער הארץ פון דער, וועלכע רוהט דארט אין איהר קבר. אך ! ארימע הארץ ! ארימע הארץ !

— — — — — — — — — — — — — — — — —

זייט דאן קום איך אהער יעדעס יאהר. און איך ווייס אליין ניט פאר וואס, אבער איך פיהל, ווי איך וואלט געוועזן שולדיג אין עפעס א פערברעכען אנטקעגען דעם מאן, וועלכער ווייזט מיר אימער ארויס, אז ער האט מיר פערגעבען.



# די אונבעקאַנטע.



עז האַט געררעדט פון זעלטענעם גליק, און יעדער איי־נער האַט געהאַט צו דערצעהלען פון וואונדערליכע, רייצענדע בעגעגענישען, אויף דער אייזענבאַהן, אין האָטעל, אויף רייזען, ביים ים. די באַרדע פלעצער ארום ים, האַט ראזשער דע אַננעטס בעהויפּטעט, זיינען אויסערגעוועהנליך גינסטיג פאַר דער ליעבע.

איין גאַנטראַן האַט געשוויגען. מען האַט איהם געפרעגט, וואס ער דענקט דעריבער, און ער האַט געענטפערט:

— איך גלויב, אַז פּאַריז איז נאָך אַ גינסטיגערער באָדען. אַ פרוי איז ווי אַן אַנטיק, מיר שעצען זי אַם מייסטען דאָרט, וואו מיר ערוואַרטען זי ניט צו געפינען. אָבער פאַר דער ליעבע איז פּאַריז פאַרט דער בעסטער פּלאַץ.

ער האַט געשוויגען אַ פּאָר אויגענבליקען. דאַן האַט ער אָנ־געהויבען איבער אַ נייעם:

— אַך, שעהן איז אין אַ פריהלינגס פריהמאָרגען צו וואַנדערען איבער די גאַסען פון פּאַריז. די קליינע מיידלעך, וואָס שפּרינגען אַרום אין דער גאַנצער לענג פון די הייזער, זעהען אונז אויס, ווי אויפגעבליהטע בלומען. אַך, איז עס שעהן, וואונדער שעהן! איבעראַל אויף די טראָטואַרען פיילכען דופט, פיילכען אויף די קליי־נע וועגלעך, וועלכע די בלומען פערקויפערינס פיהרען לאַנגזאַם דורך די גאַסען.

די גאַנצע שטאַדט איז לוסטיג און פרעהליך און מען קוקט אויף אַלע מיידלעך אונטער'ן הוט אַרונטער. מיין גאָט, ווי ריי־צענד זעהען זיי אויס אין זייערע העלע, לייכטע טואַלעטען, דורך וועלכע די הויט זעהט זיך דורך. מען וואַנדערט אַרום, מען

און מען דערזעהט איין מען בעקוקט אַלעס ! אַך, אַזאַ פריהמאָרגען איז אַ פערגעניגען !

שוין פון ווייטען פיהלט מען, אויב אַ פרוי וועט אונז גע־פעלען, ווען זי וועט צוקומען נעהענטער. אויף הונדערט טריט קען מען דאַס שוין דערקענען. אַן דער בלום אויפ'ן הוט, אַן אַ בעווע־גונג מיט'ן קאָפּ, אַן דער אַרט ווי זי געהט, דערקענט מען שוין, אויב זי איז עס, אָדער ניט. זי קומט צו און מען וויים גלייך אויף זי־כער : יאַ, דאַס איז זי. און דאַן לויפט מען איהר נאָך און מען קוקט איהר אריין אונטער'ן הוט.

צו איז דאָס אַ קליין מיידעלע, וואָס לויפט אַ גאַנג פאַר איהר געשעפט, צו אַ יונגע פרוי, וועלכע קומט פון דער קירכע, אָדער געהט צו איהר געליעבטען, דאָס איז גאַנץ גלייך. דער בוזעם איז רונד אונטער דער דורכזיכטיגער קלייד. אַך, ווען מען וואָלט גע־קענט דאָרט די פינגער, אָדער די ליפּען ארויפלעגען. זי קוקט פער־שעהמט, אָדער פרעך אויף אייך, איז ברוין, אָדער בלאָנד, גאַנץ גלייך. קומט זי צו נעהענטער, דאַן לויפט איינעם אַ שוידער איי־בער'ן לייב אריבער. און אַ גאַנצען טאָג נאָכאַנאַנד דענקט מען פון איהר. איך דערמאַהן זיך אַם וועניגסטענס אַן צוואַנציג אזעלכע ווזענס, וועלכע איך האָב איין מאָל, אָדער צעהן מאָל אויף דעם דאָזיגען אופן בעגעגענט, און אין וועלכע איך וואָלט זיך וואַהרשיינ־ליך פערליעבט, ווען איך וואָלט מיט זיי נעהענטער בעקאַנט גע־וואָרען. אבער, ליידער, ווערט מען ניט בעקאַנט מיט די, אין וועלכע מען וואָלט זיך זיכער משוגע פערליעבט. האָט איהר דאָס שוין אַמאָל בעמערקט ? עס איז מערקווירדיג. פון צייט צו צייט זעהט מען אַמאָל אַ פרוי, וועמעס בלויזער אַנבליק וואָלט אייך גע־קענט משוגע מאַכען, אבער מען זעהט זי נאָר, און עס איז אונמעג־ליך צו איהר צו צוקומען. און ווען איך טהו אַ טראַכט פון אַלע שעהנע, זיסע מיידלעך, וועלכע איך האָב אין פּאַריז אויף דער גאַס בעגעגענט, דאַן פאַלט אויף מיר אַן אַזאַ בייז צאָרן, אַז כאָטש נעהם און העננ זיך אויף. וואו זיינען זיי ? ווער זיינען זיי ? וואו קען מען זיי ווידער זעהן, זיי טרעפען ? עס איז דאַ אַ ווערטעל : „דאָס גליק איז נאָהענט געוועזן ! " נו, יאַ, איך וויים

געווים, אז איך בין נאהענט פון דער יעניגער פארבייגעגאנגענע, ווע־מעס יונגע לייב עס וואלט פאר מיר א מאגנעט געווען, ווי דער בליק פון א שלאנג פאר א פויגעל.

ראזשער דע אננעטס האט מיט א שמייכעל זיך צוגעהערט. ער האט געזאגט:

— מיר איז געגאנגען פונקט אזוי ווי דיר. הערט א מעשה, וואס האט אמאל געטראפען מיט מיר:

מיט א יאהר פינף צוריק האב איך אויף דעם פאנט דע לא קאנקארד בעגעגענט א הויכע, יונגע, עטוואס פולע פרוי, וועלכע האט אויף מיר געמאכט אן איינדרוק, א שטארקען אונפערגעסלי־כען איינדרוק. זי איז געווען ברוין, רונד, מיט ליכטיגע האר, וואס זיינען איהר אויפ'ן שטערען אראבגעהאנגען, און ברעמען, וועלכע האבען זיך אין א שעהנער פארמע ביז צו די שלייפען געצויגען, און וועלכע זיינען אין מיטען צווישען די אויגען צוזאמענגעוואקסען געווען. זי איז געווען הויך געוואקסען און האט געהאט א הויכען בוזעם, וועלכער האט אייך עפעס ווי ארויסגעפאדערט, אייך אין נסיון געשטעלט. איהר אויג האט אויסגעזעהן, ווי א שווארצער טינט־פלעק אויף א ווייסער עמאליע. עס איז אייגענטליך גאר ניט געווען קיין אויג, נאר א שווארצע לאך, א טיעפער, שווארצע לאך אין קאפ, דורך וועלכער מען האט אין איהר אריינגעקוקט ביז אין איהר טיעפסטער טיעפעניש. אך, דער דאזיגער זעלטענער דונקע־לער און דאך לעערער בליק, אזוי אהן אויסדרוק און דאך אזוי שעהן!

איך האב זיך איינגערעדט, אז זי מוז זיין א אידיש קינד. איך בין איהר נאכגעגאנגען. פיעלע מענער אויף דער גאס האבען זיך צו איהר אומגעדרעהט. זי האט געטראטען אויף א גאנץ בע־זונדערען אופן, ניט אזוי גראציעז ווי צוציהענד. אויף דעם פלאץ דע לא קאנקארד האט זי גענומען א דראזשקע. ווי אן אקס פאר א בארג בין איך נעבען די אבעליסקען שטעהן געבליבען, מיט דעם ברענענדיגסטען וואונש אין הארצען, וועלכען איך האב ווען עס איז געהאט.

דריי וואכען נאכאנאנד האב איך ניט אויפגעהערט פון איהר

אטהעמט אריין אין זיך די פרישע לופט, מען ווערט גאנץ לעבעדיג צו טראכטען. דאן האב איך זי פערגעסען.

א האלב יאהר שפעטער האב איך זי אין דער רו דע לא פעיקס ווידער דערזעהן, און ווען איך האב זי דערזעהן, האט מיר דערלאנגט אזא שטאך אין הארצען, ווי ווען מען דערזעהט א פרוי, וועלכע מען האט פריהער אמאל משוגע ליעב געהאט. איך בין געבליבען שטעהן, אום זי צו בעטראכטען. ווען זי איז מיר פארבייגעגאנגען, און האט מיך כמעט אנגעריהרט, איז מיר געוואָרען היים, זודיג היים, ווי איך וואלט פאר אן אפענער טהיר פון א ברענענדיגען אויווען געשטאנען. און ווען זי איז אוועק, האב איך געהאט א געפיהל, ווי א פרישער ווינטעלע וואלט מיר דאס פנים א גלעט געטהאן. איך האב איהר ניט נאכגעפאלגט. איך האב מורא געהאט עפעס א דומהייט צו בעגעהן. פאר זיך אליין האב איך מורא געהאט.

אבער זי האט מיך אפט אין מיינע טרוימען געמאטערט. דער געפיהל איז דיר בעקאנט, ניט אמת ?

א גאנצען יאהר נאכאנאנד האב איך זי מעהר ניט געזעהן. דאן איין מאל אין אבענד, אין אנהויב מאי, ווען די זון האט שוין בעהאלטען אין אונטערגעהן, האב איך זי פלוצים דערקענט, געהענדיג ניט וויים פון מיר צו די טשאמפ עליסעים צו.

די טריאומפף ארק האט זיך אבגעצייכענט אויף דעם ליכטיגען, אויסגעשטערענטען הימעל. א גאלדיגער שטויב, אזא מין נעבעל פון רויטליכען ליכט געוועבט, האט אין דער לופט געשוועבט. עס איז געווען איינער פון יענע וואונדערבארע אבענדען, אין וועלכע פאריז איז אזוי אונבעשרייבליך שעהן.

איך בין אוועק נאך איהר מיט דעם גליהענדען וואונש צו רעדען מיט איהר, פאר איהר צו קניהען און מודה זיין זיך אין מיין אויפרעגונג, אין וועלכער זי איז שולדיג געווען.

צוויי מאל בין איך איהר פארבייגעגאנגען, זיך ווידער אומגעקעהרט, אום איהר אנטקעגען צו געהען. און צוויי מאל געהענדיג פארביי איהר, האב איך ווידער דערפיהלט דעם זעלבען

ברעז. וועלכער האט מיר דאן אין דער רו לא פעיקס א שלאג גע־טהאן אנטקעגען.

זי האט מיך אנגעקוקט, דאן איז זי אריין אין א הויז אויף דער רו דע פרעסבורג. צוויי שטונדען לאנג האב איך געווארט אויף איהר אונטען, נעבען א טהויער אנטקעגען איהר הויז. זי איז ניט ארויסגעקומען צוריק. דא האב איך זיך ענטשלאסען צו פרע־גען אויף איהר ביים פארטער. ער האט, ווי עס שיינט, מיך גאר ניט פערשטאנען. און געזאגט:

— די דאמע האט דא פיליכט עמיצען בעזוכט.

און ווידער זיינען אוועק אכט מאנאטען, איידער איך האב זי ווידער געזעהן.

דא, איין מאל, א פריהמארגען בין איך געגאנגען איבער'ן בול־ווארד. עס איז יאנואר, א ברענענדיגער פראסט. אום זיך א ביסעל אנצואווארימען, האב איך זיך געלאזט לויפען, און ווען איך בין אנגעקומען אויפ'ן ראג גאס, האב איך זיך אזוי שטארק צוזא־מענגעשטויסען מיט א פרוי, אז א קליין פעקעל איז איהר פון די הענט ארויסגעפאלען.

איך האב זיך געוואלט ענטשולדיגען. ערשט דאס איז זי.

אין אנהויב בין איך געווארען אין גאנצען צומישט פאר ער־שטוינונג, דאן אבער האב איך איהר דערלאנגט דאס ארונטערגע־פאלענע פעקעלע און זיך שנעל אבגערופען:

— עס טהוט מיר לייד, און דאך בין איך גליקליך זיך מיט אייך אויף אזא אופן צו טרעפען. איך קען אייך שוין זייט צוויי יאהר און בעוואונדער אייך די גאנצע צייט. זייט צוויי יאהר איז מיין הייסעסטער וואונש מיט אייך בעקאנט צו ווערען. עס איז מיר ניט געלונגען צו דערגעהן, ווער איהר זייט און וואו איהר וואהנט. איך בעט אייך, ענטשולדיגט מיר פאר די דאזיגע ווער־טער, זיי זיינען נאר דער אויסגוס פון מיין ברענענדיגען פערלאנג זיך צו רעכענען אונטער די, וועלכע האבען א רעכט אייך צו בע־גריסען. דאס וועט אייך דאך ניט בעליידיגען, ניט אמת? איהר קענט מיך ניט, מיין נאמען איז באראן ראזשער דע אננעטס. איך בעט אייך, פרעגט זיך נאך אויף מיר, איהר וועט דאן ערפאהרען,

אז איהר מעגט מיין בעקאנטשאפט אננעהמען. ווען אבער איהר וועט מיין ביטע אבזאגען, דאן מאכט איהר מיך פאר דעם אונגליקליכסטען פון אלע מענשען. אלזא, זייט א גוטע און גיט מיר די מעגליכקייט אייך צו בעזוכען.

זי האט מיך אנגעקוקט שטאר מיט איהרע זעלטענע טויטע אויגען און געענטפערט שמייכלענדיג:

— גיט מיר אייער אדרעס, איך וועל קומען צו אייך!

איך בין געווארען אזוי ערשטוינט, אז איך האב דאס אפנים געמוזט ארויסווייזען. אבער עס נעהמט מיר קיין מאל ניט קיין סך צייט, אום צו קומען צו זיך פון אזעלכע איבערראשונגען, און איך האב איהר גלייך דערלאנגט מיין קארטע. זי האט עס ארייננגעלעגט אין קעשענע מיט אזא בעוועגונג, אז עס איז קענטיג געווען, אז דאס איז פאר איהר א גאנץ געוועהנליכע זאך.

איצט בין איך שוין געווארען דרייסטער און האב געפרעגט:

— ווען וועט איהר קומען צו מיר?

זי האט א ווייל געטראכט, ווי זי וואלט געהאט צו מאכען א שווערען רעכנונג. זי האט אפנים אין איהרע געדאנקען אויסגערעכענט יעדע שטונדע, אין וועלכע זי קען זיין פריי. דאן האט זי ארויסגעשעפטשעט:

— קענט איהר זיין אין דער היים זונטאג פריה?

— גאנץ געוויס.

און זי איז אוועק, נאך דעם ווי זי האט מיך גענוי אנגעקוקט און אבגעשאצט מיט יענעם דורכדרינגענדען און אונבעשטימטען בליק, פון וועלכען עס ווערט אונז אזוי שווער און אזוי אונרוהיג אויפ'ן הארצען.

ביז זונטאג האב איך ניט אויפגעהערט פון איהר צו טראכטען. איך האב זיך אלץ געגריבעלט צו דערגעהן, ווער זי איז, וואס זי איז און ווי אזוי איך זאל זיך מיט איהר האלטען.

צו זאל איך איהר בעצאהלען, און וויפיעל? צום סוף האב איך זיך בעשלאסען און געקויפט א שטיק ציערונג, זעהר א שעהנע זאך, וועלכע איך האב אין דער קעסטעלע אויף א ברעג פון קאמין אוועקגעשטעלט.

איך האב ניט געקענט שלאפען און זי ערוואַרט.

ארום צעהן אזייגער איז זי געקומען. זעהר רוהיג, זעהר שטיל. זי האט מיר דערלאנגט די האנד, ווי זי וואָלט מיך געקענט שוין פון לאנג אן. איך האב איהר אנגעבאטען א שטוהל, צוגענומען איהר הוט און שלייער, דעם פעלץ און די מופטע. דאן האב איך מיט א געוויסער צומישטער פערשעהמטקייט גענומען ווערען עט־וואס דרייסטער, ווארום איך האב ניט געקענט פערליערען קיין צייט.

אגב האט זי זיך ניט געלאזט לאנג בעטען און מיר האבען נאך ניט אויסגערעדט קיין צוואנציג ווערטער, ווי איך האב זי שוין גע־נומען אויסטהאן. זי האט גאר ניט געזאגט און זיך גאנץ אליין ווייטער אויסגעטהאן. איך האב די דאזיגע ארבייט זיך קיין מאל ניט געקענט אויסלערנען, איך צושטעך זיך אימער אן די שפילקעס, און אנשטאט די בענדלעך אבצובינדען, מאך איך אן אזעלכע קניפ־לעך, וואס קיין מענש קען ניט אבקניפלען. איך ברענג אלעס אין אונארדנונג, צומיש און פערפלאנטער אלעס, פערדרעה זיך די צייט און פערליער אין גאנצען מיין קאפ.

אך, ליעבער פריינד, קענסטו שעהנערע מאמענטען, ווי יענע ווען אוים זאגענאנטער אנשטענדיגקייט, אום ניט צו בעליידיגען יענע שטראסען־שעהמעוודיגקייט, וועלכע זיי אלע בעזיצען, זיצען מיר פון ווייטען און בעטראכטען די יעניגע, וועלכע טהוט זיך אויס פאר אונז, אזוי אז איהר בעקליידונג פאלט ארונטער איינס נאך דאס אנדערע.

וואס איז נאך דא מעהר רייצענדעס, ווי זייערע בעוועגונגען, ווען זיי ווארפען פון זיך די קליידער ארונטער, וועלכע פאלען דאן ליידיג, שלאף און אהן לעבען אויף דער ערד אראב. ווי שעהן עס איז, ווען עס דערזעהט זיך דאס נאקעטע פלייש, די ארעמס און די ברוסט, נאך דעם ווי דער קארסעט פאלט ארונטער. און ווי אויפרעגענד די שטריכען פונ'ם קערפער אונטער'ן לעצטען שלייער צו טרעפען.

אבער פלוצים, הגם איך האב איהר בעשטימט צוגעזאגט ניט צו קוקען אין יענער זייט, האב איך דערזעהן עטוואס גאנץ בעזונ־דערעס. דאס איז געווען א שווארצער פלעק צווישען די שולטערען, א גרויסער גאנץ שווארצער פלעק. איך האב עס געזעהן זעהר דייט־ליך, ווארום זי האט זיך אומגעקעהרט צו מיר מיט'ן רוקען.

— וואס איז דאס געוועז אזוינס ? איך האב מעהר ניט גע־קענט צווייפלען. איך האב נאר געדארפט זיך דערמאהנען אן איהרע וואנצעלעך, אן איהרע ברעמען, וועלכע זיינען געוועז צוזאמענגע־וואקסען, אן די געדיכטע האר, וועלכע זי האט ווי א פאנצער אויפ'ן קאפ געטראגען... איך האב זיך געדארפט ריכטען אויף דעם.

און דאך בין איך געווארען שטארק דערשראקען. אלערליי זאנדערבארע עראינערונגען האבען מיך גענומען פלאגען. מיר האט זיך אויסגעוויזען, ווי איך זעה פאר זיך איינע פון די צויבערינס פון טויזענד און איין נאכט, איינע פון יענע געפעהרליכע נידער־טרעכטיגע בעשעפענישען, וועלכע שלעפען די מענשען אין אונבע־קאנטע, טיפע אבגרונדען ארונטער. איך האב זיך דערמאהנט אן שלמה המלך, וועלכער האט די מלכה שבא געלאזט אריבערטרעטען איבער א שפיגעל, אום צו זיין זיכער, אז זי האט ניט קיין היהנער־שע פיסלעך.

און... ווען איך האב איהר געזאלט זינגען מיין ליעבעס ליעד, האב איך זיך געכאפט, אז איך בין שטארק הייזעריג, אבער טאקע גאר אין גאנצען הייזעריג. מיין טהייערער ! איך בעט אום פער־צייהונג, עס הייסט, איך האב יא געהאט א שטימע, אבער ווי די זינגער פונ'ם פאבסט... צו ערשט איז זי געווארען ערשטוינט דערפון, דאן זעהר בייז, און בעת זי האט זיך שנעל ווידער אנגע־טהאן, האט זי געזאגט :

— אויף אזא אופן האט איהר מיך דאך ניט געדארפט בעמיהען.

איך האב זי געוואלט בעטען אנצונעהמען דעם רינג, וואס איך האב געקויפט, אבער זי האט געזאגט פון אויבען אראב מיט פער־אכטונג :

— פאר וועמען האלט איהר מיך, איך בעט אייך ?

איך בין געווארען רויט פון דער דאזיגער דאפעלטער ערנידע־רונג, און זי איז אוועק, ניט זאגענדיג מעהר קיין ווארט.

דאס איז מיין געשיכטע. אבער איצט קומט ערשט די צרה. ווארום איצט בין איך אין איהר פערליעבט, משוגע פערליעבט.

איך קען איצט אויף קיין פרוי ניט א קוק טהאן, אז איך זאל זיך גלייך ניט דערמאהנען אן איהר. אלע אנדערע שטויסען מיך

אב. זיינען מיר מיאוס, סיידען זיי זיינען עהנליך צו איהר. איך קען ניט א קוש טהאן קיין באק, אז איך זאל אין די געדאנקען ניט זעהן איהר באק נעבען דער, וואס איך קוש, און אז א געפיהל פון אונבעפריעדיגטער בענקעניש זאל מיך ניט נעהמען פלאגען.

אונזיכטבאר איז זי אנוועזענד ביי אלע מיינע ליעבעס, אלע צוזאמענקונפטען, זי שטערט מיינע צערטליכקייטען און מאכט זיי מיר פער'מיאוס'ט. שטענדיג זעה איך זי פאר די אויגען, אויסגע־טהאן, אדער אנגעטהאן, ווי זי וואלט אויף אן אמת מיין געליעבטע געוועזן. זי איז שטענדיג דא. זי שטעהט, אדער זי ליעגט נעבען דער אנדערער, איך זעה זי און קען זי ניט כאפען. און איצט הויב איך אן כמעט צו גלויבען, אז דאס איז געוועזן א כשוף מאכעריז, א העקסע, וועלכע האט צווישען איהרע שולטערען א רעטזעלהאפטען צייכען געטראגען.

ווער איז זי ? איך ווייס עס נאך ביז היינטיגען טאג ניט ! זייט דעם האב איך זי נאך צוויי מאל בעגעגענט. איך האב זי גע־גריסט, זי האט אויף מיין גרוס ניט געענטפערט, ווי זי וואלט מיך גאר ניט געקענט. ווער איז זי ? שטאמט זי פון אזיע ? וואהר־שיינליך איז זי אן אריענטאלישע אידישע פרוי ! יא. א אידישע פרוי. עפעס פיהל איך, אז זי מוז זיין א אידישע. אבער ווארום ? יא, ווארום ? איך ווייס עס ניט.



# אין פריהלינג.



ען די ערשטע שענע טעג קומען אן, די ערד ערוואכט און פוצט זיך אוים אין פרישע גרינס, ווארעמע ווינ־טעלאך וועהען אין די לופט, דאן בעפאלען אונז עפעס מאדנע אונבעשטימטע פערלאנגען: עס ווילט זיך אנטלויפען וואו עס איז, זוכען גליק, ליעבע, דעם פריהלינג געניסען.

אזוי ווי דער ווינטער איז דעם יאהר געווען זעהר א שטרענ־גער, איז דער דאזיגער געפיהל ביים ערוואכען פון דער נאטור אין מאנאט מאי ביי מיר געווען זעהר א שטארקער, ווי עפעס א מין שיכרות.

איין מאל אין דער פריה, ווען איך האב זיך אויפגעכאפט, האט צו מיר געלאכט דורך די שויבען א גרויסער, בלויער זוניגער הימעל. די קאנארעקלאך אויף די פענסטער פון די שכנ׳ישע הייזער האבען געטרילערט זייער ליעד. די דיענסטמיידלאך האבען געזונגען אין אלע עטאזשען, א פרעהליכער ליארעם האט זיך געטראגען פון גאס ארויף און איך בין אוועק פון הויז אין א גליקזעליגער שטימונג, איך האב אליין ניט געוואוסט וואוהין.

ווען איך האב ניט באגעגענט, אלע האבען געהאט א פרעה־לאך פנים. א הויך פון גליק איז געלעגען איבעראל אינ׳ם העלען, ווארעמען ליכט פון׳ם פריהלינג. עס האט זיך געפיהלט ווי עפעס א ליעבעס הויך וואלט זיך איבער׳ן שטאדט געטראגען, און די מייד־לאך, וועלכע זיינען פארביינגעגאנגען אין זייערע מארגענקליידער האבען אויך עפעס אויסגעזעהן אנדערש ווי אלע מאל, פרייד און ליעבעסלוסט האט פון זייערע אויגען ארויסגעשטראהלט און מיר אויף׳ן הארצען איז געווארען אזוי גוט, אזוי ווארעם, אזוי ליכטיג.

גאנץ אונבעוואוסט בין איך צוגעקומען צו דער סיין. די דאמפפשיפען האבען זיך געאיילט קיין סורעסנעס און פלוצים האט זיך מיר פארוואלט זיין אין וואלד, לויפען און שפרינגען צווישען די בוימער.

דער אויבערשטער דעק פון דער „פליעג“ איז געוועזן פול מיט פאסאזשירען. דער ערשטער זונען שטראהל האט אלעמען פון די הייזער ארויסגעשלעפט. ארום איז געוועזן לעבעדיג, מענשען זיינען געגאנגען און געקומען. עס האט זיך נאכאנאנד געהערט א געלעכטער, א פלוידערען אהן א סוף.

נעבען מיר איז געזעסען א מיידעל, אהן צווייפעל אן ארבייטערין, מיט א שענעם בלאנדען קאפ און לאקעלאך ארום די שלייפען. זי איז געוועזען אין גאנצען פול מיט דעם בעזונדערען פאריזער חן. איהרע ליכטיגע לאקען זיינען אראבגעפאלען ביז צום האלז און האבען געפלאטערט פון ווינד, איהר נאקען איז געוועזן א ביסעלע בעוואקסען און האט ארויסגערופען א פערלאנג איהם מיט טויזענד קושען צו באדעקען.

אזוי ווי איך האב ניט ארונטערגענומען פון איהר די אויגען, האט זי א קעהר געטהאן דעם קאפ צו מיר. דאן האט זי פלוצים ארונטערגעלאזען די אויגען. ארום איהר מויל האט לייכט א צוק געטהאן, ווי זי וואלט וועלען לאכען און דאן האט מען אויך דא באמערקט העלע זיידענע הערלאך, וועלכע האבען ווי גאלדענע אויף דער זון געבליסטשעט.

דער רוהיגער טייך איז ברייטער געווארען. אויף'ן וואסער איז אויך געווען ווארעם. דא און דארט האבען זיך געהערט שטימען. מיין שכנה האט אויפגעהויבען די אויגען און אזוי ווי איך האב זי נאך אלץ אנגעקוקט, האט זי דאס מאל א שמייכעל געטהאן. דאס האט איהר זעהר געקליידט, און אין דעם פארשעהמטען בליק, וואס זי האט אויף מיר געווארפען, זיינען געלעגען טויזענד זאכען, וועלכע איך האב ביז אהער נים באמערקט. איך האב אריינגעקוקט אין אונבעקאנטע טיעפענישען, האב דערזעהן אלע צערטליכקייטען פון דער ליעבע, אל די פאעזיע, וואס פארשענערט אונז דאס לעבען, אל דאס גליק, וואס מיר האלטען אין איין זוכען, און אויף מיר איז אנגעפאלען א משוגענער פערלאנג: צו כאפען זי אין מיינע ארעמס און אוועקשלעפען מיט מיר ערגעץ אין א איינזאם וויני-

קעל, וואו איך זאל איהר קענען ארײנשושקען אין אויער זיסע געגרטער פון ליעבע.

איך האב שוין געוואלט עפענען דעם מויל און נעהמען מיט איהר רעדען, ווען אימיצער האט מיר א קלאפּ געטהאן אויף'ן פּלייצע. איך האב זיך פאַרוואונדערט אומגעדרעהט און דערזעהן א גאַנץ פּשוטען, איינפאַכען מענשען, ניט יונג, ניט אלט. ער האט מיך אַנגעקוקט מיט א טרויעריגע מינע און געזאגט:

— איך וואלט וועלען מיט אייך רעדען.

— איך האב זיך פאַרקרימט. ער האט עס אודאי בעמערקט, ווייל ער האט צוגעלייגט:

— עס איז זעהר וויכטיג.

איך בין אויפגעשטאַנען און איהם געפאלגט אויף'ן צווייטען ברעג שיף. דאן האט ער געזאגט:

— איהר ווייסט דאך מסתמא, אז ווען דער ווינטער קומט און עס ווערט קאלט, עס רעגענט און שנייעט, דאן ראט אייך אייער דאקטאר טאג איין, טאג אוים: „היט זיך, איהר זאלט ניט האבען קיין קאלטע פיס, פארקיהלט זיך ניט, היט זיך פאר א קאטער, פאר פערקיהלונג, פאר לונגען־ענטצינדונג". דאן ווענדעט איהר אן אלע פערשיעדענע מיטלען, איהר טראגט ווארימע וועש, א ווינטערדיגען אויבעררָאק, דיקע שטיוועל, הגם ניט אימער בעשיצט עס אייך און צייטענווייז קריינקט איהר אב מאנאטען נאכאנאד און מוזט ליעגען צו בעט. אבער ווען דער פריהלינג קומט צוריק מיט זיינע בלעטער און בליהונגען, מיט זיינע ווארימע ווינטעלאך און שמעקעדיגע ריחות און אין אייער הארצען ערוואכט עפּעס א בענקעניש, איהר ווייסט אליין ניט פון וואנען, דאן ווארענט אייך קיינער נישט, קיינער זאגט ניט צו אייך: "היט זיך פאר דער ליעבע, זי איז אומעדום, זי ווארט אויף אייך אין אלע עקען און געגענדען. זי געברויכט אלע שמד שטיק, אלע נאַרערייען, אלע נידערטרעכטיגקייטען, אום אייך אריינצוקריגען אין איהר נעץ. היט זיך פאר דער ליעבע! היט זיך פאר דער ליעבע! זי איז געפעהרליכער ווי קאטער, ווי פארקיהלונג, ווי ענטצינדונג, זי פארגעהט ניט אזוי שנעל, זי פארפיהרט אונז צו אלע נארישקייטען, צו נארישקייטען, וועלכע מען קען שוין

קיין מאָל ניט גוטמאַכען. נאָך מיין מיינונג נאָך האָט די רעגיע־רונג געדאַרפט אָנקלעפּען גרויסע צעטלען אויף אַלע ווענט מיט די דאָזיגע ווערטער: „דער פריהלינג קומט, בירגער פון פראַנקרייך היט זיך פאַר ליעבע!“ פּונקט אַזוי ווי מען קלעפּט אָן אויף די הייזער צעטלען: „גיט אַכטונג! עס איז ניי געפאַרבט!“ אַבער אַזוי ווי די רעגיערונג טהוט דאָס נישט, טהו איך דאָס פאַר איהר און איך זאָג אייך: „היט זיך פאַר דער ליעבע, איהר זייט נאָהנט צו איהר נעץ!“ און איך וואָרן אייך, ווייל איך האַלט עס פאַר מיין פליכט.

איך בין געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט פאַר דעם דאָזיגען מערקווירדיגען מענשען און געזאָגט קאַלט:

— ערלויבט מיר אייך אויפמערקזאם מאַכען, אַז איהר מישט זיך אריין אין זאַכען, וועלכע געהען אייך גאָרנישט אָן.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט היץ און געזאָגט:

— ענטשולדיגט! ענטשולדיגט! ווען איך זעה, אַז עמיצער וויל זיך טרינקען, דאַרף איך איהם דאָן גאַנץ רוהיג לאָזען זיך טרינקען און אליין שטעהן און צוקוקען? הערט אויס, איך וועל אייך דערצעהלען מיין געשיכטע און דאַן וועט איהר פאַרשטעהן ווי איך בין געקומען דערצו, אייך עס צו זאָגען.

פאַר אַ יאָהרען אין דער זעלבער צייט ווי איצט איז עס געווען. איבריגענס וואָלט איך אייך נאָך פריהער געוואָלט זאָגען, אַז איך בין אַ בעאַמטער אין מאַרינע מיניסטעריום, וואו פאָרגעזעצטע האַלטען זיך פאַר גרויסע יחסנים און אונז פּשוט׳ע בעאַמטע בעהאַנדלען זיי אַזוי גראָב ווי פּראָסטע מאַטראָזען. אַלזאָ פון מיין ביורא האָב איך דערזעהן אַ שטיק בלויען הימעל, אויף וועלכען די שוואַלבען זיינען פאַרבייגעפלויגען און צווישען די פאַרשטויבטע פּאַפּיערען איז מיר פּלוצים געוואָרען אַזוי פרעהלאָך אַז מיר האָט זיך פאַרוואָלט טאַנצען.

דער פערלאַנג צו זיין פריי, צו אָטהעמען פרישע לופט איז אין מיר אַזוי אויסגעוואַקסען, אַז איך בין אַוועק, טראָץ דעם וואָס דאָס איז מיר געווען שטאַרק אונאַנגענעהם, צו מיין אַלטען שעף. ער איז געווען אַ קליינער, דאַרער, בייזער, שטענדיג וואָרטשענדער מענש.

איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך בין קראַנק. ער האָט מיך אַנגעקוקט און געזאָגט:

— הערט אַקאָרשט, אין אייער קראַנקהייט גלויב איך נישט. אָבער טראָגט זיך שוין אָב פון דאַנען. אַ שען פּנים וואָלט געהאַט די ביורא, ווען זי וואָלט זיך געהאַלטען נור אויף אַזעלכע מענשען ווי איהר זייט.

איך אָבער האָב איהם שוין ניט געהערט, איך בין געלאָפען צו דער סיין צו. דאָס וועטער איז געווען פּונקט אַזוי שען ווי היינט און איך האָב גענומען די „פליעג" כדי צו פאָהרען קיין סיינט־קלו. אַך, הלואי וואָלט מיר מיין שעף ניט ערלויבט דאָס ביסעל פרייהייט.

מיר האָט זיך געוואָלט אויסבאָדען אין זונענשיין. אַלעס האָב איך דאַן ליעב געהאַט: די שיף, דעם טייך, די בוימער, די הייזער, מיינע שכנים, אַלעס, אַלעס. אויף מיר איז אַנגעפאַלען אַ פער־לאַנג אימיצען ארומצונעהמען, גאַנץ גלייך וועמען דאָס זאָל ניט זיין. דאָס איז געווען די ליעבע, וועלכע האָט מיר איהר ערשטע פאַסטקע אויסגעשטעלט.

פּלוצים איז אויף׳ן שיף ארויף אַ יונג מיידעל מיט אַ פּעקעל אין האַנד און האָט זיך געזעצט מיר אַנטקעגען.

שען איז זי געווען, יאָ, מען מוז צוגעבען; אָבער עס איז מערק־ווירדיג אויף וויעפיעל שענער די פרויען זעהען אונז אויס, ווען דער וועטער איז שוין. אין פריהלינג האָבען זיי אַלע עטוואָס בערויי־שענדעס, רייצענדעס, עפּעס גאַנץ בעזונדערעס.

איך האָב זי אַנגעקוקט, זי האָט נור צייטענווייז געוואָרפען אויף מיר אַ בליק, ווי דאָס מיידעל דאָרט האָט אויף אייך געקוקט. ווען מיר האָבען אַזוי אַ ווייַלע אַ די אויגען געקוקט, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז מיר קענען זיך שוין גענוג, אום זיך צוזאַמען צו אונטערהאַלטען און איך האָב גענומען צו איהר רעדען. זי האָט מיר געענטפערט. זי איז געווען רייצענד, אָבער טאַקע ווירקליך ריי־צענד און זי האָט מיר גלייך גענומען געפאַנגען.

אין סיינט־קלו איז זי ארויס. איך האָב איהר געפאָלגט. זי האָט דאָרט געדאַרפט עפּעס אָבטראָגען. ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט די שיף געהאַט נור וואָס אוועק און איך בין געגאַנגען נעבען

איהר. אין גאנצען פארטשאדעט פון דער שמעקעדיגער לופט, האבען מיר ביידע געמוזט זיפצען.

איך האב זיך אבגערופען צו איהר:

— אך ווי שען עס מוז איצט זיין אין וואלד!

און זי האט געענטפערט:

— יא, ווירקליך.

— טאמער וואלטען מיר אביסעל געגאנגען אהין — ווי דענקט איהר פריילען?

זי האט אויף מיר געווארפען א פארשענדען, שנעלען בליק, ווי זי וואלט וועלען אבשאצען וויפיעל איך בין ווערט, האט א ווייל̇ע גע־טראכט און צום סוף איינגעוויליגט. איצט זיינען מיר געגאנגען זייט ביי זייט אונטער די בוימער. די צווייגען איבער אונז זיינען נאך נים געווען שטארק בעוואקסען אבער דאס גראז איז געווען הויך און גע־דיכט פון א העלער גרינקייט און אויף דעם איז געלעגען די זון און אלערהאנד קליינע פליעגעלאך האבען געקלעטערט אויף אלע בלעטע־לאך, אלע צווייגעלאך און... האבען זיך אויך געליעבט. איבעראל האט געקלונגען דער געזאנג פון פויגעלאך. דא האט מיין בעגלייטע־רין גענומען לויפען, איז ארומגעשפרונגען ווי משוגע פון דער לופט און פון דעם שמעקענדיגען וואלד־געזעמס. און איך בין געלאפען נאך איהר און געשפרונגען אזוי ווי זי. אך מאנכעס מאל איז מען א גרויסער נאר.

דאן האט זי גענומען אונטערזינגען פערשיעדענע ליעדלאך פון אפערעס, אריען, דאס ליעד פון מוזעטע. אך, ווי מוזעטע'ס ליעד האט מיך פארנומען פאר'ן הארצען, איך האב שיער נים געוויינט. אך, אט די אלע נארישקייטען צוטומלען אונז דעם קאפ. איך ווארן אייך, געהט קיין מאל נים שפאציערען מיט א מיידעל, וועלכע זינגט אין דרויסען. איבערהויפט אבער זאלט איהר זיך היטען ווען זי זינגט דאס ליעד פון מוזעטע.

באלד איז זי מיעד געווארען און האט זיך געזעצט אויף א גרין בערגעל. איך האב זיך צוגעזעצט צו איהרע פיס און גענומען איהר האנד. איהר קליין הענטעלע, וועמעס שפיץ פינגער זיינען געווען

צושטאַכּעז פון דער נאָדעל. דאָס האָט מיר געריהרט. איך האָב אַ טראַכט געטהאָן: דאָס זיינען די היילינע סמנים פון אַרבייט.

דאַן האָבּען מיר זיך לאַנג געקוקט אין די אויגען.

אַך, וואָס פאַר אַ קראַפט עס האָט איבער אונז אַזאַ פרויען בּליק! ווי ער קען צומישען, צוטומלען און בּעהערשען! ער שיינט צו זיין אַזוי טיעף. אַזוי פיעל פאַרשפּרעכונגען ליגען אין איהם. דאָס רופט מען: „אריינקוקען טיעף בּיז אין דער נשמה אריין.“ אָבּער דאָס זיינען אַלץ נאַרישקייטען! ווייסט איהר, ווען מען זאָל טאַקי אויף אַן אמת קענען אריינקוקען אין דער נשמה, וואָלט מען אַנט־לאָפען וואו דער פּעפּער וואַקסט.

צום סוף האָב איך אין גאַנצען פאַרלאָרען מיין קאָפּ און האָב זי געוואָלט ארומנעהמען, אָבּער זי האָט געזאָגט:

— אַהן הענד, איך בּעט אייך.

דאַן האָב איך זיך אראָבגעלאָזען נעבּען איהר אויף די קניע און פאַר איהר אויסגעגאָסען מיין האַרץ. איך האָב געלייגט צו איה־רע פיס מיין גאַנצע צערטליכקייט, מיט וועלכע מיין נשמה איז אַזוי פול געווען. זי איז געוואָרען פאַרוואונדערט, וואָס איך האָב זיך אַזוי פאַרענדערט און האָט מיך אַנגעקוקט פון דער זייט, ווי זי וואָלט וועלען זאָגען: אַזוי גאָר מיין פריינד, דאָס מיינט איהר? נו, מיר וועלען נאָך זעהן.

אין דער ליעבע זיינען מיר אימער די לעמעשקעס און די פרויען זיינען די דורכגעטריבענע געשעפטסלייט.

איך וואָלט זי אָהן צווייפעל געקענט לייכט געווינען, שפּעטער ערשט האָב איך מיין נאַרישקייט איינגעזעהן; אָבּער איך האָב ביי איהר געזוכט ניט איהר קערפּער, נאָר עפּעס אַ געפיהל, אַ וואַרעם האַרץ, אַ אידעאַלען גייסט.

ווען זי האָט זיך גענוג אַנגעהערט מיינע טענות, איז זי אויפגעשטאַנען און מיר זיינען אַוועק צוריק אין סיינט־קלו. איך האָב זי פאַרלאָזען אין פּאַריז. זייט מיר האָבּען זיך אומגעקעהרט צוריק האָט זי אויסגעזעהן אַזוי אומעדיג, אַז איך האָב איהר ענד־ליך געפרעגט, וואָס מיט איהר איז. זי האָט געענטפערט:

— איך טראַכט וועגען דעם, אַז אַזעלכע טעג קערהרען זיך אין לעבען קיינמאָל ניט אום.

מיין הארץ האָט געקלאַפּט, איך האָב געמיינט זי וועט צור־שפּרונגען.

דעם נעקסטען זונטאָג האָב איך זי ווידער געזעהן, דאַן אין אַ זונטאָג אַרום נאָך אַמאָל און צום סוף יעדען זונטאָג. איך בין מיט איהר געפאָהרען קיין בוזשיוואַל, סיינט זשערמיין, מאַיסאָנס־לאַפיט, פאַיסס, איבעראַל אין דער אומגעגענד פון פּאַריז, וואוהין פארליעב־טע פּאָאַרלאַך פאָהרען אַרויס. די ביטרע בחור׳טע האָט פון איהר זייט געמאַכט אַן אַנשטעל, אַז זי איז אויך פארליעבט ביז איבער די אויערען.

צום סוף האָב איך אין גאַנצען פאַרלאָרען מיין קאָפּ און אין דריי מאָנאַטען אַרום האָב איך מיט איהר געהייראַט.

איהר ווייסט, מען איז אַ בעאַמטער, קיין פאַמיליע האָט מען ניט, ווער עס זאָל געבען אַן עצה איז נישטאָ, טהוט מען אַמאָל אַ טראַכט, אַז עס וואָלט געווען גאַנץ שען צו זיין פערהייראַט און האָ־בען אַן אייגענע פאַמיליע און מען הייראַט מיט דער ערשטער בעס־טער.

און דאַן קריעגט זיך דאָס יונגע ווייבעל אַרום פון פריה ביז נאַכט, פאַרשטעהט גאָרנישט, ווייס גאָרנישט, פּלוידערט אָהן אויפ־הער און זינגט אַ גאַנצען טאָג דאָס ליעד פון מוזעטטע.

אַך, דאָס דאָזיגע שרעקליכע, הילצערנע ליעד פון מוזעטטע!

דאַן רייסט זי זיך אַרום מיט דעם קויהלען־מאַן, דערצעהלט דער הויז־קיפּערין אַלע אינטימע זאַכען פון איהר ווירטשאַפט, פאַרטרויט דעם שכן׳ס דיענסטמיידעל אַלע געהיימניסע פון איהר פאַרהייראַ־טען לעבען און בארעדט איהר מאַן פאַר די לייטע מיט וועמען זי האַנדעלט. איהר קאָפּ איז אָנגעשטאָפּט מיט אַזוי פיעל נאַרישקיי־טען, מיט אַזאַ אידיאָטסטוואָ, מיט אַזעלכע משונה׳דיגע פאַראור־טהיילען, אַז עס ווילט זיך נעהמען האַוקען פאַר פערצווייפלונג, יעדעס מאָל וואָס מען רעדט מיט איהר.

ער איז אַנשוויגען געוואָרען אַביסעלע אַ פאַרסאָפּעטער און שטאַרק בעוועגט. איך האָב איהם אָנגעקוקט און דערפיהלט מיט־

לייד מיט דעם דאָזיגען אָרימען, נאַרישען יונג. איך האָב איהם שוין געוואָלט עפּעס ענטפּערען, ווען די שיף האָט זיך אָבגעשטעלט. מיר זיינען אָנגעקומען אין סיינט־קלו.

דאָס יונגע מיידעל, וועלכע האָט מיך אַזוי פאַראינטערעסירט, איז אויפגעשטאַנען, כדי אַרונטערצוגעהן פון שיף. זי איז פאַרביי־געגאַנגען פאַרביי מיר, געוואָרפען אויף מיר אַ בליק מיט יענעם פיעל פאַרשפּרעכענדען שמייכעל, וועלכער קען אַ מענשען דעם קאָפּ פאַרדרעהען. דאַן איז זי אַרויף אויף דער ברעט, וואָס פיהרט פון שיף צום ברעג.

איך האָב איהר געוואָלט נאָכפאָלגען, אָבער מיין שכן האָט מיר אָנגעכאַפּט פאַר'ן אַרבעל. מיט אַ היציגער בעוועגונג האָב איך זיך פון איהם בעפרייט. דאַן האָט ער מיך אַ כאַפּ געטהאָן פאַר אַ לאַץ, מיך אַ שלעפּ געטהאָן צוריק און געזאָגט:

— איהר זאָלט איהר ניט נאָכגעהן! ניין, איהר זאָלט ניט אַרונטערגעהן פון שיף!

און ער האָט עס געזאָגט אַזוי הויך, אַז אַלע מענשען האָבען זיך אַרומגעקוקט.

אַרום אונז האָט אויסגעבראָכען אַ געלעכטער און איך בין גע־בליבען שטעהן, אויפגערעגט און בייז, אָבער אָהן מוט זיך צו מאַכען לעכערליך און אַרויסרופען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. דערווייל איז די שיף אוועק ווייטער.

דאָס יונגע מיידעל האָט זיך אָבגעשטעלט אויף'ן ברעג און מיר נאָכגעקוקט מיט אַ ענטוישטער מינע, בעת מיין פייניגער האָט זיך געריבען די הענד און מיר געשעפּצעט אין אויער:

— אַה, ווען איהר זאָלט וויסען, וואָס פאַר אַ גרויסע טובה איך האָב אייך איצט געטהאָן.



# דער שפּייכלער.



ערה און מאַדאַם לערעבאור זיינען געווען כמעט אין די אייגענע יאָהרען. אַבער הערר לערעבאור האָט אויסגעזעהן איינגער, הגם ער איז געווען שוואַכער פון זיין פרוי. זיי האָבען געוואָהנט נעבען מאַנטעס, אין אַ שעהנער הויז, וואָס זיי האָבען געקויפט נאָך דעם, ווי זיי האָבען אָנגעלעבט אַ פערמעגען אין געשעפט.

דאָס הויז איז געווען אַרומגערינגעלט פון אַ פּראַכטפאָלען גאָרטען. אַ בעזונדער הויף פאַר עופות און אַ קליין שפּייכלער אויפ'ן עק גאָרטען. הערר לערעבאור איז געווען קליין, קיילעכדיג און לעבעדיג, מיט דער לעבעדיגקייט פון אַ פרעהליכען קרעמער. זיין ווייב, אַ מאָגערע, אַן איינגעשפּאַרטע און שטענדיג אַן אונצופריעדענע, האָט ניט געקענט אונטערדריקען איהר מאַנ'ס פרעהליכקייט. זי האָט געפאַרבט איהרע האָר און ווען ניט ווען געלעזן ראָמאַנען, וועלכע האָבען ביי איהר אַרויסגערופען פערשיעדענע חלומות, הגם זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זי האָסט ביכער פון דעם סאָרט. מענשען האָבען געזאָגט, אַז זי איז אַ פרוי מיט שטאַרקע ליידענשאַפטען, הגם זי האָט קיין מאָל גאָר ניט געטהאָן, וואָס זאָל זיי געבען די מעגליכקייט וועגען איהר אַזוי צו דענקען. אַבער איהר מאַן פלעגט צייטענווייז זאָגען: „מיין ווייב איז אַ לעבעדיגע סחורה". און די מינע, וואָס ער האָט דערביי געמאַכט דאָס בעזונדערע ווינקען מיט אַן אויג, האָט אַלע מאָל אַרויסגערופען פערשיעדענע פאַרשטעלונגען.

פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר איז זי פאַר איינס בייז געווען אויף איהר מאַן, איז איהם נאָכאַנאַנד בעפאָלען און איז שטענדיג אַרומגעגאַנגען אין כעס, צורייצט, ווי עפּעס אַ געהיימער וואָרעם

וואַלט איהר האַרץ געטאַטשעט. דער פּועל־יוצא דערפון איז גע־וועז, אַז זיי האָבען אין דער לעצטער צייט עפּעס אין גאַנצען אויפ־געהערט צו פערשטעהן איינעם דעם צווייטען. זיי האָבען זעלטען ווען גערעדט איינער צום אַנדערען, און די פרוי, וועמעס נאָמען איז געווען פּאַלמירע, האָט נאַכאַנאַנד געשטאַכען, בעליידיגט, און זיך געטשעפּעט צו איהר מאַן, מיט'ן נאָמען גוסטאַוו, וועלכער האָט, ווי עס האָט געשיינט, איהר ניט געגעבען קיין שום אורזאַכע דערצו.

ער האָט איינגעבויגען דעם רוקען און אַלעם פון איהר צוגענו־מען אויף זיין בעזונדערען פרעהליכען שטייגער. דאָך ביי זיך אין האַרצען האָט ער זיך געפיהלט געקרענקט, און איהרע שטענ־דיגע אַנפעלע זיינען איהם געווען אונאַנגענעהם. ער האָט זיך אַליין געפרעגט, וואָס קען זיין די אורזאַכע וואָס האָט זי אַזוי פער־ביטערט געגען איהם, ווייל ער האָט געפיהלט, אַז עפּעס מוז דאָ זיין, עפּעס מוז זי האָבען צו איהם אַ פערבאָרגענע טענה, אָבער וואָס אַזוינס, האָט ער זיך אומזיסט געבראָכען דעם קאָפּ צו פערשטעהן.

ער האָט אָפט צו איהר גע'טענה'ט:

— הער אויס, מיין טהייערע, זאָג מיר, וואָס דו האָסט געגען מיר. איך פיהל, אַז דו בעהאַלטסט עפּעס פון מיר.

און זי האָט אימער גלייך געענטפערט:

— איך האָב גאָר ניט וואָס צו בעהאַלטען. און אויב איך האָב אַן אורזאַכע צו זיין אונצופריעדען, איז עס דיין זאַך צו טרעפען, וואָס דאָס איז. איך האָב פיינט מענער, וועלכע ווייסען ניט, וואָס זיי געהאַט, וועלכע פערשטעהען ניט, וואָס עס טהוט זיך ארום זיי און מען מוז זיי אריינלעגען אַ פינגער אין

ער האָט געמורמעלט נידערשלאָגען:

— איך זעה איין, אַז דו ווילסט מיר גאָר ניט זאָגען.

און ער איז אַוועק, זוכענדיג צו דערגעהן איהר געהיימניס.

איבערהויפּט זיינען די נעכט געוואָרען פאַר איהם אונערטרעג־ליך, ווייל זיי האָבען ביידע געהאַט איין בעט, ווי געוועהנליך ביי גוטע און איינפאַכע מענשען. און זי האָט אויסגעלאָזען צו זיין קאָפּ ניט בלויז דאָז, וואָס עס איז אויף איהר אַנגעפאַלען אַ משוגעת, נאָר אויך דאָז, ווען זיי זיינען געלעגען אין בעט זייט ביי זייט.

דאַן ערשט פלעגט זי זיך צו איהם אַ נעהם טהאָן און אויסלאָזען צו איהם איהר ביטער האַרץ. איבערהויפּט האָט זי איהם אויפ־געוואָרפען, וואָס ער איז אַזוי דיק: — דו פערנעהמסט צו פיעל פּלאַץ, דו ווערסט צו דיק.

אָפּט האָט זי איהם געצוואונגען אויפצושטעהן פון בעט און געשיקט איהם אונטען געפינען אַ ציימונג, וואָס זי האָט כלומר'שט דאָרט פערגעסען, אָדער אַ פלאַש לעמאָנאַד, וועלכע ער האָט ניט געקענט געפינען, ווייל זי האָט עס אַליין בעהאַלטען. דערביי האָט זי צו איהם געזאָגט מיט אַ בייזען און אָבלאַכענדיגען קול: — „דו זאָלסט באַטש ווייסען, וואו דאָס צו געפינען, דו גרויסער פערד!“ און ווען ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין דעם שלאָפענדיגען הויז אַ שעה צייט און זיך דערנאָך צוריק געקעהרט אין שלאָף־צימער מיט לעדיגע הענט, האָט ער פון איהר געקראָגען אַזאַ מין דאַנק: — „קום שוין, קום צוריק אין בעט אריין, עס וועט דיר גאָר ניט שאַדען, דער שפּאַציער וועט דיך מאַכען אַ ביסעל מאָגערער; אַז ניט, ווערסטו צו פעט“.

אַלע ווייליע האָט זי איהם אויפגעוועקט און געזאָגט, אַז זי האָט שטאַרקע קרעמפּען אין לייב און פון איהם געפאָדערט, ער זאָל איהר אויסרייבען מיט אַ שטיקעל פלאַנעל, איינגעטונקט אין אָדע־קאָלאָן. ער האָט זיך געסטאַרעט איהר צו העלפען, געזאָרגט פאַר איהר, וואָס זי איז נעבאָך קראַנק און פאַרגעשלאָגען צו געהן אויפ־וועקען זייער דיענסט צעלעסטא. אָבער דאַן פלעגט זי ווערען שטאַרק אויפגעבראַכט און נעהמען שרייען: — „גוואַלד, וואָס איז דאָס פאַר אַ פערד! גוט, גוט, מיר איז שוין בעסער, געה צו בעט, געה, לעג זיך שלאָפען, געה, שלים־מזל מיינער!“

און האָט ער זי געפרעגט: — „ביזטו זיכער, אַז דיר איז שוין איבערגעגאַנגען, אַז דיר איז בעסער?“ — פלעגט זי ענטפערען בייז איהם אין פּנים אריין:

— יע, האַלט איין דיין צונג! לאָז מיך שלאָפען! דער־מאַהן מיר מעהר ניט וועגען דעם! דו טויגסט זיך צו קיין זאַך ניט, אפילו אויסרייבען אַ פרוי קענסטו ניט“.

ער איז געווען זעהר נידערשלאָגען און געשטאַמעלט: —
„אבער מיין טהייערע...“

אבער זי איז געוואָרען מלא רציחה: — „איך וויל ניט הערען קיין אבערס. געגוג, לאָז מיך צו רוה!“ און זי האָט זיך אומגעקעהרט מיט'ן פּנים צום וואַנד.

און איין מאָל ביי נאַכט האָט זי איהם אזוי שטאַרק געטריי־סעלט, אז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט א צושראָקענער און דערזעהן, אז ער זיצט אין בעט א שלאָפעדיגער. ער האָט אויסגעשטאַמעלט:

— וואָס איז? וואָס איז געשעהן?

זי האָט איהם א כאַפּ געטהאָן פאַר אָן אָרעם, איהם גענומען קנייפּען אזוי לאַנג, ביז ער האָט א געשריי געטהאָן. דאָן האָט זי איהם געגעבען א זעץ איבער'ן אויער און געזאָגט:

— איך הער עפּעס א גערויש אין הויז.

זייענדיג געוועהנט צו מאַדאַם לערעבאור'ס משוגעת'ען, האָט ער זיך ניט איבערגעשראָקען און רוהיג געפרעגט:

— וואָס פאַר א סאָרט גערויש, מיין ליעבע?

זי האָט זיך געטרייסעלט פאַר שרעק און געענטפערט:

— א גערויש... א גערויש... א גערויש פון טריט. אימי־צער איז דאָ אין הויז.

ער איז געבליבען זיצען אונבעוועגליך.

— אימיצער? דו דענקסט אזוי? עס מוז זיך דיר אויס־דאַכטען. אויסער דעם, ווער דענקסטו, קען דאָס זיין?

זי האָט אויפגעשוידערט:

— ווער? ווער? דאָס זיינען גנבים, דו גלאָמפּ איינער!

ער האָט זיך איינגעטוליעט אין די ליילעכער:

— ניין, ניין, מיין טהייערע! דאָרט איז קיינער ניטאָ. זיי רוהיג. דאָס האָט זיך דיר מסתמא גע'חלומ'ט.

זי האָט אראָבגעשליידערט די דעקע און איז ארונטערגעשפּרונגען פון בעט א צוקאָכטע:

— ווי עס שיינט, ביזטו פּונקט אזא פייגלינג, ווי א טויגע־ניכטס! אין יעדען פאַל וועל איך זיך פערטהיידיגען און אליין קעמפּפען פאַר מיין לעבען. — און געכאַפּט די אייזערנע צוואַנגען

פון קאַמין, האָט זי זיך אוועקגעשטעלט הינטער דער פערשלאָסענער טהיר אין אַ קעמפּפערישער שטעלונג.

געריהרט פון זיין פרוי׳ס דרייסטקייט, און אפשר אַ ביסעלע פערשעהמט, האָט זיך דער מאַן אויפגעהויבען און ניט אויסטהו־ענדיג זיין שלאָף־מיצעל, האָט ער געכאַפּט אַ שופליע און זיך אוועק־געשטעלט פּנים לפנים מיט זיין פלונית׳טע.

צוואַנציג מינוט זיינען זיי אָבגעשטאַנען אין אַ טיעפער שטיל־קייט. קיין שום נייער גערויש האָט איצט מעהר ניט געשטערט די רוה פונ׳ם הויז. צום סוף איז די פרוי געוואָרען אין כעס און איז אוועק צוריק אין בעט אריין, זאָגענדיג: — „דאָך בין איך זיכער, אַז אימיצער איז דאָרט דאָ“.

כדי צו פערמיידען קריעגעריי, האָט ער אויף מאָרגען ניט דער־מאָהנט קיין וואָרט וועגען זייער ביי־נאַכטיגער מהומה. אָבער די צווייטע נאַכט האָט מאַדאַם לערעבאור אויפגעוועקט איהר מאַן נאָך מיט מעהר רציחה ווי נעכטען און זיך טרייסלענדיג מיט׳ן גאַנצען קערפּער, האָט זי געשטאַמעלט: — „גוסטאַוו, גוסטאַוו, אימיצער האָט נאָר וואָס געעפענט דאָס גאָרטען־טהירעל!“

פערוואונדערט איבער דער איינגעשפּאַרטקייט פון זיין פרוי, וועלכער האָלט זיך אין איין דאַכטען, אַז זי הערט גנבים, האָט ער שוין געוואָלט נעהמען איהר בערוהיגען, ווען איהם האָט זיך גע־דאַכט, אַז ער הערט ווירקליך אַ שטילען גערויש אַרום די ווענט פון הויז. ער איז אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפען צום פענסטער און דערזעהן... יאָ, ער האָט דערזעהן... אַ ווייסע פיגור געהענדיג מיט שנעלע טריט איבער איינער פון די גאָרטען־וועגלעך.

ער האָט געמיינט, אַז ער חלום׳ט און האָט קוים אַרויסגע־בראַכט:

— דאָרט געהט אימיצער!

דאַן איז ער געקומען אַ ביסעל צו זיך, האָט זיך געסטאַרעט צו בערוהיגען, און פּלוצים האָט זיך אין איהם ערוועקט דער כעס פון אַן אייגענטהימער, אויף וועמענס אייגענטהום אַ פרעמדער האָט אַ פוס אַרויפגעשטעלט, און ער האָט אויסגערופען מיט היץ:

— וואַרט! וואַרט! וועסט באַלד עפּעס זעהן!

ער איז צוגעלאָפען צו זיין שרייב־טיש, איהם געעפענט, אַרויס־גענומען פון דאָרט אַ רעוואָלווער און זיך געלאָזט לויפען צו די טרעפּ. זיין ווייב, אַז ערשטווינטע, איז איהם נאָכגעלאָפען, שריי־ענדיג:

— גוסטאַוו, גוסטאַוו, פערלאָז מיך ניט, לאָז מיך ניט איבער אַליין! גוסטאַוו! גוסטאַוו!

אָבער ער האָט קוים געהערט; באַלד איז ער שוין געווען אונטען און האָט אַרויפגעלעגט זיין האַנד אויף דער גאָרטען־טהיר.

דאַן איז זי שנעל אַוועק צוריק און האָט זיך פערבאַריקאַדירט אין זייער שלאָף צימער — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זי האָט געוואַרט פינף מינוט, צעהן מינוט, אַ פיערטעל שעה. אַ ווילדע מורא איז אויף איהר אַנגעפאַלען. זיי האָבען איהם אודאי דער'הרג'עט; האָבען איהם מסתמא געכאַפּט און דערוואָר־גען, דערשטיקט. עס וואָלט איהר שוין ליעבער געווען, ווען זי זאָל הערען דאָס שיסען פון רעוואָלווער, דאַן וואָלט זי ווענינגסטענס גע־וואוסט, אַז ער פערטהיידיגט זיך דאָרט. אָבער די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אַרום, די מורא'דיגע שטילקייט פונ'ם דאָרף האָט זי משוגע געמאַכט.

זי האָט גענומען קלינגען נאָך איהר דיענסטמיידעל צעלעסטאַ. אָבער צעלעסטאַ האָט זיך ניט אָבגערופען אויף דעם קלונג פונ'ם גלאָק. זי האָט ווידער געקלונגען און געפיהלט, אַז די פיס ברעכען זיך איהר אונטער, אַז אָט־אָט חלש'ט זי. אָבער אין גאַנצען הויז איז געבליבען שטיל. פון ערגעץ האָט זיך ניט געהערט דער מינדסטער גערויש. זי האָט צוגעדריקט איהר ברענענדיגען שטערען צום פענסטער און זיך געסטאַרעט אַריינדרינגען אין דער אַרומיגער פינסטערניש. זי האָט גאָר ניט געקענט זעהן, אויסער די שוואַרצע שאָטענס פון די בוימער אויפ'ן וועג.

עס האָט געשלאָגען האַלב נאָך צוועלף. איהר מאַן איז געווען אַוועק שוין פולע דריי פיערטעל שעה. מיט בענקעניש האָט זי גע־טראַכט, אַז זי וועט איהם שוין מעהר קיין מאָל ניט זעהן, קיין מאָל

ניט. און זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף די קניה און אויסגע־בראָכען אין אַ ביטערען געוויין.

אימיצער האָט שטיל אַנגעקלאַפּט אין דער טהיר פון איהר צימער. זי איז אויפגעשפּרונגען אַ פערצאַפּעלטע. הערר לערע־באור האָט פון אויסוועניג שטיל צו איהר גערעדט: — „עפען אויף, פּאַלמירע, דאָס בין איך!“ זי האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו דער טהיר, זי געעפענט און געבליבען שטעהן פאר איהם מיט פערבראָ־כענע הענט. מיט אויגען פול טרעהרען, האָט זי אויסגערופען:

— וואו ביזטו געווען, דו שמוציגער נפש? אַזוי גאָר! דו האָסט מיך דאָ איבערגעלאָזט אַליין, אַ האלב טויטע פאר שרעק גאָר אהן אַ פאַר וואָס. פאַר מיר אָרט דיר גאָר ניט, אַזוי ווי איך וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען.

ער האָט צוגעמאַכט די טהיר פון שלאָף־צימער: דערנאָך האָט ער גענומען לאַכען, און ער האָט געלאַכט ווי אַ משוגע׳נער, זיך געקייקעלט פון געלעכטער, מיט די הענט אין די זייטען, געקייכט ביז טרעהרען זיינען איהם אין די אויגען אריין.

מאַדאַם לערעבאור איז געבליבען שטעהן אַ צומישטע, ניט רעדענדיג אַ וואָרט.

ער האָט געשטאַמעלט:

— עס איז געווען... עס איז געווען צעלעסטאַ... זי האָט געהאַט אַ צוזאַמענקונפט אין שפּייבלער. ווען דו וואָלסט זעהן, וואָס... וואָס איך האָב געזעהן...

זי איז געוואָרען בלאָס און זיך גענומען שטיקען פאר כעס:

— וואָס? וואָס זאָגסטו? צעלעסטאַ? אין מיין הויז? אין... מיין... הויז...אין... מייז... אין מיין... אין מיין שפּייב־לער. און דו האָסט ניט דער׳הרג׳עט דעם מאַן, וועלכער האָט גע־וואָגט צו קומען אַהער? דו האָסט געהאַט אַ רעוואָלווער און האָסט איהם ניט דערשאָסען? אין מיין הויז... אין מיין הויז...

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַן אויפגערעגטע, ניט אומשטאַנד מעהר צו רעדען אַ וואָרט.

ער האָט איהר געטאַנצט פאר די אויגען, געקנאַקט מיט די פינ־גער, געסמאַטשקעט מיט דער צונג און נאָך אַלץ לאַכענדיג גערעדט:

— ווען דו זאָלסט זעהן... ווען דו זאָלסט זעהן...

און פּלוצים האָט ער איהר אַ קוש געטהאָן.

זי האָט זיך אַ ריס געטהאָן פון איהם און מיט אַ קול, פערשטיקט פון כעס און אויפרעגונג, געזאָגט:

— איך וועל ניט ערלויבען דאָס מיידעל פערבלייבען אפילו איין טאָג אין מיין הויז, דו הערסט? קיין איין טאָג ניט... אפילו קיין שעה ניט. ווען זי וועט זיך אומקעהרען צוריק אין הויז אריין, וועלען מיר זי ארויסטרייבען.

הערר לערעבאור האָט אַ כאַפּ געטהאָן זיין ווייב און זי גענומען קושען. ער האָט זי געקושט אין די באַקען, אין האַלז, מיט הייסע און הייסע קושען, ווי אין די אַמאָליגע צייטען. זי איז ווידער אַנשווייגען געוואָרען צומישט און פערוואונדערט. אבער ער האָט זי געהאַלטען פעסט אין זיינע אָרעמס, און פּלוצים האָט ער זי צערטליך צוגעשלעפּט צו דער בעט. — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען צעלעסטאַ האָט ארום האַלב נאָך ניין אין דער פריה ניט געזעהן איהרע בעלי־הבתים, וועלכע זיינען אימער געוועהנט געווען אויפצושטעהן פריה, איז זי געוואָרען אונרוהיג און האָט שטיל אַנגעקלאַפּט אין דער טהיר פון זייער שלאָף־צימער.

זיי זיינען נאָך געווען אין בעט און האָבען פרעהליך געפּלוידערט איינער מיט'ן צווייטען. צעלעסטאַ איז געבליבען שטעהן פערוואונדערט און האָט געזאָגט: — „מאַדאַם, קאַפּע איז פערטיג“.

מאַדאַם לערעבאור האָט געזאָגט מיט אַ זעהר ווייך קול:

— ברענג עס אריין אהער, מיין קינד. מיר זיינען אַ ביסעל מיעד: מיר האָבען ניט גוט געשלאָפען היינטיגע נאַכט.

דאָס מיידעל האָט קוים צייט געהאַט אוועקצוגעהן, ווי הערר לערעבאור האָט ווידער גענומען לאַכען, און קיצלענדיג זיין ווייב אונטער דער מאָרדע, האָט ער געזאָגט: — „ווען דו זאָלסט וויסען, אָה, ווען דו זאָלסט וויסען, וואָס איך האָב געזעהן!“

אבער זי האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און געזאָגט צערטליך:

— הער אויף ! זיי רוהיג, מיין טהייערע, אויב דו וועסט אזוי פיעל לאכען, וועסטו זיך נאך קראנק מאכען.

און זי האט איהם צערטליך א קוש געטהאן אין די אויגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דאן אן האט מאדאם לערעבאור אויפגעהערט צו זיין אין כעס. זי האט ניט מעהר קיין משוגע'נע אנפאלען און בינדט זיך ניט צו איהר מאן. מאנכעס מאל, אין ליכטיגע נעכט, כאפען זיך מאן און ווייב ארויס אין דרויסען, און מיט שטילע טריט גנב'ענען זיי זיך דורך צווישען די בוימער ביז צום שפייכלער, וועלכער געפינט זיך אויפ'ן עק פון גארטען. און דארט בלייבען זיי שטעהן זייט ביי זייט און עסען זיך איין מיט זייערע אויגען אין א קליין פענסטעריל, שטעהען און קוקען און קוקען, ווי זיי וואלטען דארט געזעהן עפעס זעהר מאדנע, זעהר אינטערעסאנטע זאכען.

צעלעסטא'ן האבען זיי געהעכערט איהר געהאלט.

אבער הערר לערעבאור איז געווארען מאגער.



# איהר ווידוי.

---



ארגאריטא דע טערעל האט געהאלטען ביים שטארבען. הגם זי איז נאר אלט געווען זעקס און פופציג יאהר, האט זי געמאכט דעם איינדרוק פון א זקנה פון א יאהר פינף און זיעבעציג. נאך בלייכער ווי דער ליילעך, אויף וועלכען זי איז געלעגען, האט זי גע־אטהעמט שווער און פול אנגסט. א מורא'דיגער ציטערען איז אי־בער איהר גאנצען לייב אריבער, איהר פנים האט זיך פערקרימט, און זי האט זיך ארומגעקוקט מיט שטארע, צושראקענע אויגען, ווי זי וואלט געזעהן פאר זיך עטוואס שרעקליכעס.

איהר, מיט צעהן יאהר עלטערע, שוועסטער איז געשטאנען אויף די קניה פאר איהר בעט און געשלוכצעט. אויף א קליין טישעל איבערגעדעקט מיט א סערוועטקע האבען געברענט צוויי ליכט, מען האט ערווארטעט דעם פריסטער, וועלכער זאל מיט איהר זאגען ווידוי און איהר געבען די לעצטע היילונג.

דער צימער האט אויסגעזעהן טרויעריג. די לופט איז עפעס אזוי ווי אנגעפילט געווען מיט פערצווייפלונג, מיט א געזעגענען זיך, ווי געוועהנליך די קראנקען-צימערען, וואו א קראנקער גוסס'ט. פענכערס און פלעשלעך זיינען געווען אנגעווארפען אויף די טישען. אין די ווינקעלעך האבען זיך געוואלגערט וועש. קענטיג, אז מען האט זיי מיט'ן פוס, אדער מיט'ן בעזים אהין א ווארף געטהאן. אפילו די שאלען, אבגערוקט אין אונארדנונג פון זייערע פלעצער, האבען אויסגעזעהן דערשראקען, ווי מען וואלט זיי צויאגט אין אלע זייטען. דער טויט איז דא געווען בעהאלטען וואו עס איז און געווארט.

די געשיכטע פון ביידע שוועסטער איז געווען זעהר ריהרענד.

מען האט וועגען דעם איבעראל גערעדט און פיעל טרעהרען זיינען דערביי פערגאסען געווארען.

סוסאננע, דער עלטערער, האט אמאל א יונגערמאן משוגע גע־ליעבט און זי האט זיין ליעבע ערווידערט. ביי זיי איז געווען תנאים און דער טאג פון דער חתונה איז שוין אויך בעשטימט גע־ווען, ווען אנרי דע פאמפיער איז פלוצים געשטארבען.

די פערצווייפלונג פון דער יונגער מיידעל איז געווען שרעק־ליך: זי האט געשווארען, אז זי וועט קיין מאל ניט חתונה האָ־בען. און זי האט איהר ווארט געהאלטען. זי האט אנגעטהאן טרויער קליידער פון אן אלמנה און זיי געטראגען ביז היינטיגען טאג.

דאן איז איין מאל אין א פריהמארגען צו איהר געקומען איהר שוועסטער, איהר קליין שוועסטערעל מארגאריטא, וועלכע איז דאן אין גאנצען אלט געווען צוועלף יאהר. זי איז איהר ארויפגעפאלען אויפ׳ן האלז און געזאגט:

—גרויסע שוועסטער, איך וויל ניט, אז דו זאלסט זיין אונ־גליקליך, איך וויל ניט, אז דו זאלסט קלאגען דיין גאנץ לעבען, איך וועל דיך קיין מאל, קיין מאל ניט פערלאזען, איך וועל אויך ניט הייראטהען. איך וועל אימער, אימער זיין מיט דיר!

סוסאננע האט זי געקושט, גערירט פון דער דאזיגער קינ־דערשער ליעבע, אבער זי האט ניט געגלויבט אין איהרע רייד. אבער די קליינע האט געהאלטען איהר ווארט. און ניט קוקענדיג אויף די טענות פון די עלטערען, ניט קוקענדיג אויף דעם געבעט פון איהר שוועסטער, האט זי קיין מאל ניט געהייראטה.

זי איז געווען שעהן, זעהר שעהן, א גאנצע מאסע יונגע לייט האבען זיך אין איהר פערליעבט, אבער זי האט זיי ענטזאגט איינעם נאך דעם אנדערען און האט איהר שוועסטער קיין מאל ניט פער־לאזען.

* * *

און אזוי האבען זיי אבגעלעבט זייער גאנץ לעבען צוזאמען. ניט צושיידענדיג זיך קיין איין איינציג מאל. זיי זיינען געגאנגען

איינע נעבען דער אנדערער, ווי צוויי טרייע פריינדינען, אבער מאר־גאריטא האט אימער אויסגעזעהן טרויעריגער, מעהר דערשטיקט, ווי די עלטערע, עפעס אזוי ווי די מערקווירדיגע אויפאפפערונג איהרע וואלט איהר צובראכען.

זי איז שנעלער אלט געווארען, און צו דרייסיג יאהר האבען איהרע האאר שוין גענומען גרוי ווערען. זי האט אפט געקרענקט, עפעס א געהיימער קומער האט איהר געטאטשעט. און איצט איז זי געלעגען און גע'גוסס'ט, אויך פריהער פאר דער עלטערער.

זייט פיער און צוואנציג שטונדען האט זי נים אויסגערעדט קיין ווארט, נאר ווען עס האט גענומען טאגען, האט זי געזאגט:

— שיקט נאכ'ן פריסטער, עס איז צייט!

דאן איז זי געבליבען ליעגען אויפ'ן רוקען, זיך טרייסלענדיג פון קרעמפפען. איהרע ליפען האבען זיך בעוועגט, ווי מורא'דיגע ווערטער וואלטען זיך פון דער טיעפעניש פון איהר נשמה געריסען, און זי האט געקוקט ארום זיך מיט אויסגעפוטשעטע, צושראקענע, משוגע'נע אויגען.

איהר שוועסטער, א דערשלאגענע, א פערצווייפעלטע, האט צו־געדריקט דעם שטערען צום ראנד פון קראנקען בעט און געפלים־טערט:

— מארגאריטא, מיין ארימע מארגאריטא, מיין ליעב, קליין שוועסטערל!

זי האט זי שטענדיג גערופען די „קליינע", פונקט ווי די איי־נגערע האט זי גערופען די „גרויסע".

עס האבען זיך דערהערט טריט אויף די טרעפ. די טהיר האט זיך געעפענט. עס האט זיך בעוויזען א קליין כאהר־איינגעל, און נאך איהם דער פריסטער אין זיינע פריסטערשע קליידער.

אזוי גיך, ווי די גוסס'ע האט איהם דערזעהן, האט זי זיך מיט אימפעט א הויב געטהאן, זיך אויפגעזעצט, געעפענט די ליפען, ארויסגעשטאמעלט צוויי־דריי ווערטער און זיך איינגעגעסען אין דער דעקע מיט איהרע נעגעל, ווי זי וואלט דארט וועלען א לאך אויסדראפען.

דער אבבע סימאן איז צו איהר צוגעגאנגען, גענומען איהר האנד,

א קוש געטהאָן דער גוסס'ער אין שטערען און געזאָגט מיט א ווייך קול:

— מיין קינד, גאָט איז אייך מוחל, זייט מוטהיג! איצט איז די צייט, רעדט!

דאָן האָט מארגאריטא ארויסגעשטאַמעלט אין העכסטער אויפ־רעגונג, ציטערענדיג אזוי שטארק, אז די גאַנצע בעט האָט זיך גע־טרייסעלט.

— זעץ זיך, גרויסע, און הער צו!

דער פריסטער האָט זיך צוגעבוינגען צו סוסאננאַ'ן, וועלכע איז געלעגען אויף די קניה צו־פוסען פון בעט, זי אויפגעהויבען, אוועק־געזעצט אויף א שטוהל און האָלטענדיג יעדע פון די שוועסטער פאר א האנד, האָט ער געזאָגט:

— גאָט, מיין גאָט, גיב זיי כחות און שטעה זיי ביי.

דאָן האָט מארגאריטא גענומען רעדען. די ווערטער זיינען פון איהר האַלז ארויסגעקומען הייזעריגע, אָבגעריסענע, פערצוויי־פעלטע:

זיי מיר מוחל, גרויסע, זיי מיר מוחל, זיי מיר מוחל. אָה, וואָס דו וואָלסט געוואוסט, ווי איך האָב מיין גאַנץ לעבען געציטערט פאר'ן איצטיגען אויגענבליק.

סוסאננע האָט געשטאַמעלט אונטער טרעהרען:

— וואָס זאָל איך דיר מוחל זיין, קליינע, דו האָסט מיר אַלעס אוועקגעגעבען, אַלעס פאר מיר געאָפפערט, דו ביזט א מלאך!

אָבער מארגאריטא האָט איהר איבערגעשלאָגען די רייד:

— שוויינ, שוויינ, לאָז מיך רעדען, שלאָג מיך ניט איבער! עס איז מיר אזוי מורא'דיג דיר אַלעס צו זאָגען, זיך אין דעם אַלעמען מודה צו זיין, אזוי שרעקליך, אָבער הער אוים!

דו געדענקסט דאָך, דו געדענקסט דאָך נאָך — — — — — — — אנרי'ן...

סוסאננע האָט א ציטער געטהאָן און אָנגעקוקט איהר שוועס־טער. יענע האָט ווייטער גערעדט:

— דו מוזט אַלעס אויסהערען, אום צו בעגרייפען. איך בין

דאָן אַלט געווען צוועלף יאָהר, דו גערענקסט עס נאָך אודאי, ניט אמת? אבער איך בין געווען פערדאַרבען, איך האָב געקענט טהאָן אַלעס, וואָס איך האָב געוואָלט. דערמאָהן זיך, ווי מען האָט מיך פערצוויגען, פערצערטעלט. אַלזאָ, הער:

דעם ערשטען מאָהל, וואָס ער איז צו אונז געקומען, האָט ער געטראָגען לאַנגע, לאַקירענע שטיוועל, ער איז אַרונטער פון פערד און גלייך אויף די טרעפ ארויף. ער האָ זיך דערנאָך ענטשולדיגט פאַר זיין פערשטויבטען אַנצוג. ער האָט געבראַכט דעם פּאַפּאַ עפּעס אַ נויטיגע ידיעה. דו געדענקסט עס דאָך נאָך? רעד ניט, הער נאָר ווייטער!

ווען איך האָב איהם דערזעהן, בין איך געבליבען שטעהן, ווי אַ פערשטיינערטע, אַזוי שעהן האָט ער מיר אויסגעזעהן, און איך בין געבליבען שטעהן אין אַ ווינקעל פון זאַאַל די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט. קינדער זיינען אַ מאָדנע פאָלק, אַ מאָדנע און אַ שרעקליכע. יאָ, יאָ! פון דאָן אָן האָב איך געטרוימט וועגען איהם.

ער איז נאָך אַמאָל צו אונז געקומען און נאָך פיעל מאָל. איך האָב געקוקט אויף איהם מיט בלישטשענדיגע אויגען און מיין גאַנצע נשמה האָט זיך געריסען צו איהם. איך בין געווען גרויס פאַר מיינע יאָהרען און פיעל כיטרער, ווי מען האָט געקענט דענקען. ער איז אָפט צו אונז אין הויז געקומען או איך האָב וועגען איהם גע־טראַכט, וועגען איהם געטרוימט און שטיל פאַר זיך זיין נאָמען אויסגערופען:

— אַנרי... אַנרי דע פּאַמפּיער!

דערנאָך האָט מען גענומען רעדען, אז ער הייראַטה מיט דיר. דאָס איז געווען אַזאַ קלאַפּ פאַר מיר, אַך, גרויסע, אַזאַ וועהטאָג, אַזאַ קומער! איך האָב נעכט נאַכאַנאַנד געוויינט און ניט געקענט שלאָ־פען. ער פלעגט קומען יעדען טאָג נאָך מיטאָג, נאָך פריהשטיק, דו געדענקסט עס נאָך, ניט אמת? שווייג, רעד ניט, זיי רוהיג, הער אוים!

דו פלעגסט מאַכען קיכלעך פאַר איהם, וועלכע ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט. די קיכלעך זיינען געווען פון מעהל, פּוטער און מילך.

אַך, איך געדענק עס גאַנץ גענוי, איך וואָלט זיי נאָך היינט געקענט מאַכען. ער פּלעגט אימער נעהמען איינעם אין מויל, דאן האָט ער געטרונקען אַ גלאַז וויין און דערביי פּלעגט ער יעדעס מאָל זאָגען:

— דאָס שמעקט אויסגעצייכענט.

געדענקסטו נאָך, מיט וואָס פאַר אַ טאָן ער פּלעגט עס זאָגען?

איך בין געוואָרען אייפערזיכטיג, שרעקליך אייפערזיכטיג, און דער טאָג פון דיין חתונה איז געקומען אַלץ נעהענטער און נעהענטער, באַלד זיינען פערבליבען בלויז פיערצעהן טעג. איך בין פון זינען אַרונטער. איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: ער וועט מיט סוסאַנ־נאַ'ן ניט חתונה האָבען, איך וויל עס ניט, איך וועל עס ניט דער־לאָזען, ניין, ניין. איך וועל מיט איהם חתונה האָבען, ווען איך וועל אויסוואַקסען. איך וועל קיין מאָל ניט טרעפען קיין מאַן, ווע־מען איך זאָל אַזוי ליעבען ווי איהם.

און איין מאָל אין אָבענד, צעהן טעג פאַר דער חתונה, האָסטו שפּאַציערט מיט איהם פאַר'ן שלאָס, ביים שיין פון דער לבנה. און דאָרט, אונטער דעם טאַננען־בוים, אונטער דעם גרויסען טאַננען־בוים, האָט ער דיך געקושט, אַרומגעכאַפּט דיך מיט זיינע אָרעמס און גע־האַלזט און געקושט, געדענקסטו עס נאָך? עס איז וואַהרשיינליך געוועזען צום ערשטען מאָל. יאָ, געוויס, דען דו ביזט געוועזען בלייך ווי קאַלך, ווען דו ביזט צוריק אין זאַאַל אריין.

איך האָב אייך געזעהן. איך בין געשטאַנען הינטער די בושעס. איך בין געוועזען אויסער זיך. ווען איך וואָלט געקענט, וואָלט איך אייך געטויטעט. און איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין:

— ער טאָר מיט סוסאַננאַ'ן ניט חתונה האָבען, קיין מאָל ניט! ער טאָר קיין מאָל ניט טראַכטען וועגען קיין אַנדער פרוי, אויסער מיר אַז ניט, וועל איך זיין צו אונגליקליך!

און פּלוצים האָב איך צו איהם דערפיהלט אַ שרעקליכען האַס.

און ווייסטו, וואָס איך האָב דאַן געטהאָן? הער צו. איך האָב געזעהן, ווי דער גערטנער מאַכט פּילען פאַר משוגע'נע הינט. ער האָט מיט אַ שטיין זעהר דין צושטויסען אַ גלעזערנע פלאַש און די צושטויסענע גלאָז האָט ער אריינגעלעגט אין אַ שטיק פלייש.

איך האָב דאַן גענומען ביי דער מאַמען אַ קליינע מעדיצין־פלע־

שעל, דאס גאנץ דין צושטויסען מיט א האמער און די צושטויסענע גלאז, וואס האט אויסגעזעהן, ווי א בלישטשענדיגער פולווער, בע־האלטען ביי מיר אין קעשענע.

און אויף דעם צווייטען טאג, ווען דו האסט געמאכט דיינע קיכלעך, האב איך זיי מיט א מעסער געעפענט און דאס צושטויסענע גלאז אין יעדען איינציגען אריינגעשאטען. ער האט דריי דערפון אויפגעגעסען, איך האב אויך איינעם אראבגעשלונגען, די איבעריגע זעקס האב איך אין טייך אריינגעווארפען.

ביידע שוואנען־פויגעל זיינען געפונען געווארען טויטע אין דריי טעג ארום. דו געדענקסט עס נאך ? אבער שוויוג, הער צו, הער צו !

נאר איך בין ניט געשטארבען, אבער איך בין פון דאן אן אי־מער קראנק געווען. ער אבער איז געשטארבען, דו ווייסט עס גאנץ גוט ! הער אוים, דאס איז נאך ניט אלעס ; שפעטער, ערשט שפעטער איז געקומען דאס מורא׳דיגע ! הער אוים ! מיין לעבען, מיין גאנץ לעבען איז געווען א קוואל פון יסורים ! איך האב שטענ־דיג צו זיך געזאגט, איך וועל מיין שוועסטער קיין מאל ניט פער־לאזען און אין מיין לעצטער שטונדע אויף מיין טויטען־בעט, וועל איך איהר אלעס אויסזאגען... פון דאן אן האב איך קיין איין מי־נוט ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען יענעם אויגענבליק, ווען איך וועל דיר אלעס מוזען דערצעהלען. און איצט איז ער געקומען, יענער מורא׳דיגער אויגענבליק. אך, גרויסע, עס איז שרעקליך !

ווען איך האב זיך געלעגט און ווען איך בין אויפגעשטאנען, טאג און נאכט האב איך געטראכט וועגען דעם, געטראכט, אז איך מוז זיך פאר דיר אמאל מודה זיין, מוז דיר אלעס דערצעהלען, און איך האב געווארט. אך, וואס פאר א יסורים ! איצט איז עס אבגעטהאן. איך בעט דיך, זאג קיין ווארט, איך האב מורא, איך האב מורא ! אך, איך האב שרעקליך מורא !

וואס וועט זיין, ווען איך וועל איהם ווידער זעהן נאך מיין טויט ? ... קענסטו זיך פארשטעלען אזא ווידער זעהן ? ... בע־רעכן נאר... איך שטארב די ערשטע ! איך וואג ניט, איך האב מורא ! אבער איך מוז ! פערגיב מיר, זיי מיר מוחל, איידער

איך שטארב! דו מוזט מיר מוחל זיין, דו מוזט! אז ניט, קען איך זיך ניט ווייזען פאר איהם!...

אך, הערר פריסטער, זאגט א י ה ר איהר, זי זאל מיר מוחל זיין, זאגט עס איהר, איך בעט, איך בעט אייך; אז ניט, קען איך ניט שטארבען.

* * *

זי איז אנשוויגען געווארען און געבליעבען ליעגען אהן אן אטהעם, און איהרע פינגער האבען נאך אלץ נערוועז געקראצט און געצופט די דעקע.

סוסאננא האט בעהאלטען איהר פנים איןביידע הענט און זיך קיין ריהר ניט געטהאן. זי האט געטראכט וועגען דעם מאן, וועלכען זי האט איהר גאנץ לעבען געקענט ליעבען, וועלכער וואלט איהר געליעבט. ווי שעהן, ווי גליקליך וואלט דאן איהר לעבען געוועזן.

זי האט איהם ווידער דערזעהן אין איהרע געדאנקען, ווי ער האט אויסגעזעהן אמאל, אין דער פערשוואונדענער פערגאנגענהייט. אך, איהר געליעבטע טויטע, ווי איהר צורייסט אונז דאס הארץ! און יענער קוש, זיין איינציגער קוש, איז אין איהר נשמה פערבלי־בען. פון דאן אן האט זי אין איהר לעבען מעהר גאר נישט געהאט...

דער פריסטער האט זיך פלוצים אויפגעהויבען און מיט א הויך, ציטערענדיג קול האט ער אויסגערופען:

— פריילין סוסאננא, אייער שוועסטער שטארבט!

דאן האט סוסאננא אראבגענומען די הענט פון איהר פערוויינט פנים, זיך א ווארף געטהאן צו איהרע שוועסטער, גענומען זי קושען מיט היץ און געשטאמעלט:

— איך בין דיר מוחל! איך בין דיר מוחל, קליינע!

# אויף דעם שפּאַציער־גאַנג.



ער בוכהאַלטער פונ׳ם געשעפט לאַביוז און קאָמפּאַניע
איז אַרויסגעגאנגען פון מאַגאַזין און האָט זיך אַוועק־
געשטעלט אויפ׳ן שוועל פונ׳ם הויז, פערבלענדעט
פון דער שיין פון דער פערגעהענדער זון. ער פלעגט
אַרבייטען אַ גאַנצען טאָג פאַר דעם שיין פון די גאַז־
בעלייכטונג אין ווינקעל פון צימער, וועלכער האָט זיך געפונען
הינטער דעם מאַגאַזין און איז אַרויסגעגאנגען אויף אַ שמאָלען און
טיעפען הויף, ווי אַ ברונעם. דער צימער, אין וועלכען ער האָט
שוין געאַרבייט פיערציג יאָהר, איז געווען אַזוי פינסטער, דאָס אַפילו
אין סאָמע מיטען זומער פלעגט ברענען פייער פון עלף ביז צוויי־
דריי אַזייגער ביי טאָג. דאָרט איז אימער געווען פייכט און קאַלט;
אַ שווערער ריח האָט זיך אַהין געטראָגען פונ׳ם ברונעם אין הויף,
וואוהין עס איז אַרויסגעקומען דאָס פענסטער פונ׳ם צימער. שוין
פיערציג יאָהר, ווי לערא קומט יעדען טאָג אום אַכט אַזייגער אין
דער פריה אין דער דאָזיגער פינסטערער טורמע און ווי אַ געוויסענ־
האַפטער, פלייסיגער אַרבייטער זיצט ער אָב אין איהר איבער זיינע
ביכער ביז זיעבען אַזייגער אין אבענד. ער האָט פערדיענט דריי
טויזענד פראַנק אַ יאָהר, אָבער אָנגעהויבען האָט ער מיט פופצעהן
הונדערט. ער איז געווען אונפערהייראטה, ווייל זיינע קליינע פער־
דיענסטען האָבען איהם ניט ערלויבט צו הייראַטהען. ער האָט
קיין מאָל קיין זאַך ניט געזעהן, און דערום זיינען זיינע בעדערפע־
נישען אויך געווען קליינע.

אמת, אָפט ווען זיין איינפאַכע, לאַנגווייליגע אַרבייט פלעגט
איהם שטאַרק דערעסען, פלעגט ער נעהמען פאַנטאַזירען: „אַך,
ווען איך וואָלט געהאַט פינף טויזענד פראַנק אַ יאָהר, וואָלט איך
געלעבט אַ גוטען טאָג!“ אין דער אמת׳ען אָבער איז איהם קיין

מאָל ניט אויסגעקומען צו לעבען אַ גוטען טאָג, ווייל ער האָט ניט געהאַט מעהר ווי זיין אָרימען מאַנאַטליכען געהאַלט. זיין לעבען איז אוועק אָהן בעזונדערע געשעהענישען, אָהן פרייד, כמעט אָהן האָפנונג. זיין גאַנצע עהרען ליעבע איז געוועזען אַזוי בעגרענעצט, אַז די נייגונג צו טרוימען, וועלכע איז נאָהענט יעדען מענשען, האָט זיך קיין מאָל ניט ענטוויקעלט ביי איהם. ווען ער איז אָנגעקומען צו לאַביוז און קאָמפּאַניע, איז ער אַלט געווען איין און צוואַנציג יאָהר, און פון דאַן אַן איז ער דאָרט פערבליבען. אין 1856 האָט ער פערלאָרע זיין פאָטער, אין יאָהר 1859 — די מוטער. פון יענער צייט אַן איז די איינציגע געשעהניש אין זיין לעבען געווען די איבערביימונג פון זיין וואָהנונג אין 1868, וועלכע איז אַרויסגע־רופען געוואָרען דורך דעם, וואָס דער בעל־הבית פון זיין דירה האָט געהעכערט דעם פרייז פאַר דירה געלד.

יעדען פריהמאָרגען איז ער אויפגעשפּרונגען פון בעט זעקס אַזייגער אין דער פריה, אויפגעוועקט פונ'ם קלונג פונ'ם וועקער. צוויי מאָל האָט פּאַסירט, אַז דער וועקזייגער איז קאַליע געוואָרען, איין מאָל אין 1866 און אַ צווייטען מאָל אין 1874, דאָך האָט ער זיך ניט פערשלאָפען און איז אויפגעשטאַנען אין דער ריכטיגער צייט. ער פלעגט אַלזאָ אויפשטעהן, אָנטהאָן זיך, אויסקעהרען דעם צימער, אָבווישען דעם שטויב פון פאָטעל און קאָמאָד; דאָס אַלעס האָט ביי איהם גענומען אַנדערהאַלבען שטונדען. און אַזוי איז זיין גאַנץ לעבען אוועקגעגאַנגען אין אַ שמאָלען און פינסטערען צימער, וועלכער איז געווען אויסגעקלעפּט מיט איינע און די זעלבע טאַ־פּעטען. ער איז אַהין אָנגעקומען אַ יונגער מאַן, אַלס ברוימאַנ'ס געהילפס בוכהאַלטער, מיט דער פערבאָרגענער האָפנונג, איהם אַמאָל צו פערבייטען. ער האָט איהם פערביטען, און דערביי איז ער גע־בליבען. איהם זיינען געבליבען פרעמד אַלע אונערוואַרטעטע גע־שעהענישען: אַנגענעהמע, אָדער טראַגישע, ליעבעס פּאַסירונגען, אינטערעסאַנטע רייזען, מיט איין וואָרט, אַלע צופאַלען פון אַ פרייען לעבען. דערפאַר איז ער אויך געבליבען אָרעם אין עראינערונגען, וועלכע אַנדערע מענשען קלייבען אַן אין פערלויף פון זייער לעבען.

טעג, וואכען, מאנאטען, יאהרען זיינען אוועקגעגאנגען איינער נאכ'ן צווייטען.

יעדען טאג איז ער אין דער זעלבער צייט אויפגעשטאנען, ארויסגעגאנגען פון זיין הויז, געקומען אין קאנטאר, געפרישטיקט, געגאנגען עסען מיטאג, געלעגט זיך שלאפען, און קיין זאך האט קיין מאל ניט געשטערט די איינפאכקייט, די אלטעגליכקייט פון זיינע געוואהנהייטען, טהאטען און געדאנקען. אין די פריהערדיגע יאה־רען האט ער געקוקט אויף זיינע בלאנדע וואנצעס און געקרויזטע האר אין קליינעם, קיילעכדיגען שפיגעלע, וועלכען דער פריהערדיגער בוכהאלטער האט איהם איבערגעלאזען. איצט האט ער יעדען טאג געקוקט אין דעם זעלבען שפיגעלע אויף זיינע גרויע וואנצעס און הוילען קאפ. עס זיינען פערשוואונדען געווארען פיערציג לאנגע און שנעלע יאהרען, אהן אינהאלט, ווי א טרויעריגער אסיען־טאג און מאנאטען, ווי די שטונדען פון א שלאפלאזער נאכט.

פיערציג יאהר, פון וועלכע עס איז ניט פערבליבען קיין זאך, קיין עראינערונגען, אפילו קיין אונגליקען. אויסער דעם טויט פון זיינע עלטערען, אבסאלוט גאר ניט... א פוסטקייט.

און אזוי איז לערא געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל, פערבלענ־דעט פון די שטראהלען פון דער פערגעהענדער זון און אנשטאט אומצוקעהרען צו זיך אהיים, האט ער בעשלאסען צו מאכען א שפאציער פאר מיטאג. דאס פלעגט פאסירען מיט איהם פיער, אדער פינף מאל דורכ'ן יאהר.

ער איז אוועק אויף די בולווארען, וואו אונטער'ן שאטען פון די גרין־געווארענע בוימער האט זיך געגאסען א גאנצער שטראם פון מענשען. דאס איז געווען א פריהלינגס אבענד, איינער פון יענע ערשטע ווארימע און שעהנע אבענדען, וועלכע ערוועקען און צוטומלען די נשמה און רופען ארויס לעבענס־לוסטיגקייט. לערא איז געגאנגען מיט זיין אונטערשפרינגענדיגען גאנג, זיינע אויגען האבען פרעהליך געגלאנצט. ער איז געווען גליקליך מיט דער אל־געמיינער פרייד און מיט דער ווארימקייט פון דער לופט. ער איז צוגעגאנגען צו די יעליזעאישע פעלדער, און ערמונטערט פון דעם יוגענדליכען אטהעמען, וועלכעס האט זיך געטראגען אין דער לופט,

איז ער געגאַנגען ווייטער. די זון האָט געהאַלטען אין אונטערגעהן און דער הימעל האָט זיך אַנגעצונדען מיט אַ פייערדיגער רויטקייט. ווען דער אַלטער בוכהאַלטער איז צוגעקומען צו אַ וואונדערבאַרען מאָנומענט, האָט ער דערפיהלט, אַז ער איז הונגעריג, און ער איז אַוועק אין אַ דערבייאיגען ווינקעלע עסען מיטאָג. מען האָט איהם דערלאַנגט קאַלבס־פּיסלעך, סאַלאַט און ספּאַרזשאַ. לערא האָט שוין לאַנג אַזוי געשמאַק ניט געגעסען.

ער האָט אויסגעטרונקען אַ פלעשעל באַרדאָ און אויפגעגעסען זיין קעז. נאָכהער האָט ער געטרונקען אַ גלאָז קאַפע, וואָס דאָס פלעגט מיט איהם זעהר זעלטען פּאַסירען, און פערטרונקען מיט אַ בעכער שאַמפּאַניער. ווען ער האָט בעצאָהלט, האָט ער זיך גע־פיהלט מונטער, פרעהליך, זאָגאַר אַ ביסעל אויפגערעגט. — היינט איז אַ שעהנער אָבענד, — האָט ער זיך געטראַכט — איך וועל נאָך אַ ביסעל שפּאַציערען ביז דעם בולאַנישען וואַלד, דאָס וועט פאַר מיר זיין זעהר ניצליך.

ער איז אַוועקגעגאַנגען ווייטער. אין זיין קאָפּ האָט זיך אַלץ געדרעהט דער מאָטיוו, וועלכען זיין חבר פון צימער האָט איהם אַמאָל געזונגען: „דער וואַלד איז גרין געוואָרען, מיין ליעבער, — האָט ער געזונגען — קום, טהייערער, מיט מיר שפּאַציערען“. ער האָט איהם געזונגען טויזענדער מאָל, אַלץ אָנפאַנגענדיג פון אָנהויב. אויף פּאַריז האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אַ דונקעלע, הייסע, שטילע נאַכט. לערא איז געגאַנגען אין דער אַלעע פון בולאַנישען וואַלד און האָט געקוקט אויף די דורכפאָהרענדיגע קאַרעטען. זיי זיינען געפאָהרען נאָהענט איינע נאָך דער אנדערער מיט זייערע פייער־דיגע אויגען. פאַר לערא'ן האָבען זיך נאָכאַנאַנד געטראָגען און גלייך פערשוואונדען געוואָרען די „פּאָרלעך“ אין זיי, וועלכע האָבען זיך צוגעדריקט איינער צום צווייטען. ער האָט אויך בעמערקט, אַז די פרויען זיינען במעט אַלע געקליידעט אין העלען און די מענער אין שוואַרצען.

דאָס איז געווען אַ לאַנגע רייהע פון פערליעבטע, וועלכע זיינען געפאָהרען אונטער דעם אויסגעשטערנטען הימעל. און זיי זיינען געפאָהרען און געפאָהרען איין פּאָרעל נאָכ'ן אַנדערען, איין קאַרעטע

נאָך דער אַנדערער אַהן אַן אויפהער און אָהן אַ צאָהל. און שוויי־גענדיג זיינען די פערליעבטע געפּאַהרען, צוגעדריקט איינער צום צווייטען, ווי פערטיעפט אין חלומות, פערטומעלט פון ברענענדיגע פערלאַנגען, ציטערענדיג פון די נאָהענטע אומאַרמונגען. די וואָ־רימע נאַכט איז געוועזן פול מיט די קושען, וועלכע האָבען זיך גע־דרעהט און געציטערט אין דער לופט. אַ צאַרטע מיעדקייט האָט אנגעפילט די לופט און זי געמאַכט נאָך מעהר שטיקענד. די אַלע מענשען, וועלכע זיינען געוועזן ווי פער'שכור'ט פון איין און דער זעלבער ערוואַרטונג, האָבען פערשפּרייט אַרום זיך אַ פיבערישע נערוועזיטעט. די דאָזיגע קאַרעטען, וועלכע זיינען געוועזן אָנגע־פילט מיט ליעבע און פערלאַנגען, האָבען דורכפאַהרענדיג, געלאָזט הינטער זיך אַ צאַרטען, אויפרעגענדען, ציטערענדיגען הויך.

לערא איז צום סוף מיעד געוואָרען צו געהן און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקעל. און ער האָט אַלץ בעטראַכט די פאַרבייפאַהרענדיגע קאַרעטען, וועלכע זיינען געוועזן אָנגעלאָדען מיט ליבע.

באַלד האָט זיך עפּעס אַ פרוי צוגעזעצט צו איהם.

— גוטען אָבענד, פריינד, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט געשוויגען.

— ערלויבט מיר אייך צו לאַשטשען, טהייערינקער, איהר וועט זעהן, ווי ליעב איך בין, — האָט זי ווייטער גערעדט.

— איהר האָט אַ טעות, פרוי, — האָט ער אַ זאָג געטהאָן.

זי האָט אָבער איהם גענומען אונטער'ן אָרעם:

— גענוג, מאַך זיך ניט פאַר קיין נאַר; הער זיך איין...

ער האָט זיך פון איהר אַרויסגעריסען און איז אַוועק; זיין האַרץ האָט איהם פערקוועטשט. הונדערט טריט ווייטער האָט איהם אָבגעשטעלט אַן אַנדער פרוי:

— זעצט זיך נעבען מיר, מיין שעהנער, — האָט זי געזאָגט.

— וואָרום בעשעפטיגט איהר זיך מיט אַזאַ פּראָפעסיאָן? — האָט ער געפרעגט אַנשטאָט אַן ענטפער.

זי איז אויפגעשטאַנען און מיט אַ פערענדערטער, בייזער און הייזעריגער שטימע אַרויסגעשיפעט:

— געוויס נים צוליעב דעם אייגענעם פערגעניגען. דער טייפעל זאָל עס נעהמען!

— וואס צווינגט אייך דאָס צו טהאָן? — האָט ער געפרעגט מיט אַ ווייך קול.

זי האָט אַ מורמעל געטהאָן:

— מען דאַרף דאָך פון עפּעס לעבען! — און זי איז אַבגעטראָטען פון איהם, זינגענדיג עפּעס אונטער'ן נאָז.

לערא האָט גאָר נים פערשטאַנען. אנדערע פרויען האָבען פאַרבייגעהענדיג איהם גערופען, איינגעלאַדען צו זיך. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז איבער זיין קאָפּ האָט זיך פערשפּרייט עטוואָס שוואַרצעס, דריקענדעס. ער האָט זיך ווידער געזעצט אויף אַ ביינקעל. די קאַרעטען זיינען ווייטער געלאָפען.

— אומזיסט בין איך געקומען אַהער, — האָט ער זיך געטראַכט. אַט האָב איך זיך אויפגערעגט.

ער האָט גענומען טראַכטען וועגען בעצאָהלטער ליעבע, וועגען בעצאָהלטע קושען, וועגען די אַלע פאַרלעך, וואָס האָבען זיך פאַרבייגעטראָגען און פערשוואונדען פון זיינע אויגען. ליעבע! ער האָט דערפון נים געוואוסט. אין דעם גאַנצען לעבען האָט ער געהאַט בלויז צוויי־דריי פּרויענצימער, און דאָס אויך צופעליג, אונערוואַרטעט, דען זיינע מיטלען האָבען איהם נים ערלויבט קיין לוקסוס. ער האָט געטראַכט פון זיין לעבען, וואָס איז אוועקגעגאַנגען אזוי פערשיעדען פון דעם לעבען פון אנדערע מענשען, וועגען זיין זעהר פינסטערען, טרויעריגען און פּוסטען לעבען. אַט זיינען מענשען, וועמען עס פעהלט אַבסאָלוט קיין זאַך נים.

פּלוצים האָט זיך פאַר איהם ווי דורכגעריסען דער געדיכטער שלייער, און ער האָט דערזעהן די פּוסטקייט, די לעערקייט, די נישטיגקייט פון זיין עקזיסטענץ: נישטיגקייט אין דער פערגאַנגענהייט, נישטיגקייט אין דער געגענוואַרט און נישטיגקייט אין דער צוקונפט. די לעצטע יאָהרען האָבען זיך מיט קיין זאַך נים אונטערשיידעט פון די ערשטע, נים פאַר זיך און נים הינטער זיך האָט ער געזעהן עפּעס, אויף וואָס, עס זאָל ווערטה זיין אַ קוק צו טהאָן.

פּוסט, פּוסט אין דער פערגאַנגענהייט, פּוסט אין הארצען און פּוסט אומעדום.

די רייהע פון קאַרטען האָט ניט אויפגעהערט. יעדע מינוט פלעגען זיך בעוויזען פאַרביי איהם און גלייך פערשווינדען צוויי לעבעדיגע וועזענס, ארומגעהמענדיג זיך אין דער אָפענער קאַרעטע; איהם האָט זיך געדאַכט, אז פאַר איהם איז אַזוי דורכגעפאָהרען די גאַנצע מענשהייט, פער'שכור'ט פון פרייד, גליק און געניס. און ער אליין איז געשטאַנען פון וויטען און געקוקט אויף איהר איינער אליין. און מאָרגען וועט ער אויך זיין אליין, איינזאַם, און איבער־מאָרגען און שטענדיג, שטענדיג אליין, איינזאַם, עלענד, ווי אַ שטיין.

ער איז אויפגעשטאַנען, אַבגעגאַנגען עטליכע טריט, און פּלוצים האָט ער זיך ארונטערגעלאָזען אויף אַ נאָהענטער באַנק אַ מיעדער, אַ פערמאַטערטער, ווי נאָך אַ לאַנגער רייזע. אויף וואָס האָט ער נאָך געהאָפט? וואָס האָט ער ערוואַרטעט? גאָר נישט, קיין זאַך נישט. איהם האָט זיך געדאַכט, אז דאָס בעסטע אויף דער עלטער איז, ווען מען קומט אהיים און מען געפינט קליינע קינדערלעך, וועל־כע פלוידערען אַלע נאַרישקייטען. עס איז אנגענעהם, עס איז גוט אַלט צו ווערען און זיין ארומגערינגעלט מיט די דאָזיגע קליינע נפשת'לעך, וועלכע זיינען אייך דאַנקבאַר, איבערגעבען, ליעבען און לאַסטשען, אייך, ריידען יענע נאַאיווע ליעבע ווערטער, וועלכע דערוואַרימען די הערצער און טרייסטען אין יעדער צרה.

ער האָט זיך דערמאַהנט אַז זיין לעדיגען צימער, דעם ריינעם און אומעדיגען צימער, וואוהין קיינער פערשמעקט ניט, אויסער איהם אליין, און זיין הארץ איז פערשטשעמעט געוואָרען פון אַז אונאויסדריקליכען שמערץ. דער דאָזיגער צימער האָט איהם איצט אויסגעוויזען נאָך טרויעריגער און אומעדיגער, ווי זיין קאַנטאָר. קיינער איז אין איהם ניט אריינגעגאַנגען, קיינער האָט אין איהם ניט גערעדט, ער איז געווען אַ טויטער, אַ שטומער, קיין מענשליכע שטימען, קיין געלעכטער האָט קיין מאָל אין איהם ניט געקלונגען. די ווענט שפּיעגלען אין זיך אָפּ די מענשען, וועלכע וואהנען אין זיי, זייערע מאַניערען, פּנים'ער און ווערטער. די הייזער פון גליקליכע מענשען זיינען פרעהליכער פון אָרימע וואָה־נונגען. זיין צימער האָט קיין ערינערונגען ניט געהאַט, ווי זיין

לעבען. איהם האט געשראקען דער געדאנק, זיך אומצוקעהרען אליין אהיים, אליין זיך לעגען אין בעט.

און עפעס אזוי ווי ווערענדיג אוועקגעהן וואס ווייטער פון דער ראזינער אונאנגענעהמער וואהנונג און אבציהען די מינוט פון זיך אומקעהרען אהיים, איז ער אויפגעשטאנען און אוועקגעגאנגען אין א זייטיגער אלעע, דאן איז ער אריין צווישען עטליכע קליינע בוימ־לעך, אום זיך אבצורוהען אויפ'ן גראז. ארום זיך, איבער זיך, אי־בעראל האט ער געהערט אן אונקלאהרען, גרויסען, אונאויפהערלי־כען גערויש, וועלכער איז בעשטאנען פון א סך פערשיעדענע קלאנ־גען... אן אונבעשטימטער, א הויכער קלאפען פון לעבען, דעם אטהעם פון פאריז, וועלכער האט געאטהעמט, ווי א גראנדיעזע, לעבעדיגע בעשעפעניש. — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די זון איז געשטאנען זעהר הויך און האט געגאסען שטראמען ליכטיגקייט אויף דעם בולאנישען וואלד. עס האבען זיך אנגעהוי־בען בעוויזען קארעטען און פרעהליכע מאסען מענשען. אין איין פערלאזענער אלעע איז זיך לאנגזאם געגאנגען א פארעל. פלוצים האט די פרוי אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהן אין די צווייגען עטוואס ברוינעס.

ערשטוינט און אויפגערעגט האט זי אנגעוויזען אויף דעם מיט דער האנד: — טהו נאר א קוק, וואס איז דאס? אין א ווייל ארום האט זי ווילד א געשריי געטהאן און אנידערגעפאלען אויף די הענט פון איהר בעגלייטער, וועלכער האט איהר אוועקגעלעגט אויפ'ן גראז.

מען האט צוזאמענגערופען די וועכטער. זיי האבען אבגע־טשעפעט דעם אלטען בוכהאלטער, וועלכער איז געהאנגען אויף זיינע שלייקעס. עס איז ערקלעהרט געווארען, אז ער איז געשטארבען מיט א טאג צוריק, אבענד צייט. נאך די פאפירען, וועלכע מען האט געפונען ביים געשטארבענעם, איז מען דערגאנגען, אז ער איז געווען דער בוכהאלטער ביי לאביוז און קאמפאניע, און אז ער האט געהייסען לערא. זיין טויט האט מען ערקלעהרט אלס זעלבסט־מארד דורך אן אונבעוואוסטע אורזאכע. אפשר איז אן אנפאל פון משוגעת?

# איז דאָס משוגעת ?



יין ליעבע דזשענאַוועוואַ ! דו ווילסט, איך זאָל דיר דערצעהלען פון מיין האָכצייטס רייזע ? אָבער ווי קען איך עס טהאָן ? דו ביזט ביטרע, דו האָסט מיר גאָר ניט געזאָגט, ניט אפילו דעם קלענסטען אָנצוהערעניש האָסטו מיר געגעבען, גאָר ניט, און דערביי ביזטו שוין אָנדערהאַלבען יאָהר פערהייראטה. יאָ, אַ גאַנץ יאָהר און אַ האַלב. דו, וועלכע האָסט מיך געהאַלטען פאַר דיין בעסטען פריינד, דו וועלכע האָסט פריהער קיין זאַך ניט פאַרבעהאַל-טען, ביזט ניט געווען אַפילו אויף אַזוי פיעל גוט צו מיר, אַז דו זאָלסט מיך פאַרבערייטען. ווען זאָלסט מיר כאָטש נור געווען זאָגען: גיב אַכטונג, פּאַס אויף! ווען דו וואָלסט אין מיין נשמה דעם קלענסטען פערדאַכט ערוועקט, כאָטש וויפיעל עס איז מיך געוואָרענט, וואָלסטו מיר פערשפּאָרט צו בעגעהן אַ גרויסע נאַרישקייט, פון וועלכער איך ווער נאָך היינט רויט און איבער וועלכער מיין מאַן וועט זיין גאַנץ לעבען ניט אויפהערען צו לאַכען. און אין דעם אַלעמען ביזטו שולדיג, דו, נור דו אליין.

איך האָב זיך מורא'דיג בלאַמירט. איך האָב געמאַכט אַ טעות, וועלכען מען קען קיין מאָל ניט פערגעסען, דורך דיין שולד, דו שלעכטע, דורך דיין שולד. אַך, ווען איך וואָלט געהאַט די מינדעסטע אהנונג !

דו ווייסט, בעת איך שרייב אַזוי, קריעג איך מוט און בעשלים דיר אַלעם צו דערצעהלען, אָבער דו מוזט מיר צוזאָגען, אַז דו וועסט מיך ניט אַזוי שטאַרק אויסלאַכען.

ערוואַרט ניט עטוואַס פרעהליכעס, עס איז אַן אמת'ע טראַגעדיע..

דו געדענקסט דאך נאך אודאי מיין חתונה? מיר האבן גע־וואלט נאך דעם אייגענעם אבענד אײיעקפאהרען אויף א האכציימס־רייזע. איך האב געווים ניט געהאט קיין שום עהנליכקייט צו דער קליינער פאולעטטע, וועמעס געשיכטע גיפ דערצעהלט אונז אזוי קאמיש אין דעם גייסטרייכען ראמאן „וועגען הייראט". און ווען מיין מוטער זאל מיר געוועז זאגען, ווי פרוי האטרעטאן צו איהר טאכטער: „דיין מאן וועט דיך נעהמען אין זיינע ארעמס און..." וואלט איך געווים ניט ארויסגעפלאצט ווי פאולעטטא מיט די ווער־טער: „דאס דארפסטו מיר ניט זאגען מאמא, דאס אלעס ווייס איך גראדע אזוי גוט ווי דו."

איך האב גארנישט געוואוסט, און מאמא, מיין ארימע מאמא, וועלכע האט פאר אלעס מורא געהאט, האט ניט געוואלט דעם דאזיגען דעליקאטען געגענשטאנד אנצוריהרען.

אלזא, ארום פינף אזייגער אין אבענד, נאך דעם מאלצייט, האט מען אונז געלאזט וויסען, אז דער עקיפאזשווארט אויף אונז. די געסט זיינען אוועק, איך בין געווען פארטיג. איך געדענק נאך דעם ליארעם, וואס איז געווארען, ווען מען האט די קופערטען פון די טרעפ ארונטערגעשלעפט און ווי דער פאפא האט געהעדט אונטער דער נאז, ווייל ער האט ניט געוואלט ווייזען, אז ער וויינט. דער ארימער מאן האט צו מיר געזאגט, בעת ער האט מיך געקושט: „מוט קינדעלע!" עפעס ווי איך וואלט זיך געגאנגען ארויסרייסען א צאהן, די מאמא אבער האט געקלאגט און געוויינט און פערגאסען טרערען. מיין מאן האט מיך געאיילט, כדי לייכטער צו מאכען דעם שווערען אבשיעד, איך אליין האב אויך פערגאסען טרערען, הגם איך בין געווען זעהר גליקליך. דאס קלינגט אפילו ניט גאר פארשטענדליך, אבער אזוי איז עס געווען. פלוצים האב איך דער־פיהלט, ווי עפעס ציהט מיך פאר דעם קלייד, דאס איז געווען ביזשא, אן וועלכען מען האט דעם גאנצען טאג גאר פארגעסען. די ארימע שטומע חיה האט מיר אויף איהר שטייגער געזאגט א זייד־געזונד. עס האט מיר פארקוועטשט דאס הארץ און עס האט מיר זיך פערוואלט מיין הונד ארומנעהמען און א לאסטשע טהאן. איך האב איהם אלזא גענומען אויף די הענד, דו ווייסט דאך, ער איז

אין גאַנצען אַזוי גרויס ווי א פויסט, און האָב איהם בעשאָטען מיט קושען. איך האָב איהם זעהר ליעב, עס איז אַזא שעהן, ליעב, קליין חיה'לע !

דער הינטעל איז געווען אָבער ווי משוגע, האָט געקראַצט מיט זיינע נעגעל, מיך געלעקט און מיך אָנגעכאַפּט מיט די צייהן, ווי ער טהוט געוועהנליך, ווען ער פיהלט זיך זעהר גוט. פּלוצים האָט ער אַריינגעכאַפּט מיין נאָז און איך האָב דערפיהלט, אז ער טהוט מיר וועה. איך האָב אַ געשריי געטהאָן און אַראָבגעלאָזט דאָס הינטעל אויף דר'ערד. ער האָט שפּילענדיג זיך מיט מיר, מיך אויף אַ'ן אמת אַ ביס געטהאָן. איך האָב געבלוטיגט, אַלע זיינע געווען אויס־סער זיך, מען האָט געבראַכט וואַסער, עסיג, טיכער און מיין מאַן האָט אַליין געוואָלט מיך פּפלעגען. איבערהויפּט איז עס געווען אַ קלייניגקייט, צוויי קליינע ביסען, ווי נאָדעל־שטעך. אין פינף מי־נוטען ארום האָט דאָס בלוט אויפגעהערט און מיר זיינען אַבגע־פאָהרען. מיר האָבען געוואָלט מאַכען אַ רייזע איבער נאָרמאַנדיע אויף א וואָך זעקס. אין אָבענד זיינען מיר אָנגעקומען אין דיעפּפּ. ווען איך זאָג אין אָבענד, מיין איך דערמיט נאָך האַלבער נאַכט. דו ווייסט ווי איך האָב ליעב דעם ים. איך האָב ערקלעהרט מיין מאַן אַז איך וועל ניט געהן צו בעט איידער איך וועל איהם האָבען געזעהן. מיין ערקלעהרונג האָט איהם געשיינט צו פאַרדריסען. און איך האָב איהם געפרעגט שמייכלענדיג : — ביזטו שלעפעריג ?

ער האָט געענטפערט : — ניין, מיין ליעבע, אָבער דו האָסט געמעגט וויסען, אַז איך האָב זיך קוים דערוואַרט צו בלייבען מיט דיר אַליין.

איך בין געוואָרען ערשטוינט : — מיט מיר אַליין ? אָבער מיר זיינען דאָך אַליין אין עקיפּאַזש זייט פון פּאַריז אָן.

ער האָט געשמייכעלט : — יאָ, אָבער אין עקיפּאַזש איז דאָך ניט ווי אין אונזער צימער.

אָבער איך בין געבליבען ביי דאָס מייניגע : — נו, אויף דעם ברעג ים זיינען מיר דאָך אויך אַליין, וואָס נאָך ווילסטו ?

ער האָט געשיינט צו זיין אונצופריעדען, אָבער ער האָט מיר נאָכגעגעבען :

— גוט אלזא, לאמיר געהן. אזוי לאנג ווי דיר ווילט זיך אזוי, זעהן דעם ים.

די נאכט איז געווען א פּרעכטיגע, איינע פון יענע נעכט, וועלכע ערוועקען אין אונז אַ אונבעשטימטען פערלאנג, עפּעס אזא מין געפיהל אדער א וואונש צו עפענען די ארעמס און ארומנעהמען דעם הימעל, די גאנצע וועלט. עס דאכט זיך, ווי עפּעס א גרויס געהיימניס וואלט זיך פאר אונז ענטפּלעקט.

די לופט האט געשיינט צו זיין פול מיט טרוימען, אלעס איז געווען אזוי פּאָעטיש און דאס הארץ איז אָנגעפילט געווארען מיט פרייד און גליק, מיט גרויס איבערערדישען גליק, מיט עפּעס אַ מין שיכרות, וואס איז געקומען פון די שטערן, פון דער לבנה, פון זילבערנעם בעוועגטען וואסער. דאס זיינען די שעהנסטע מינוטען פון לעבען. דאן זעהט אונזער לעבען אויס גאנץ אנדערש, פארשעהנערט, פארבעסערט, בערייכערט. דאס איז אַן ענטפּלעקונג. דערפון, ווי עס האט געקענט זיין... אדער ווי עס וועט אמאל זיין...

אבער מיין מאן האט געשיינט צו זיין אונגעדולדיג, איהם האט זיך געוואלט אהיים געהן, און איך האב געזאגט: — איז דיר קאלט?

— ניין! — דאן טהו אַ קוק אויף דאס שיפעל אַן דארט, זעה, עפּעס אזוי ווי זי וואלט געשלאפען אויפ'ן וואסער. איז דאָ ניט וואונדערשעהן? איך וואלט גערן פארבליבען ביז טאג. וואס דענקסטו, טאמער וואלטען מיר דאָ פערבראכט ביז עס וועט טאג ווערען?

ער האט געמיינט, אַז איך מאך פון איהם חוזק און האט מיך כמעט מיט געוואלד אוועקגעשלעפּט צוריק אין האָטעל.

ווען מיר זיינען געבליבען אליין, האב איך זיך געשעהמט, געווארען עפּעס צומישט און האב אליין ניט געוואוסט פארוואס. דאס שווער איך דיר. צום סוף האב איך איהם ארויסגעשיקט אין טואלעט צימער און זיך געלעגט אין בעט.

אך, מיין ליעבע, ווי אזוי זאל איך דיר דערצעהלען? קורץ, אלזא הער. ער האט הפנים אנגענומען מיין צו־גרויסע אונשולד פאר שלעכטקייט, מיין צו־גרויסע נאאיוויטעט פאר ניעדערטרעכטיגקייט, מיין צוטרויען, מיין קינדערשע צערטליכקייט פאר קאקעטעריי און ער איז צוגעגאנגען צו מיר ניט מיט יענעם צערטליכען

מיטגעפיהל, וועלכער איז אזוי נויטיג, אום צו ענטפלעקען די דאזיגע סודות פאר א אונוויסענדע, יונגע, ריין הארץ...

און פלוצים האב איך געמיינט, אז ער איז משוגע געווארען. דאן איז אויף מיר אנגעפאלען א מורא און איך האב זיך געפרעגט, צו וויל ער מיך ניט טויטען ? ווען אויף א מענשען פאלט אן א שרעק, דאן טראכט ער ניט מעהר, טראכט וועגען קיין זאך ניט, ער איז ווי משוגע, און א מינוט נאכאנאנד האב איך זיך איינגערעדט גאט וייסט וואס. איך האב געטראכט וועגען געוויסע נייעס אין די צייטונגען, וועגען געהיימע פארברעכענס, וועגען אל די געשיכטען וואס מען דערצעהלט פון יונגע מיידלעך, וועלכע האבען חתונה געהאט מיט אויסוואורפען. האב איך דען דעם דאזיגען מאן געקענט ? איך האב זיך אנטקעגען איהם געוועהרט, האב איהם מיט שרעק אבגעשטויסען פון זיך. איך האב איהם זאגאר אויס־געריסען א זשמוט האאר פון קאפ און פון די וואנצעס. מיט דער גרעסטער אנשטרענגונגקייט האב איך זיך פון איהם בעפרייט, בין ארויסגעשפרונגען פון בעט און גענומען רעווען : הילף ! איך בין צוגעלאפען צו דער טהיר, ארויסגעשלעפט דעם ריגעל און זיך גע־לאזט לויפען א האלב־נאקעטע איבער די טרעפ.

אנדערע טהירען האבען זיך געעפענט, מענער אין נאכט־העמ־דער האבען זיך בעוויזען מיט ליכט אין די הענד, איך בין געפאלען אין די ארעמס פון א פרעמדען מאן און ביי איהם שוץ געבעטען. ער האט זיך א ווארף געטהאן אויף מיין מאן.

וואס דערנאך איז געשעהן, ווייס איך ניט. מען האט זיך גע־שלאגען, געשריען איינער אויף דעם צווייטען און דאן האבען זיי גענומען לאכען, אבער אזוי לאכען, דו קענסט עס דיר גארניט פאר־שטעלען. דאס גאנצע הויז האט געלאכט, פון קעלער ביז צום דאך. אין קארידאר האב איך געהערט, ווי מען האט זיך געקייכט פאר גע־לעכטער און אויך אין די אנדערע צימערען אונטען. די קיכען־יונגען האבען זיך געקייקעלט אויפ'ן בויך אויבען אונטער'ן דאך און דער הויז־וועכטער אונטען אין זיין שטיבעל האט זיך געקאטשעט אויף זיין מאטראץ.

שטעל זיך פאר, אין א האטעל !

דערנאך בין איך געבליבען מיט מיין מאן אליין. ער האט מיר געמאכט איינינע אלגעמיינע ערקלעהרונגען, אט צום ביישפיעל ווי מען ערקלעהרט א כימישען עקספערימענט, וועלכען מען קלייבט זיך מאכען. ער איז ניט געווען גאר צופריעדען, איך האב געוויינט ביז עס איז טאג געווארען, און אזוי שנעל ווי דער האטעל האט זיך געעפענט זיינען מיר אוועקגעפאהרען.

אבער דאס איז נאך ניט אלעס.

אויף דעם צווייטען טאג זיינען מיר אנגעקומען אין פאורוויל, וועלכער איז געווען דער אנהויב פון א באדע־פלאץ. מיין מאן האט מיך פערשאטען מיט אלערליי צערטליכקייטען און אויפמערקזאמ־קייטען. נאך דעם ווי דער ערשטער כעס איז ביי איהם אריבער, איז ער געווארען זעהר גליקזעליג. פארשעהמט און פערצווייפעלט איבער מיין נעכטיגע האלטונג, בין איך געווען אזוי ליעב און גוט אנטקעגען איהם, האב זיך אזוי געלאזט לערנען, וויפיעל עס איז נאר מעגליך געווען. אבער דו קענסט זיך ניט פארשטעלען, דעם שרעק, דעם עקעל, כמעט דעם האס, וואס איך האב דערפיהלט צו הענרי׳ן, ווען איך האב זיך דערוואוסט דעם העסליכען, דעם מיאוסען סוד, וועלכען מען בעהאלט אזוי שטארק פון דער יונגער מיידעל. איך האב זיך געפיהלט פערצווייפעלט, טויט־טרויעריג, געהיילט פון אלע שעהנע חלומות, און א מורא׳דיגע בענקעניש האט מיך גענומען פייניגען נאך מיינע עלטערען, נאך מיינע ארימע עלטערען, צו וועלכע עס האט זיך מיר איצט אזוי שטארק געוואלט צוריקקעהרען. אויף דעם דריטען טאג זיינען מיר אנגעקומען אין ענטרעטאט. אלע באדע־געסט זיינען געווען אין גרויס אויפרעגונג : א יונגע פרוי איז געביסען געווארען פון א קליין הינטעל און איז געשטארבען פון משוגעת. א קעלט איז מיר איבער׳ן רוקען אריבער, ווען איך האב די דאזיגע געשיכטע געהערט ביים טיש. עס האט זיך מיר גלייך געדאכט, אז מיר טהוט וועה די נאז און אז איך האב עפעס א מאד־נעם געפיהל אין אלע גליעדער.

די נאכט בין איך ניט געשלאפען. און מיין מאן האב איך אין גאנצען פערגעסען. איך האב אלץ געטראכט, צי וועל איך אויך ניט מוזען שטארבען פון משוגעת ? אויף דעם צווייטען טאג האב איך

ביים קעלנער אויסגעפרעגט אלע איינצעלהייטען. ער האט מיר דערצעהלט עטוואס שרעקליכעס. דעם גאנצען טאג בין איך נאכ־אנאנד ארומגעגאנגען ארום ברעג שפאציערען. איך האב ניט גע־רעדט מעהר קיין ווארט, האב נאר געטראכט. משוגעת, וואס פאר א מורא'דיגער טויט! הענרי האט מיך געפרעגט: — וואס איז מיט דיר? דו ביזט אזוי אומעדיג. איך האב געענטפערט: — גאר נישט, גאר נישט! — מיין צוטומעלטער בליק האט ארומגע־בלאנדזשעט איבער'ן ים, אויף די פויערשע הייזלעך, אויף דעם פלא־כען פעלד, ניט זעהענדיג וואס דארט טהוט זיך. פאר קיין זאך אויף דער וועלט וואלט איך ניט אויסגעזאגט, וואס מיך פלאגט. איך האב דערפיהלט א וועהטאג, אן אמת'ען וועהטאג אין נאז. איך האב זיך אומגעקעהרט אהיים.

אזוי שנעל ווי מיר זיינען געווען אין האטעל, האב איך זיך פערשלאסען אין מיין צימער, כדי צו בעטראכטען די וואונד. מען האט אבער גאר ניט געקענט זעהן, און דאך האב איך ניט געקענט צווייפלען, ווייל מיר האט וועה געטהאן. איך האב גלייך אנגע־שריבען צו מיין מוטער א קורצען בריעף, וועלכער האט איהר גע־מוזט פארקומען זעהר מאדנע. איך האב געבעטען, זי זאל מיר גלייך ענטפערען אויף גאנץ גלייכגילטיגע פראגען, און איידער איך האב געענדיגט מיין בריעף, האב איך געשריבען: „אבער פריהער פאר אלעמען לאז מיר וויסען וועגען ביזשאו'ן".

אויפ'ן צווייטען טאג האב איך גאר ניט געקענט נעהמען אין מויל, אבער איך האב ניט געוואלט הערען פון רופען א דאקטאר, און א גאנצען טאג בין איך אבגעזעסען ביים ברעג און בעטראכט די מענשען, ווי זיי באדען זיך אין וואסער. דא זיינען געווען אי דיקע, אי מאגערע, אלע אין מיאוס'ע און העסליכע קאסטיומען. אבער מיר איז ניט געווען צום לאכען. איך האב געטראכט ביי מיר: אך, ווי גליקליך זיינען דאס די אלע מענשען, וואס זיי זיינען ניט גע־ביסען געווארען פון קיין הונט. זיי וועלען בלייבען לעבען, זיי האבען ניט פאר וואס מורא צו האבען, זיי קענען זיין פרעהליך, זיך אונטערהאלטען, וויפיעל זיי ווילען אליין. זיי זיינען גאנץ רוהיג!

יעדע רגע האב איך זיך געטאפט די נאז: צו ווערט זי ניט

געשוואלען? און אזוי שנעל ווי מיר זיינען צוריק געקומען אין האטעל, האב איך זיך איינגעשלאסען, אום זיך צו בעטראכטען אין שפיגעל. אך, ווען מיין נאז וואלט אויף א האאר די פארב געביטען, וואלט איך געשטארבען גלייך אויפ'ן ארט.

אין אבענד האב איך פלוצים דערפיהלט עפעס א מין צערטליכקייט צו מיין מאן, די צערטליכקייט פון פערצווייפלונג. ער האט מיר אויסגעוויזען אזוי גוט. איך האב זיך צוגעטוליעט צו זיין ארעם. א מאל צוואנציג האב איך געוואלט פאר איהם אויפדעקען מיין שרעקליכען סוד, אבער איך האב געשוויגען.

ער האט מיאוס אויסגענוצט מיין צערטליכקייט, מיין דערשלאגענקייט... איך האב ניט געהאט קיין קראפט איהם צו ווידערשטעהן, ניט קיין קראפט און ניט קיין ווילען. אויפ'ן צווייטען טאג האב איך געקראגען א בריעף פון מיין מוטער. זי האט געענטפערט אויף מיינע פראגען, אבער האט גאר ניט געזאגט וועגען ביזשאו'ען. איך האב גלייך א טראכט געטהאן, אז ער איז טויט, נאר מען וויל עס מיר ניט זאגען. דאן האב איך געוואלט לויפען צו א טעלעגראף סטאנציאן און שיקען א טעלעגראמע. אבער מיין געדאנק האט מיך אבגעהאלטען. אויב ער איז ווירקליך טויט, וועט מען מיר סיי ווי ניט זאגען. צוויי לאנגע, שווערע טעג האב איך אבגעווארט, דאן האב איך נאך אמאל געשריבען. איך האב געבעטען, מען זאל מיר שיקען אהער דעם הונט, דען איך לאנגווייליג זיך א ביסעל, און דער הונט וועט מיך צערשטרייען.

נאך מיטאג האב איך גענומען ציטערען מיט'ן גאנצען קערפער. איך האב ניט געקענט נעהמען א גלאז אין האנד, אז איך זאל א העלפט דערביי ניט פערגיסען. איך האב זיך געפונען אין א טרויעריגען צושטאנד. ווען עס איז דונקעל געווארען, בין איך אנטלאפען פון מיין מאן און בין אוועק אין קירכע. דארט האב איך געבעטען לאנג, לאנג.

ווען איך בין צוריקגעגאנגען, האב איך אויף דאס ניי דערפיהלט שמערצען אין נאז און בין אוועק צו אן אפטהייקער, אין וועמעס געשעפט עס האט געברענט פייער. איך האב איהם דערצעהלט פון א פריינדין, וועלכע איז געביסען געווארען פון א הינטעל

און האָב איהם געפרעגט אַן עצה. ער איז געווען אַ ליעבער, פריינד־ליכער מאַן און האָט מיר גאַנץ גענוי ערקלעהרט, וואָס צו טהאָן. אָבער איך בין געווען אַזוי צוטראָגען, אַז איך האָב ניט געהערט, וואָס ער רעדט. נאָר איין זאַך האָב איך בעמערקט פון די אַלע, וואָס ער האָט רעקאָמענדירט. ער האָט געזאָגט : „פיעלע ראַטהען צו נעהמען אַן אַבפיהר־מיטעל". איך האָב געקויפט עטליכע פלאַשען, פון איך ווייס אַליין ניט וואָס, מיט דעם אויסרייד, זיי צו שיקען צו מיין פריינדין.

די הינט, וועלכע איך האָב אַנגעטראָפען, האָבען אויף מיר אָנ־געיאָגט אַ מורא, און עס האָט זיך מיר געוואָלט אַנטלויפען פון זיי אַזוי שנעל ווי די פיס וועלען מיר טראָגען. אַ פּאָאָר מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב אויך לוסט זיי צו בייסען.

די נאַכט בין איך געווען מורא׳דיג אונרוהיג. מיין מאַן האָט פון דעם אַלעמען געצויגען זיינע נוצען. אויף מאָרגען האָב איך געקראָגען אַן ענטפער פון מיין מאַמע׳ן. ביזשאו, האָט זי געשרי־בען, איז געזונד און פריש, אָבער מען קען איהם ניט שיקען גאַנץ אַליין מיט דעם אייזענבאַהן. מען האָט מיר איהם ניט געוואָלט שיקען, ער איז, אַלזאָ, זיכער טויט !

איך האָב נאָך אַלץ ניט געקענט שלאָפען. הענרי אָבער האָט געכראָפּעט ווי אַ גע׳הרג׳עטער, ער האָט זיך אַ פּאָאָר מאָל אויפגע־כאַפּט... איך בין געווען ווי בעוואוסטלאָז.

אויף דעם אַנדערען טאָג האָב איך זיך געבאָדען אין ים. ווען איך בין אין וואַסער אריין, איז מיר אַזאַ קעלט איבער אַלע גליעדער אריבער, אַז מיר איז שיער ניט גוט געוואָרען. די דאָזיגע אייזיגע קעלט האָט מיך נאָך מעהר צוטרייסעלט. עס האָט מיך געשוי־דערט אין אַלע גליעדער, די פיס האָבען זיך מיר אונטערגעהאַקט, די קניה האָבען געציטערט, אָבער די נאַז האָט מיר אין גאַנצען אויפגעהערט וועה צו טהאָן.

צופעליג האָט מען מיר פאָרגעשטעלט דעם דאָקטאָר פונ׳ם באָדע־פלאַץ, אַ רייצענדען יונגען מאַן. און מיט דער גרעסטער פאַרזיכטיגקייט האָב איך איהם געגומען אויספרעגען איבער דעם געגענשטאַנד. איך האָב איהם דערצעהלט, אַז מיין קליין הינטעל

האָט מיך מיט אַ פּאָאַר טעג צוריק געביסען, און איך האָב איהם געפרעגט, וואָס איך האָב צו טאָהן אין פאַל, אויב ביי מיר זאָל ווערען אַן ענטצינדונג. ער האָט גענומען לאַכען און געזאָגט: — פאַר אייך וועט דאָן בלייבען נאָר איין מיטעל, גנעדיגע פרוי, איהר וועט זיך מוזען בעשטעלען אַ נייע נאָז.

און אזוי ווי איך האָב ניט פערשטאַנען, וואָס ער מיינט, האָט ער צוגעלעגט: — דאָס וועט אייגענטליך זיין אייער מאַנ'ס זאַך.

ווען מיר האָבען זיך צושיידעט נאָך דעם דאָזיגען געשפּרעך, בין איך געוועזן ניט קליגער און האָב ניט געוואוסט מעהר ווי פריהער.

יענעם אבענד האָט הענרי געשיינט צו זיין זעהר גליקליך און זעהר פרעהליך. מיר זיינען שפּעטער געגאַנגען אין קאַסינאָ, אָבער ער האָט ניט געוואָרט ביז צום סוף און מיר פאָרגעשלאָגען צו געהן אַהיים. מיך האָט קיין זאַך ניט אינטערעסירט, און איך האָב איהם געפאָלגט.

איך האָב ניט געקענט מעהר אויסהאַלטען אין בעט. אלע נערוועז האָבען געצוקט און געציטערט. ער איז אויך ניט געשלאָפען, האָט מיך געקושט, געגלעט, איז געוואָרען צערטליך און ליעב, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט זיך אָנשטויסען, אַז איך לייד אזוי פיעל. איך האָב זיך איבערגעגעבען צו זיינע לאַסקעס, ניט בעגרייפענדיג, וואָס ער טהוט און ניט דענקענדיג וועגען איהם.

אָבער פּלוצים איז אין מיין צושטאַנד איינגעטראָטען אַ מוראַדיגער, אויסערגעוועהנליכער קריזיס. איך האָב ארויסגעלאָזט אַ שרעקליכען געשריי און אָבגעשטויסען פון זיך מיין מאַן, וועלכער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין מיר. איך בין ארויסגעשפּרונגען אין צימער און זיך אַ וואָרף געטהאָן מיט'ן פּנים צו דער טהיר. דאָס איז געוועזן אַן אַנפאַל פון משוגעת, פון הידראָפאָביאַ. איך בין געוועזן פערלאָרען.

הענרי האָט מיך אויפגעהויבען אַ צוטומעלטער. ער האָט געוואָלט וויסען, וואָס עס טהוט זיך מיט מיר, וואָס מיר פעהלט. אָבער איך האָב געשוויגען. איך האָב זיך איצט אין גאַנצען איבערגעגעבען מיין שיקזאַל און האָב געוואָרט אויף דעם טויט. איך האָב געוואוסט, אַז נאָך אַ פּאָאַר שטונדען רוה וועט קומען אַ צוויי-

טער אנפאל, דאן נאך איינער און נאך איינער, ביז דער לעצטער וועט מיך אין גאנצען טויטען.

איך האב זיך געלאזט צוריקברענגען אין בעט. פאר־טאג האט מיך מיין מאן בעלאגערט מיט זיינע לאסקעס און אויפגעריסען פון שלאף. דאס האט ארויסגערופען א נייעם אנפאל, וועלכער האט געדויערט לענגער ווי דער ערשטער. ער איז געווען מורא'דיג, און דאך ניט אזוי שמערצליך, ווי איך האב געדענקט.

ארום אכט אין דער פריה בין איך איינגעשלאפען צום ערשטען מאל זייט פיער נעכט. א זייגער עלף האט מיך א געליעבטע שטימע אויפגעוועקט. דאס איז געווען די מאמע, וועמען מיינע בריעף האבען אנגעשראקען און וועלכע איז געקומען זעהן, וואס איך מאך. אין האנד האט זי געהאלטען א גרויסע קארב, פון וועלכען עס האט זיך געהערט א ביללען. איך האב איהם א כאפ געטהאן האלב ווילד פון פערצווייפלונג, איהם געעפענט, און ביזשאו איז ארויפ־געשפרונגען אויפ'ן בעט, האט מיך געקושט, געלעקט און געשפרונ־גען אויפ'ן קישען פאר גרויס פרייד.

אלזא, מיין ליעבע, גלויב מיר, אויב דו ווילסט, אבער ערשט אויפ'ן צווייטען טאג האב איך פערשטאנען, וואס מיט מיר איז געווען.

אה, די איינבילדונג! וואס דאס קען מאכען פון א מענ־שען! איז דאס ניט נאריש?

איך האב קיין מאל קיינעם קיין ווארט ניט דערצעהלט, דאס וועסטו דאך פערשטעהן, פון די קוועללען, וועלכע איך בין אויס־געשטאנען אין די פיער טעג. שטעל זיך פאר, ווען מיין מאן וואלט זיך דאס דערוואוסט! ער לאכט מיך שוין אזוי אויך גענוג אויס צוליעב מיין אויפפיהרונג אין צימער. איבעריגענס, ערגער איך זיך איצט שוין ניט אזוי שטארק איבער זיין חוזק מאכען, איך האב זיך דערצו צוגעוועהנט. מען געוועהנט זיך צו אלעם צו אויף דער וועלט.

# א לײדענשאפט.



ער ים איז געלעגען א בליסטשענדער, א רוהיגער און האט זיך קוים באוועגט, און אויפ׳ן ברעג האט די גאנצע שטאדט האוור נאכגעקוקט ווי די שיפען קורמען אריין.

זיי האבען זיך געזעהען פון גאנץ ווייט אוועק, אין א גרויסער צאהל, מאנכע פון זיי גרויסע שיפען מיט וואלקענס רויך איבער זיי; אנדערע קלענערע שיפלאך פון כמעט אונזיכטבארע שלעפערס געצויגען, מיט זייערע מאסטען הויך צום הימעל אויפגעהויבען, ווי הויכע בוימער אהן בלעטער.

זיי האבען זיך געיאגט פון יעדען ווינקעל פון האריזאנט אנטקעגען דער שמאלער מויל פונ׳ם האפען, וועלכער האט זיי אלעמען פארשלונגען, און זיי האבען געקרעכצט, געפייפט, געהוזשעט און ארויסגעלאזען גאנצע שטראהמען פארע ווי חיות, וועלכע מאטערן זיך דעם אטהעם אבצוכאפען.

צוויי יונגע אפיציערען האבען געשפאצירט אויפ׳ן ברעג וואו אן עולם מענשען האט זיך געפונען. זיי האבען אפט געגריסט בעקאנטע פארבייגעהער, אדער געענטפערט אויף גרוסען און מאנכעס מאל זיך אבגעשטעלט צו פלוידערן א ווײלע.

פלוצים האט איינער פון זיי, דער העכערע, פאול ד׳הענריקאל א דריק געטהאן זיין קאמעראד זשאן רענאלד, פאר׳ן ארעם און ארויסגעשעפצעט:

— אט קומט מאדאם פאינקאט; קוק זי גוט אן. איך פערזיכער דיר, אז זי מאכט צו דיר אויגלאך.

זי האט געשפאצירט געארעמט מיט איהר מאן. זי איז געווען א פרוי פון א יאהר פיערציג. נאך זעהר שען, עטוואס צו דיק אבער גראציעז מיט א שלאנקער פיגור און פריש ווי זי איז געווען צו צוואנציג יאהר. צווישען איהרע פריינד האט מען זי גערופען די

געטין, צוליעב איהר שטאַלצער האַלטונג, איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען און דער נאָבעלקייט מיט וועלכער עס איז געווען דורכגע־דרונגען איהר גאַנצער פּערזאָן. מען האָט איהר קיין זאַך ניט גע־קענט פּאָרוואַרפען, קיינמאָל איז ניט געפאַלען דער מינדסטער פער־דאַכט אויף איהר רײנעם לעבען. מען האָט זי געהאַלטען פאַר א טיפּ פון א טוגענדהאַפטער, עהרליכער פרוי.. אזוי עהרליך, אז קיין מאַן האָט קיין מאָל ניט געוואַגט צו טראַכטען פון איהר.

און דאָך האָט דעם לעצטען מאַנאַט פּאָול ד'העגריקאָל נאָכאַ־נאַנד פערזיכערט זיין פריינד, אז מאַדאַם פּאַינקאַט איז פאַרליעבט אין איהם און ער האָט בעהויפּטעט, אז אין דעם איז גאָר קיין צווייפעל נישטאָ.

— זיי גאַנץ רוהיג, איך נאַר זיך ניט אָב. איך זעה עס גאַנץ קלאָהר. זי ליעבט דיך... ליעבט דיך לײדענשאַפטליך, ווי א רײנע פרוי וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געליעבט. פיערציג יאָהר איז א שרעקליכער עלטער פאַר טוגענהאַפטע פרויען, ווען זיי האָבען אביסעל געפיהל. זיי ווערען נאַריש און טהוען אָב די גרעסטע דומהייטען. זי איז געטראָפען, מיין ליעבער פריינד; זי פאַלעט ווי א פערוואונדעטע פויגעלע און איז בערייט צו פאַלען אין דיינע אָרעמס, איך זאָג דיר... קוק זיך בלויז צו צו איהר.

די הויכע פרוי, מיט איהרע צוויי טעכטער, איינע צוועלף די אַנדערע פופצעהן יאָהר אַלט, אין פאַראויס, איז פּלוצים בלאַס גע־וואָרען, ווען איהר בליק איז געפאַלען אויף דעם אָפיציער'ס פּנים. איהרע אויגען האָבען זיך אויף איהם אָבגעשטעלט מיט א הייכען בליק און אין דעם מאָמענט האָט זי געשיינט צו פאַרגעסען אַז איהר מאַן, איהרע קינדער און אַז אַלעמען ארום זיך. זי האָט געענטפערט אויף דעם גרוס פון די צוויי יונגע לייט ניט אַרונטערנעהמענדיג די אויגען פונ'ם ערשטען און דער פייער וואָס האָט אין זיי געברענט האָט צום סוף אַרויסגערופען א צווייפעל אין די געדאַנקען פון דעם ליטענאַנט רענאָלדי.

זיין פריינד האָט געזאָגט מיט דעם פריהערדיגען שעפּצענדיגען קול :

— איך בין געווען זיכער אין דעם. פאסטו עס דאס מאל אליין ניט באמערקט? ביי גאט, זי איז א שענע פרוי!

* * *

אבער זשאן רענאלדי, האט ניט געהאט קיין חשק צו פארבינדען א אינטריגע מיט א פרוי פון דער געזעלשאפט. ער האט ווייניג געהאלטען פון ליעבע, האט געשטעלט איבער אלעם א רוהיגען בעקוועמען לעבען און האט זיך בענוגענט מיט צופעליגער ליעבע פון דעם סארט, וואס א יונגער מאן קען קריגען צו יעדער צייט. אלע איבעריגע סענטימענטאליטעטען, די אויפמערקזאמקייט און די צערטליכקייט וואס א גוט-ערצויגענע פרוי ערווארט פון א מאן, איז איהם געווען איבערדריסיג. אויסער דעם האט ער מורא געהאט זיך צו פארבינדען, דען ווי שוואך עס זאל ניט זיין די קייט, וואס פארבינדט די געליעבטע פון אזא מין סארט ראמאן, איז עס דאך אימער א קייט פון וועלכער ער האט זיך געהיט ווי פון פייער. ער האט געזאגט צו זיך אליין: „צום סוף פון א מאנאט וועט זי מיר דערעסען און איך וועל זיין געצוואונגען אבצוואווארטען געדולדיג זעקס מאנאטען נאכאנאנד פון העפליכקייט וועגען".

דערצו האט ער זיך פארגעשטעלט, ווי ער געהט זיך מיט איהר פאנאנדער, די סצענעס, די צוגעבונדענקייט, די פערצווייפלונג פון דער פערלאזענער פרוי און ער האט געפיהלט, אז דאס וועט איהם זיין אונערטרעגליך.

און ער האט זיך בעשלאסען אויסצומיידען מאדאם פאינקאט.

אבער אין א געוויסען אבענד האט ער זיך געפונען זיצענדיג נעבען איהר צו א דינער, און ער האט געפיהלט אויף זיין הויט, אין זיינע אויגען און אפילו אין זיין הארצען דעם ברענענדען קוק פון זיין שעהנער שכנה. זייערע הענד האבען זיך געטראפען און כמעט געגען זייער ווילען זיך ווארעם געדריקט. און די אינטריגע האט זיך אנגעהויבען וועבען.

ער האט זי נאך אמאל געטראפען און ווידער געגען זיין אייגענעם ווילען. ער האט איינגעזעהן, אז זי ליעבט איהם. עס האט איהם געשמייכעלט און אויך טהיילווייז געריהרט צו זעהן, וואס פאר א מורא'דיגע ליידענשאפט עס ברויזט פאר איהם אין דער

פרוי׳ס ברוסט. און ער האט זיך ערלויבט פון איהר פארגעטערט צו װערען און איז אליין געװען צו איהר גאלאנט, האפענדיג, אז װײ־טער װעט עס ניט אװעקגעהען.

אבער איין טאג האט זי באשטעלט מיט איהם א צוזאמענ־קונפט מיט דעם צװעק איהם צו זעהן און זיך מיט איהם פריי־דורכצורעדען. זי איז געפאלען א גע׳חלש׳טע אין זיינע ארעמס און ער האט ניט געהאט קיין אנדער אויסװעג װי צו װערען איהר געליעבטער.

דאס האט אנגעהאלטען זעקס מאנאטען. זי האט איהם גע־ליעבט מיט אן אונאײנגעהאלטענער, הייסער ליעבע. אין גאנצען אריינגעטהאן אין דער דאזיגער משוגענער ליידענשאפט, האט זי מעהר װעגען קיין שום זאך ניט געטראכט. אויף דעם מזבח פון איהר ליעבע האט זי אויפגעאפפערט אלעס; איהר קערפער, איהר נשמה, איהר גוטען נאמען, איהר שטעלונג אין דער געזעלשאפט, איהר גליק... זי האט עס אלעס אריינגעװארפען אין דעם פייער פון איהר הארצען, װי איינער װארפט אריין זיינע שענסטע ציערונג אינ׳ם פייער װאו מען פארברענט א טויטען.

זי איז איהם שוין א צייט לאנג איבערדריסיג געװארען און ער האט שטארק בעדויערט. װאס ער האט זיך אזוי לייכט געלאזט בעזיעגען; אבער ער איז געװען פארבונ־ען, זי האט איהם געהאלטען געפאנגען. יעדען מאמענט האט זי צו איהם געזאגט: „איך האב דיר אבגעגעבען אלעס. װאס נאך קענסטו פערלאנגען?„ א! איהם האט זיך זעהר געװאלט איהר ענטפערן:

„אבער איך האב פון דיר גאר נישט פערלאנגט און איך בעט דיך, נעהם צוריק אלעס װאס דו האסט מיר געגעבען“.

זיך ניט קימערענדיג צו מען זעהט זי, צו זי װערט קאמפרא־מעטירט, רואינירט, איז זי געקומען צו איהם יעדען אבענד און װאס מעהר זיי האבען זיך געטראפען, אלץ שטארקער, אלץ הייסער האט איהר ליידענשאפט געברענט. זי האט זיך אריינגעװארפען אין זיינע ארעמס, איהם דערשטיקען מיט איהר ברענענדיגער אומ־

אַרמונג און גענומען האַלזען אויף איהם מיט קושען, װעלכע האָבען איהם איצט שרעקליך געלאַנגװײלינט.

ער האָט געזאָגט מיט אַ שװאַך קול: „איך בעט דיך! קום צו זיך!“

זי האָט געענטפערט:

— איך ליעב דיך — און זיך אַראָבגעלאָזען אויף איהרע קניע האָט זי לאַנג, לאַנג געקוקט אויף איהם מיט אויגען פול פאַרגעטע־רונג. צום סוף איז ער געװאָרען פערצװײפעלט פון איהר שטענדיגען אַנקוקען איהם און ער האָט פּרובירט איהר אויפצוהױבען.

— זעץ זיך אַװעק. לאָמיר זיך דורכרעדען. — האָט ער זיך בײ איהר געבעטען.

זי האָט געמורמעלט:

— נײן, לאָז מיך — און איז געבליבען אויף די קניע אין עפּעס אַ מאָדנעם עקסטאַז.

ער האָט געזאָגט צו זײן פרײנד ד'הענריקאַל:

— דו װײסט עס װעט האָבען אַ שלעכטען סוף, עס װעט קו־מען דערצו, אַז איך װעל זי שלאָגען. איך װיל מעהר ניט האָבען פון דער געשיכטע! עס מוז נעהמען אַ סוף און דאָס גלײך, איך װיל עס מעהר ניט אָבלײגען! װאָס װאָלסטו מיר געראָטען צו טהאָן?

יענער האָט געענטפערט:

— ברעך אָב דײן בעקאַנטשאַפט מיט איהר.

רענאַלדי האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען:

— עס איז דיר גרינג צו רעדען; דו מײנסט אַז עס איז אַזױ לײכט איבערצורײסען מיט אַ פרוי, װעלכע קװעלט דיך מיט איהר אויפמערקזאַמקײט, װעלכע דערעסט דיר מיט איהר גוטסקײט, װעל־כע פערפאָלגט דיך מיט איהר ליעבע, װעמעס אײנציגער געדאַנק איז דיך צופריעדענצושטעלען און װעמעס אײנציגער פעהלער איז דאָס װאָס זי האָט זיך איבערגעגעבען צו דיר געגען דײן אײגענעם װילען.

אָבער פּלוצים איז אײן מאָל אַ אין דערפריה אַנגעקומען די נײעס, אַז דער רעגימענט װעט אָבגערופען װערען פון דעם גאַר־ניזאָן. רענאַלדי האָט גענומען טאַנצען פאַר פרײד. ער איז גע־

ווען גערעטעט! גערעטעט אהן סצענעס, אהן געוויין! גערעטעט! אלעס וואס ער האט איצט געהאט צו טהאן, איז געווען גערולדיג אב צואווארטען צוויי מאנאטען. דאן איז ער גערעטעט!

אין אבענד איז זי צו איהם געקומען מעהר אויפגערעגט ווי ווען עס איז פריהער. זי האט געהערט די שרעקליכע נייעס און נים אראבגעהמענדיג איהר הוט, האט זי געכאפט זיינע ביידע הענד, זיי נערוועז געדריקט און איינעסענדיג זיך מיט איהרע אויגען אין זיינע האט זי געזאגט מיט א ציטערענדען און דאך בעשטימטען קול:

— דו מוזט אוועק — האט זי געזאגט — איך וויים. אין אנ־הויב האב איך געפיהלט, אז מיין הארץ ווערט מיר צוריסען; דאן האב איך פערשטאנען וואס איך האב צו טהאן. און איך צעגער קיין איין מינוט נים עס צו טהאן. איך בין געקומען דיר צו געבען דעם גרעסטען בעוויז, וואס א פרוי קען געבען פון איהר ליעבע. איך וועל געהען נאך דיר. פאר דיר וועל איך פארלאזען מיין מאן, מיינע קינדער, מיין פאמיליע. איך רואינירע זיך אליין, אבער איך בין גליקליך. עס דאכט זיך מיר, אז איך גיב זיך איצט איבער צו דיר גאר פון דאס ניי. דאס איז דער לעצטער און דער גרעסטער אפפער. פון איצט אן בין איך דיינע אויף עביג!

ער האט דערפיהלט א קאלטען שוויים אויף זיין רוקען און א ווילדער כעס איז אויף איהם אנגעפאלען, דער כעס פון שוואכקייט. דאך האט ער זיך בערוהיגט און אין א פריינדליכען טאן, אין וועל־כען עס האט געקלונגען געמאכטע גוטסקייט, האט ער זיך ענטזאגט אנצונעהמען איהר אפפער, ער האט זיך געסטארעט זי צו בערו־היגען, זי ברייננגען צו זיך, איהר געבען צו פארשטעהען איהר נארישקייט. זי האט איהם אויסגעהערט קוקענדיג אויף איהם מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען און מיט א פערדעכט־ליכען שמייכעל אויף איהרע ליפען, נים ענטפערענדיג קיין איין ווארט. ער האט ווייטער גערעדט צו איהר און ווען ער האט צום סוף אויפגעהערט, האט זי זיך בלויז אבגערופען:

— איז עס מעגליך אז דו ביזט א פייגלינג? אז דו ביזט איינער פון יענע מענער, וועלכע פארפיהרען א פרוי און ווארפען איהר דערנאך אוועק צוליעב א קאפריז?

ער איז געװאָרען בלאַס און האָט װידער גענומען מיט איהר אײנטענה'ן; ער האָט איהר אָנגעװיזען אויף די אונפערמײדליכע פאָלגען פון אַזאַ האַנדלונג פאַר זײ בײדען אויף זײער גאַנץ לעבען... װי זײערע לעבענס װעלען װערען צובראָכען און װי די װעלט װעט צומאַכען פאַר זײ די טירען. זי האָט געענטפערט אײנגעשפּאַרט:

— װאָס מאַכט עס אויס אַזױ לאַנג װי מיר ליעבען אײנער דעם צװײטען?

דאַן האָט פּלוצים אויסגעבראָכען זײן לאַנג אײנגעהאַלטענער צאָרן און ער האָט אויסגעפּלאַצט:

— אָבער איך װיל נישט. דו פאַרשטעהסט? איך װעל עס ניט טהאָן און איך פאַרבאָט דיר עס צו טהאָן. — און הינגעריסען פון'ם כעס, װעלכען ער האָט אַזױ לאַנג געשטיקט אין זיך, האָט ער איצט גערעדט אַלעס װאָס איז איהם אויפ'ן האַרצען געלעגען:

— אַך, צום טײפעל! דו האָסט זיך אָנגעהאַנגען אויף מיר געגען מײן װילען און שױן אַ צײט לאַנג װי דו הענגסט אויף מיר װי אַ שטריק אויפ'ן האַלז, דאָס בעסטע װאָס דו קענסט איצט טהאָן, איז זיך פון מיר אָבצושעפּען. איך װעל דיר זעהר דאַנקבאַר זײן, װען דו װעסט עס טהאָן, איך גיב דיר מײן עהרען װאָרט!

זי האָט ניט געענטפערט, אָבער איהר גאַנצער פּנים האָט זיך אַזױ צוקרימט, װי אַלע איהרע נערװען, אַלע איהרע מוסקולען װאָל־טען זיך אין איהר אויסגעדרעהט. און זי איז אװעק ניט זאָגענדיג אַדיע.

די זעלביגע נאַכט האָט זי זיך פאַר'סמ'ט.

אַ װאָך צײט האָט מען זי געהאַלטען פאַר פערלאָרען און אין שטאָדט האָבען מענשען גענומען רעדען װעגען איהר ראָמאַן און האָבען מיטלײד געהאַט. זײ האָבען איהר פאַרגעבען איהרע זינד צוליעב איהר שטאַרקער לײדענשאַפט, װעלכע האָט צו זײ אַפּעלירט. אַ פרױ װעלכע טױטעט זיך, הערט אויף אין די אויגען פון'ם עולם צו זײן אַ בעטרינגעריןת זי װערט אַ העלדין. און עס האָט לאַנג ניט גענומען װי עס האָט זיך אױפגעהױבען אַן אַלגעמײנער געפיהל פון ענטריסטונג געגען דעם לײטענאַנט רײנאַלדי פאַרװאָס ער האָט זיך

ענטזאגט איהר צו זעהן... אלע אהן אויסנאהמע זיינע געווען געגען איהם און האבען איהם בעשולדיגט.

מען האט אפען גערעדט, אז ער האט זי פארלאזען, זי בע־טראגען, שלעכט בעהאנדעלט. דער קאלאנעל פול מיט מיטלייד צו דער ארימער פרוי האט געהאלטען פאר'ן לייטענאנט א העפליכע אבער זעהר שארפע רעדע. פאול ד'הענריקאל איז געקומען צו זיין פריינד און איהם גענומען מאכען פארווירפע:

— צום טייפעל, רענאלדי, עס איז עס א שאנדע צו לאזען א פרוי שטארבען; עס איז ניט רעכט און אזוי האנדעלט ניט קיין עהרען מאן.

דער צווייטער איז געווארען צוקאכט און האט איהם געהייסען האלטען דעם צונג, יענער האט ניט געפאלגט און דער סוף איז גע־ווען, אז זיי האבען זיך געשלאגען אויף א דועל. רענאלדי איז גע־ווארען פערוואונדעט צו אלעמענס בעפריעדיגונג און א געוויסע צייט האט ער געמוזט ליגען צו בעט.

זי האט געהערט וועגען דעם און איהם פאר דעם נאך מעהר געליעבט, ווייל זי האט געגלויבט, אז ער האט זיך געשלאגען צו־ליעב איהר; אבער זי איז געווען צו שוואך, האט זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט און איז ניט אומשטאנד געווען איהם צו זעהן איידער זיין רעגימענט האט די שטאדט פארלאזען.

ער איז שוין געווען דריי מאנאטען אין ליללע, ווען איין מאל אין דערפריה איז איהם געקומען בעזוכען די שוועסטער פון זיין אמאליגער געליעבטער.

נאך לאנגע יסורים און א געפיהל פון דערשלאגענקייט, וועלכען זי האט ניט געקענט בייקומען, איז מאדאם פאינקאם'ס לעבען פון אלעמען אויפגעגעבען געווארען, און זי האט בלויז פערלאנגט צו זעהן איהם אויף איין מינוט, בלויז אויף איין מינוט, איידער זי וועט צומאכען איהרע אויגען אויף אייביג.

די צייט און דאס וואס ער האט איהר א צייט לאנג ניט גע־זעהן האבען בערוהיגט דעם יונגען מאנ'ס האס און צארן; איהר לעצטער פערלאנג האט אויף איהם געמאכט א טיעפען איינדרוק

און איהם געריהרט ביז צו טרערען, ער האט זיך גלײך אויפ'ן שטעל אויפגעהויבען און איז אװעק קײן האװר.

זי האט געשײנט צו זײן אין איהר לעצטער גסיסה. מען האט זײ בײדען איבערגעלאזען אלײן. און בײם אנבליק פון דער דאזי־גער פרוי, װעלכע איז געלעגען אויף איהר טויטען בעט און אין װעמענס טויט ער האט זיך אלײן בעשולדיגט, הגם עס איז געקומען ניט פון זײן האנד, האט ער דערפיהלט אן אויפריכטיגען און טיעפען מיטלײד צו איהר. ער האט אויסגעבראכען אין א געװײן, האט זי ארומגענומען און בעשאטען מיט צערטליכע און הײסע קושען פול ליעבע און מיטגעפיהל. קײן מאל אין דער פערגאנגענהײט איז ער ניט געװען אזוי גוט, אזוי ליעב צו איהר װי אין דיעזען מאָ־מענט. ער האט געמורמעלט מיט א פארשטיקטען קול:

— נײן, נײן, דו זאלסט ניט שטארבען! דו מוזט געזונד װערען! מיר װעלען ליעבען אײנער דעם צװײטען אײביג...

זי האט געזאגט מיט א שװאך קול:

— דאן איז עס אמת. דו ליעבסט מיך נאך אלץ.

און ער, אין זײן מיטלײד צו דער אונגליקליכער, לײדענדער פרוי, האט געשװארען, האט צוגעזאגט צו װארטען ביז זי װעט געזונד װערען, און פול מיט רחמנות האט ער װידער און אבער געקושט די אויסגעצעהרטע הענד פון דער גוסס'ער פרוי, װעמעס הארץ האט פיעבעריש געקלאפט.

אויף דעם צװײטען טאג האט ער זיך צוריקגעקעהרט צו זײן רעגימענט.

אין זעקס װאכען ארום איז זי צו איהם געקומען, אן אלטע, א שװאכע, ניט צודערקענען אבער נאך מעהר פארליעבט װי װען עס איז.

ער איז געװארען אזוי צומומעלט, אזוי צומישט, אז ער האט ניט געװאוסט װאו ער איז אויף דער װעלט און אין דער דאזי־גער צומומעלטקײט האט ער אײנגעװיליגט צו לעבען מיט איהר. דאן װען זײ זײנען געבליבען װאהנען צוזאמען װי מאן און װײב, האט דערזעלבער קאלאנעל, װעלכער האט איהם פריהער געמא־דעלט, פארװאס ער האט איהר פארלאזען, איצט געװען געגען זײער

אונמאראלישער פארבינדונג, ווייל דאס גיט א שלעכטען ביישפיעל פאר די איבעריגע אפיצערען אין רעגימענט. ער האט געווארענט דעם לייטענאנט, און דאן איהם פארקלאגט פאר מיאוסער אויפ־פיהרונג. צום סוף איז רענאלדי געווען געצוואונגען צו פערלאזען די ארמעע.

ער איז אוועק וואהנען מיט איהר אין א שטעדטעל אויף די ברעג־געס פון די מעדיטערענעען, דעם קלאסישען ים פון די פערליעבטע פאארלאך.

דריי יאהר זיינען אוועק. רענאלדי האט געטראגען אויף זיך דעם יאך, איז געווען בעזיעגט און האט זיך צוגעוואהנט צו דער פרוי'ס שטענדיגער צוגעבונדקייט. זיינע האר זיינען איצט גע־ווען ווייס.

ער האט געקוקט אויף זיך ווי אויף א פערלארענעם מענשען, א פערלארענעם אויף אויביג. ער האט ניט געהאט קיין שום האפנונג, קיין שום אמביציע, דאס לעבען האט איהם ניט געגעבען קיין שום בעפריעדיגונג און פון דער צוקונפט האט ער אויך גארנישט ער־ווארט.

אבער איין מאל א פריהמארגען האט מען איהם דערלאנגט א קארטעל מיט דעם נאמען — „יאזעף פאינקאט, שיפען בעזיצער, האוור".

איהר מאן! איהר מאן, וועלכער האט ביז אהער גארנישט גע־זאגט, גארנישט געטהאן, פארשטעהענדיג אז עס איז אומזיסט צו קעמפפען אנטקעגען דער פערצווייפעלטער איינגעשפארטקייט פון פרויען. וואס האט ער איצט געוואלט?

ער האט געווארט אין גארטען און זיך ענטזאגט אריינצוגעהן אין הויז. ער האט זיך העפליך פארנייגט, האט אבער ניט געוואלט זיך צוזעצען אפילו אויף א באנק, וואס איז געשטאנען אויף דעם זאמדיגען וועג און האט גענומען רעדען געלאסען און קלאהר:

— מיין הערר, איך בין ניט געקומען אהער אייך צו מאכען פארווירפע. איך ווייס צו גוט ווי אזוי די געשיכטע האט פאסירט. איך... מיר... זיינען געווען די אפפער פון... עפעס א מין שיקזאל. איך וואלט אייך קיין מאל ניט בעאונרוהיגט, ווען די אומשטענ־

דען וואלטען זיך ניט געווען געענדערט. איך האב צוויי טעכטער, מיין הערר, איינע פון זיי, די עלטערע ליעבט א יונגען מאן און איז געליעבט פון איהם. אבער די פאמיליע פון דעם דאזיגען יונגען מאן איז געגען דעם שידוך, צוליעב דער שטעלונג אין וועלכער עס געפינט זיך מיין... טאכטער'ס מוטער. אין מיין הארצען טראג איך נישט קיין געפיהל פון האס אדער פון צו להכעיס, אבער איך האב ליעב מיינע קינדער, מיין הערר. און דעריבער בין איך געקומען בעטען מיין פרוי, זי זאל זיך אומקעהרען צוריק אהיים. איך האף, אז היינט וועט זי איינוויליגען צו געהן צוריק אין מיין הויז... אין איהר אייגען הויז. איך וועל זיך בעמיהען צו מאכען אן אנשטעל, אז איך האב אלעס פארגעסען... פון מיינע טעכטערס וועגען.

רענאלדא האט דערפיהלט ווי דאס הארץ האט ביי איהם גענומען טאנצען פאר שמחה. זיין גליק איז געווען אזוי גרויס ווי ביי א פערורטהיילטען מענשען, ווען מען עפענט פאר איהם פלוצים די טהויערען פון זיין תפיסה.

ער האט געשטאמעלט:

יא, געוויס... אודאי, מיין הערר... איך אליין... איך פארזיכער אייך. איך וועל עס איהר ערקלעהרען. אהן צווייפעל... עס איז זעהר רעכט... זעהר...

דאס מאל האט שוין הערר פאינקאט זיך מעהר ניט ענטזאגט צו צוזעצען.

רענאלדי איז דאן ארויפגעלאפען אויף די טרעפ, און זיך אבגעשטעלט אויף א ווײלע ביי זיין געליעבטערס טיר, אום צוזאמענצונעהמען זיינע געדאנקען, איז ער אריין צו איהר מיט אן ערנסטע מינע.

— אונטען ווארט אויף דיר אימעצער, — האט ער געזאגט — ער וויל דיך זעהן, אום דיר צו זאגען עטוואס וועגען דיינע טעכטער.

זי איז אויפגעשטאנען:

— מיינע טעכטער? וואס איז מיט זיי? זיי זיינען דאך ניט געשטארבען?

ער האט געענטפערט:

— ניין; אבער עס איז ענטשטאנען אן ערנסטע פראגע, וועל־כע נור דו אליין קענסט פארענטפערען.

זי האט מעהר ניט געוואלט הערען און איז שנעל ארונטער גע־לאפען פון די טרעפ.

דאן איז ער געפאלען אויף א שטוהל שטארק אויפגערעגט און גענומען ווארטען.

ער האט געווארט א לאנגע, לאנגע צייט. דאן האט ער אונטער די טרעפ דערהערט אויפגערעגטע, בייזע שטימען און ער האט זיך בעשלאסען ארונטערצוגעהן.

מאדאם פאינקאט איז געשטאנען אן אויפגערעגטע און האט געוואלט אוועקגעהן, בעת איהר מאן האט זי אנגעכאפט פאר'ן קלייד און גע'טענה'ט צו איהר: — אבער געדענק, אז דו רואינירסט אונזערע טעכטער, דיינע טעכטער, אונזערע קינדער!

זי האט געענטפערט איינגעשפארט:

— איך וועל ניט געהן צוריק צו דיר!

רענאלדי האט אלעס פערשטאנען, אויפגערעגט און צושרא־קען איז ער צוגעגאנגען צו זיי און ארויסגעשטאמעלט:

— וואס, זי ענטזאגט זיך צו געהן?

זי האט זיך א קעהר געטהאן צו איהם מיט עפעס א מאדנעם צורייצטען פנים און געזאגט שטארק בעליידיגט:

— דו ווייסט, וואס ער פערלאנגט פון מיר? ער וויל איך זאל געהן צוריק אהיים, און זאל לעבען מיט איהם אונטער איין דאך!

און זי האט אנגעוויזען מיט פעראכטונג אויף דעם מאן, וועל־כער האט זיך כמעט אויף די קניע געבעטען ביי איהר.

דאן האט רענאלדי, מיט דער ענטשלאסענהייט פון א פערצוויי־פעלטען מענשען, וועלכער שפיעלט זיין לעצטע קארט, גענומען רע־דען צו איהר, ער האט אפעלירט צו איהר אין'ם נאמען פון די ארי־מע מיידלאך, פון איהר מאן און אין זיין אייגענעם נאמען. און ווען ער איז אויף א ווײלע אנשוויגען געווארען, זוכענדיג פרישע אר־גומענטען, מיט וועלכע איהר איבערצורעדען, האט הערר פאינקאט, אויף דער העכסטער שטופע פון פערצווייפלונג זיך געווענדט צו

איהר מיט א טאָן פול ליעבע ווי ער פלעגט רעדען צו איהר אין אמאָליגע צייטען:

— בארעכען זיך, דעלפינע! טהו א טראכט וועגען דיינע מעכטער!

דאן האט זי געוואָרפען אויף זייביידען א בליק פול מיט פער־אכטונג און א שטאָלצע מיט א מאיעסטעטיש אויפגעהויבענעם קאָפּ גענומען געהן צו די טרעפּ.

— איהר זייט ביידע שופטען! — האט זי ארויסגערעדט און איז ארויפגעלאָפען אויף די טרעפּ.

געבליבען אליין האבען ביידע מענער א קוק געטהאָן איינער אויף'ן אנדערען, ביידע צושמעטערטע, ביידע גלייך דערשטיקטע. הערר פאינקאט האט אויפגעהויבען זיין הוט, וועלכע איז אריבער־געפאַלען נעבען דעם פּלאַץ וואו ער איז געזעסען, האט אבגעשטויבט די קניע וואו עס זיינען פארבליבען סמנים פון זיין קניען אויף דער ערד, דאן א מאך טהוענדיג טרויעריג מיט ביידע הענד, האט ער זיך אבגערופען צו רענאַלדי'ן וועלכער האט איהם בעגלייט צו דער טהיר:

— מיר האבען ביידע קיין מזל ניט, מיין הערר.

און זיך שטיל פארנייגט איז ער אוועק פון דעם הויז מיט שווע־רע טרים.



# דער פּאַטער מערדער.



ער אדוואקאט האט גע'טענה'ט, אז דאס איז משוגעת. ווי אנדערש קען מען זיך ערקלעהרען דעם דאזיגען מערקווירדיגען פערברעכען ?

איין מאל א פריהמארגען האט מען אין שאטאו געפונען צוויי געבונדענע טויטע קערפּערס, א מאן און א פרוי. זיי זיינען געוועזן בעוואוסטע מענשען פון דער הויכער געזעלשאפט, רייך, ניט גאר יונג, אבער ערשט א יאהר פערהייראטה. די פרוי איז פריהער דריי יאהר געוועזן אן אלמנה.

זיי האבען ניט געהאט קיין איין שונא, אויף וועלכען עס זאל קענען פאלען א פערדאכט. קיין מארד צוליעב רויב איז עס, ווי עס האט געשיינט, אויך ניט געוועזן. עס האט אויסגעזעהן, ווי מען וואלט זיי פון ברעג אין וואסער אריינגעווארפען נאך דעם ווי מען האט זיי מיט א שווערען אייזען דער'הרג'עט.

די אונטערזוכונג האט גאר ניט אויסגעפונען ; די שיפער האבען פון קיין זאך ניט געוואוסט, און די גאנצע זאך וואלט געבלי־בען ניט אויסגעפארשט, ווען ניט א סטאליאר פון א דערבייאיגען דארף מיט'ן נאמען געארג לואיס און דעם צונאמעניש „דער ביר־נער“, וועלכער האט זיך אליין איבערגעגעבען אין די הענט פון דער פאליציי.

אויף אלע פראגען האט ער נאר געענטפערט :

— דעם מאן האב איך געקענט זייט צוויי יאהר, די פרוי זייט א האלב יאהר. זיי זיינען אפט צו מיר געקומען פערריכטען אלטע מעבעל, ווייל איך טויג זיך צו דעם זעהר גוט.

און ווען מען האט איהם געפרעגט :

— פאר וואס האט איהר זיי ערמארדעט ? — האט ער גע־ענטפערט איינגעשפארט :

— איך האָב זיי געטויטעט, ווייל איך האָב זיי געוואָלט טויטען.

מעהר האָט מען פון איהם ניט געקענט אַרויסקריגען.

דער יונגערמאַן איז וואַהרשיינליך געווען אַן אונגעזעצליכער זוהן, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען אין דאָרף ביי אַ פויערטע און איז דאָרט פערנאַכלעסיגט געוואָרען. ער האָט געהייסען נאָר געאָרג לואיס, קיין פאַמיליע־נאָמען האָט ער ניט געהאַט, אָבער ווען ער איז גרעסער געוואָרען, האָט ער אַרויסגעוויזען מערקווירדיגע פעהיגקייטען, אַ פיינעם געשמאַק, אַ פערשטענדניס פאַר אַלעם פיינעם און איידעלעס, וואָס איז זיינע קאַמעראַדען געווען אין גאַנצען פרעמד און זיי האָבען איהם דערפאַר אַ נאָמען געגעבען „דער בורזשוא“. איהם אַנדערש ניט גערופען, און אַזוי איז עס פערבליבען.

ער איז געוואָרען אַ סטאָליאַר און געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ זעהר געשיקטען אַרבייטער: ער האָט זאַגאַר געשניצט אין האָלץ.

מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל משוגע׳נעם, פאַר אַן אַנהענגער פון קאָמוניסטישע, זאָגאָר ניהיליסטישע אידעען. ער האָט געלעזען אַ סך ביליגע ראָמאַנען, און אויף די פאָלקס־פערזאַמלונגען צווישען בויערען און אַרבייטער, איז ער געווען אַ פעהיגער רעדנער מיט אַ גרויסען איינפלוס.

* * *

דער אַדוואָקאַט האָט איהם פערטהיידיגט אויפ׳ן גרונד פון משוגעת.

ווי אַנדערש קען מען אויסטייטשען דעם פאַקט, וואָס דער דאָזיגער אַרבייטער האָט ערמאָרדעט זיינע בעסטע קונדען, רייכע, גוט צאָהלענדע, וועלכע האָבען איהם אין צוויי יאָהר געגעבען צו פערדיענען דריי טויזענד פראַנק. (זיינע ביכער האָבען עס אָנגעוויזען).

עס איז נאָר געווען איין איינציגע ערקלעהרונג: משוגעת, די פיקס־אידעע פון אַ קראַנקען, וועלכער נעהמט נקמה פונ׳ם גאַנצען רייכען קלאַס דערמיט, וואָס ער דער׳הרג׳עט צוויי פון זיי.

און דער אַדוואָקאַט האָט גאַנץ געשיקט אויסגענוצט דעם צונעמעניש „דער בורזשוא“, וואָס מען האָט געגעבען דעם פערלאַזענעם. און ער האָט אויסגערופען:

— איז דאָס נישט קיין איראָניע, וואָס איז אימשטאַנד אויפצורעגען דעם אונגליקליכען יונגען מאַן, וועלכער האָט ניט קיין פאָטער און מוטער? ער איז אַ פערברענטער רעפּובליקאַנער. וואָס רייד איך? ער געהערט צו יענער פּאָליטישער פּאַרטיי, וועלכע די רעפּובליק האָט נאָך גאָר ניט לאַנג געשאָסען, פערשיקט, גערודפ'ט, און וועלכע זי נעהמט יעצט אויף מיט אָפענע אָרעמס. יענע פּאַרטיי, ביי וועלכער אונטערצינדען איז אַ פּרינציפּ און מאָרד אַ גאַנץ געוועהנליכער מיטעל צום צוועק.

יענע טרויעריגע אידעען, וועלכע ווערען אויסגעדריקט אויף די פּאָלקס פערזאַמלונגען, האָבען דעם דאָזיגען יונגען מאַן אונגליקליך געמאַכט און זיי זיינען דערפאַר פעראַנטוואָרטליך.

ער האָט געהערט, ווי רעפּובליקאַנער, זאָגאָר פרויען, יאָ, פרויען, האָבען געפאָדערט בלוט, גאַמבעטאַ'ס, דעם פּרעזידענט גרעווי'ס בלוט. זיין קראַנקער גייסט איז צומישט געוואָרען, ער האָט געוואָלט זעהן בלוט, דאָס בלוט פון די בורזשואס.

מיינע הערען, ניט איהם דאַרפט איהר אָנקלאָגען, נאָר די קאָמונע!

אַ בייפאַליגער מורמלען איז דורכ'ן געריכטס זאַל דורכגעלאָפען. מען האָט דערפיהלט, אַז דער אַדוואָקאַט האָט זיין זאַך געוואונען.

דער פּראָקוראָר האָט גאָר ניט געענטפערט. דאַן האָט דער פּרעזידענט געשטעלט די געוועהנליכע פראַגע:

— אָנגעקלאָגטער, האָט איהר נאָך עטוואָס צו זאָגען צו אייער פערטהיידיגונג?

דער מאַן האָט זיך אויפגעהויבען.

ער איז געוועזען קליין געוויקסיג, בלאָנד ווי פלאַקס, מיט גרויע, שאַרפע, קלאָהרע אויגען. זיין שטימע האָט געקלונגען שטאַרק, אָפען און שאַרף, און ביי זיינע ערשטע ווערטער האָט מען גלייך

געקראַגען פון איהם אַן אַנדער בעגריעף, ווי מען האָט זיך צו ערשט געווען געמאַכט.

ער האָט גערעדט הויך, מיט אַן אויסדרוק, און אַזוי דייטליך, אַז אין די ווייטסטע ווינקלען האָט מען יעדעס וואָרט זיינס געהערט און פערשטאַנען.

— הערר פּרעזידענט ! אַזוי ווי מיר געפעלט ניט צו געהן אין אַ משוגעים הויז, און איך ציה בעסער פאַר די גילאָטינע, וועל איך זיך אין אַלעס מודה זיין. איך האָב יענעם מאַן און יענע פרוי געטויטעט, ווייל זיי זיינען געווען מיינע עלטערען. איצט הערט מיך אויס, און דאַן קענט איהר מיך פערוּרטהיילען.

אַ פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ קינד, האָט עס אַוועקגעשיקט ערגעץ וואו צו אַן אָרימער פרוי, יענע זאָל עס האָדעווען. האָט זי זיך אינטערעסירט ? האָט זי איבערהויפּט געוואוסט וואוהין איהר מיטשולדיגער האָט אַוועקגעשלעפּט דאָס אונשולדיגע עופה'לע, וועלכע איז פערוּרטהיילט געוואָרען צו אייביגען עלענד, צו דעם שענדליכען נאָמען ממזר, צום טויט זאָגאַר ? אַזוי ווי זי האָט זיך מעהר ניט געקימערט וועגען דעם, און דער פרוי איהר מאָנאַט־ ליכען געהאַלט מעהר ניט געשיקט, האָט זי עס געקענט לאָזען שטאַר־ בען פאַר הונגער און פערנאַכלעסיגונג, ווי עס טהוט געוועהנליך דער סאָרט פרויען.

די פרוי, צו וועלכער דער צופאַל האָט מיך געבראַכט, איז גע־ ווען אַ בראַווע פרוי, עהרליכער, אַנשטענדיגער, מעהר מענש, מעהר פרוי, און אַ בעסערע מוטער, ווי מיין מוטער. זי האָט מיך אויפ־ געצויגען. זי איז בעגאַנגען אַן אונרעכט מיט דעם, וואָס זי האָט איהר פפליכט ערפילט. בעסער איז צו לאָזען אומקומען די דאָזיגע אונגליקליכע, אַרויסגעוואָרפענע אין די אַרומיגע דערפער, ווי מען וואַרפט אַרויס דעם שמוץ אין די קאַנאַוועס אַריין.

איך בין אויפגעוואַקסען מיט אַן אונבעשטימטען געפיהל, אַז אויף מיר ליעגט עפּעס אַ פלעק. די אַנדערע קינדער האָבען מיך גערופען ממזר. זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס דאָס דאָזיגע וואָרט בעדייטעט, זיי האָבען עס אָבער געהערט פון זייערע עלטערען.

איך האב אויך נים געוואוסט, וואס דאס איז אזוינס, אבער איך האב עס געפיהלט.

איך קען זאגען, אז אין שולע בין איך געווען איינער פון די בעסטע. איך וואלט געווארען אן אנשטענדיגער מענש, העררר פרעזידענט, פילייכט א בעריהמטער מענש, ווען מיינע עלטערען וואל־טען נים בעגאנגען א פערברעכען דערמיט, וואס זיי האבען מיך פערלאזען און זיך וועגען מיר נים געקימערט.

יא, זיי זיינען בעגאנגען א פערברעכען געגען מיר. איך בין געווען דער אפפער, זיי די שולדיגע. איך בין געווען אונבעשיצט. זיי אהן א ברעקעל רחמנות. זיי האבען מיך געדארפט ליעבען, אנ־שטאט דעם האבען זיי מיך פערשטויסען.

איך פערדאנק זיי דאס לעבען, אבער איז דען דאס לעבען א געשאנק ? מיין לעבען איז איבערהויפט געווען נאר אונגליק ! נאך דעם, ווי זיי האבען מיך אזוי שענדליך פערנאכלעסיגט, בין איך זיי מעהר גאר נים שולדיג געווען, אויסער ראכע. זיי זיינען בעגאנגען געגען מיר דאס אונמענשליכסטע, דאס ערגסטע פערברע־כען, וואס מען קען בעגעהן אנטגעקען א לעבעדיגע בעשעפניש.

א בעליידיגטער קען זיך וועהרען, א בע'גנב'עטער נעהמט מיט גוואלד זיין אייגענטהום צוריק. א מענש, וועלכער ווערט בעטרא־גען, אויסגענארט, געמאטערט — טויטעט. א מענש, ביי וועמען מען רויבט זיין עהרע — טויטעט. איך בין געווען בעטראגען, אויסגע־נארט, פערמוטשעט, ערנידעריגט, בעשמוצט מעהר ווי דיזע אלע, וועמעס צארן איהר רעכפערטיגט.

איך האב זיך אבגערעכנט מיט זיי, איך האב זיי געטויטעט. דאס איז געווען מיין געזעצליכעס רעכט. איך האב גענומען זייער גליקליכעס לעבען פאר דאס עלענדע לעבען, וואס זיי האבען מיר געגעבען.

איהר זאגט — דאס איז פאטער־מארד ! זיינען זיי דען גע־ווען מיינע עלטערען, די דאזיגע מענשען, פאר וועמען איך בין גע־ווען א מורא'דיגע לאסט, א שרעק, א פלעק ? פאר וועמען מיין געבורט איז געווען אן אונגליק, און מיין לעבען אן אייביגער סטרא־שונאק פון שאנדע ?

זיי האָבען געזוכט עגאָאיסטישע פערגעניגען, ליעבעס־גליק, דערפון איז געוואָרען אַן אונגעווינשטעס קינד. זיי האָבען דאָס קינד בעזייטיגט, איצט איז געקומען מיין צייט צו טהאָן דאָס זעלבע מיט זיי.

און דאָך בין איך נאָך ערשט ניט לאַנג געווען בערייט זיי צו ליעבען.

ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, איז דער דאָזיגער מאַן, מיין פאַטער, געקומען צו מיר דאָס ערשטע מאָל מיט צוויי יאָהר צוריק. איך האָב דאַן קיין אַהנונג ניט געהאַט, ווער ער איז. ער האָט ביי מיר בעשטעלט צוויי שטיק מעבעל.

איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז ער האָט זיך נאָכגע־פרעגט אויף מיר ביים פּריסטער. עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס האָט געזאָלט בלייבען אַ געהיימניס. פון דאַן אָן האָט ער גענומען קומען צו מיר אָפטער, ער האָט מיר געגעבען ארבייט און גוט בע־צאָהלט.

מאַנכעס מאָל האָט ער זיך מיט מיר צורעדט פון דאָס, פון יענעס. איך האָב דערפיהלט, אַז איך ווער צו איהם צוגעבונדען.

אין אַנהויב פון דיעזען יאָהר האָט ער איין מאָל מיטגעבראַכט מיט זיך זיין פרוי, מיין מוטער. ווען זי איז אריינגעקומען, האָט זי אזוי שטאַרק געציטערט, אַז איך האָב געמיינט, אַז זי איז אַ נער־ווען קראַנקע.

זי האָט געבעטען אַ שטוהל און אַ גלאָז וואַסער. זיי האָט גאָר ניט געזאָגט, זי האָט בעטראַכט מיינע מעבעל מיט אַ צומישטען בליק און געענטפערט בלויז יאָ און ניין אויף אַלע פראַגען, וואָס ער האָט געשטעלט. ווען זיי זיינען אוועק, האָב איך ביי זיך אַ טראַכט געטהאָן, אַז זי מוז זיין אַ ביסעל משוגע.

דעם צווייטען מאָנאַט זיינען זיי ווידער געקומען. זי איז געווען רוהיג און האָט זיך פאַלשטענדיג בעהערשט. אין יענעם טאָג האָבען זיי ביי מיר פערבראַכט אַ צייט לאַנג און געמאַכט אַ גרויסע בעשטעלונג.

איך האָב זיי געזעהן נאָך דריי מאָל איידער איך האָב זיך אויף

עפּעס אנגעשטויסען. אבער איין טאָג האָט זי גענומען רעדען פון מיין לעבען, פון מיין קינדהייט, פון מיינע עלטערען.

איך האָב געענטפערט:

— גנעדיגע פרוי, מיינע עלטערען זיינען געווען אויסוואורפען, וועלכע האָבען מיך אוועקגעוואָרפען.

דאָ האָט זי צוגעדריקט די האנד צום הארצען און איז געפאלען אין חלשות.

איך האָב אַ טראַכט געטהאָן אויפ׳ן שטעל:

— דאָס איז מיין מוטער!

— איך האָב זיך אבער גוט געהיט, אז זיי זאָלען ניט מערקען, אז איך פערשטעה עפּעס. איצט האָב איך פון מיין זייט זיך גענומען אויף זיי נאָכפרעגען און איך האָב זיך דערוואוסט, אז זיי האָבען ערשט לעצטען יאָהר געהייראַטה, און אז מיין מוטער איז דריי יאָהר געווען אַן אלמנה. געמורמעלט האָט מען, אז זי האָט מיט איהר איצטיגען מאַן געהאַט צו טהאָן, ווען דער ערשטער האָט נאָך געלעבט, אבער קיין בעווייז איז ניט געווען. איך בין געווען דער בעווייז, דער דאָזיגער בעווייז, וועלכען מען האָט צו ערשט בעהאלטען און דערנאָך געהאָפט אין גאנצען צו בעזייטיגען.

איך האָב געוואַרט. זי איז אין אַ געוויסען טאָג ווידער געקומען, בעגלייט פון מיין פאָטער. זי איז יענעם טאָג געווען זעהר בעוועגט, איך ווייס ניט פאַר וואָס. דאַן, פאַר׳ן אוועקגעהן, האָט זי זיך צו מיר אַבגערופען:

— איך ווינש אייך אַל דאָס גוטס, וואָרום איהר זעהט אויס צו זיין אַ גוטער ארבייטער און אַ בראַוער מענש. עס וועט קומען אַ צייט, ווען איהר וועט אַ טראַכט טהאָן וועגען חתונה האָבען, וואָלט איך וועלען אייך העלפען צו קריגען די פרוי, וועלכע איז אייך צום הארצען. איך בין אַמאָל געצוואונגען געוואָרען צו הייראַטהען געגען מיין ווילען, און איך ווייס, וויפיעל מען ליידעט דערפון. איצט בין איך רייך, האָב נישט קיין קינדער און בין די בעל הבית׳טע איבער מיין געלד. אָט דאָ האָט איהר אַ נדן.

און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ גרויסען, פערזיעגעלטען קאָנ־

ווערט. איך האב זי אנגעקוקט מיט שטארע אויגען, דאן האב איך געזאגט :

— איהר זייט מיין מוטער !

זי האט אבגעטראטען דריי טריט צוריק און פערשטעלט די אויגען מיט די הענט, כדי מיך ניט צו זעהן. ער, דער מאן, מיין פאטער, האט זי א כאפ געטהאן אין זיינע ארעמס און א געשריי געטהאן אויף מיר :

— איהר זייט משוגע געווארען ?

איך האב געענטפערט :

— עס הויבט זיך גאר ניט אן ! איך ווייס גאנץ גוט, אז איהר זייט מיינע עלטערען. מיך נארט מען ניט. זייט זיך מודה און איך וועל אייער סוד היטען, איך וועל צו אייך גאר ניט האבען, און וועל בלייבען וואס איך ביז, אן איינפאכער סטאליאר.

ער האט אבגעטראטען צוריק ביז'ן טהיר, נאך אלץ האלטענ־דיג זיין פרוי, וועלכע האט גענומען שלוכצען אין זיינע ארעמס. איך בין צוגעלאפען, האב פערשלאסען די טהיר, צוגענומען דעם שליסעל און געזאגט :

— טהוט אויף איהר א קוק און פרובירט לייקענען, אז זי איז מיין מוטער !

דא איז ער געווארען א צוקאכטער, ער איז געווען טויט בלייך, אויסער זיך ביי די געדאנקען, אז דער סקאנדאל, וועלכען ער האט ביז אהער אויסגעמיעדען, וועט איצט פלוצים ארוים אין דער עפענט־ליכקייט און זיי וועלען פערלירען זייער נאמען, זייער שטעלונג, זייער עהרע, און ער האט געמורמעלט :

— איהר זייט אן אויסוואורף, איהר ווילט ביי אונז ארויספרע־סען געלד. געהט, זייט גוט צום ארימען, טהוט איהם גוטס, דעם אונ־מענשען, נאר גוטס, ער וועט אייך שוין בעדאנקען !

מיין מוטער, א שטארק אויפגערעגטע, האט אלץ ווידערהאלט :

— לאמיר געהן ! לאמיר געהן !

און אזוי ווי די טהיר איז געווען פערשלאסען, האט ער אויס־גערופען :

— ווען איהר עפענט ניט גלייך די טהיר, פערשיק איך אייך

אין געפענגעניש פאר וועלען אויסנארען געלד און פאר געברויכען געגען אונז געוואלט, איהר הערט!

איך האב זיך גאנץ גוט בעהערשט, האב געעפענט די טהיר און זיי נאכגעקוקט, ווי זיי זיינען פערשוואונדען אין דער דונ־קעלהייט.

אבער דא האט זיך מיר פלוצים אויסגעוויזען, ווי איך וואלט נאר וואס א יתום געווארען, ווי מען וואלט מיך ערשט אין דער דא־זיגער מינוט פערשטויסען און אריינגעשליידערט אין רינשטאק אריין. א מורא'דיגער אומעט, אויסגעמישט מיט כעס, האט און עקעל זיינען מיך בעפאלען און מיין נשמה בעהערשט. אלעס אין מיר האט געקאכט, אלעס איז געווען אויפגעבראכט, עפעס אזוי ווי עס וואלט זיך אויפגעהויבען און פראטעסטירט אין מיר — די גע־רעכטיגקייט, דאס רעכט, די עהרע און די פערשטויסענע ליעבע.

איך האב זיך געלאזט לויפען נאך זיי צו דער סעין, ווייל זיי האבען געמוזט געהן מיט'ן ברעג, אום צו צוקומען צום באהן הויף פון שאטאו. באלד האב איך זיי דעריאגט. די נאכט איז געווען פעך שווארץ.

איך בין געגאנגען הינטער זיי, זיך גנב'ענענדיג אין גראז, אז זיי זאלען מיך ניט הערען. מיין מוטער האט געהאלטען אין איין וויינען. מיין פאטער האט צו איהר גערעדט:

— דאס איז דיין שולד. פאר וואס האט זיך דיר געוואלט איהם זעהן? אין אונזער לאגע איז דאס א נארישקייט. מען האט איהם געקענט שטיצען פון ווייטען און זיך דערביי ניט פעררא־טהען. אזוי לאנג ווי מיר קענען איהם ניט אנערקענען, הייגט צו וואס טויגען די געפעהרליכע בעזוכען!

דא האב איך זיך א ווארף געטהאן צו זיי און גענומען בעטען און שטאמלען:

— איהר זייט מיינע עלטערן, איהר האט מיך שוין איין מאל פערשטויסען, ווילט איהר מיך איצט, צום צווייטען מאל, פער־שטויסען?

ער איז געווארען צוקאכט און האט אויפגעהויבען אנטקעגען מיר די האנד. איך שווער עס אויף מיין עהרע, ער האט מיך גע־

שלאָגען, און ווען איך האָב איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַלז, האָט ער אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער פון קעשענע.

מיר איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען, איך האָב ניט גע־וואוסט מעהר וואָס איך טהו. ביי מיר אין קעשענע האָב איך גע־האַט אַן אינסטרומענט און דערמיט האָב איך זיי גענומען שלאָגען, וויפיעל איך האָב נאָר געקענט. דאַ האָט זי גענומען שרייען:

— הילפע! מערדער!

זי האָט מיך געריסען פאַר'ן באָרד. וואַהרשיינליך האָב איך זי אויך געטויטעט. ווייס איך דען, וואָס איך האָב געטהאָן? האָב איך דען דאַן געוואוסט, וואָס איך טהו?

ווען איך האָב זיי דערנאָך דערזעהן ביידע ליעגענדיג אויף דער ערד, האָב איך זיי אַריינגעוואָרפען אין סעין, ניט דענקענדיג דערביי וועגען קיין זאַך.

איך בין פערטיג, און איצט, זייט מוחל, גיט אַב אייער אור־טהייל!

* * *

דער אָנגעקלאַגטער האָט זיך געזעצט. צוליעב די דאַזיגע אויפדעקונגען איז די זאַך אָבגעלעגט געוואָרען אויף אַ צווייטער זיצונג.

ער וועט אין גיכען גע'משפט ווערען.

ווען מיר זאָלען זיין געשוואָרענע, ווי אַזוי וואָלטען מיר גע־משפט דעם דאַזיגען פאַטער־מערדער?



# די בלוטיגע נקמה.



י אלמנה פון פּאָאָלאָ סאַוועריני האָט איינע אַליין מיט איהר זון בעוואָהנט אַ גאַנץ קליין אָרעם הייזעל ביי באָניפאַציאָ. די שטאָדט איז געלעגען אויף אַ באַרג, וועלכער איז דאָ און דאָרטען כמעט ווי געהאָנגען איבער'ן ים און האָט אַרויסגעקוקט אויף די שמאָלע פעלזען פון די סאַרדינישע ברעגעס.

צו איהרע פיס, אויף דער אנדער זייט, געפינט זיך אַן איינ־שניט אין דער רייהע פעלזען, וועלכער זעהט אויס ווי א געוואַלדיג גרויסער דורכגאַנג. ער ציהט זיך אַוועק ביז צו די ערשטע הייזער און דיענט אַלס האַפען פאַר די קליינע איטאַליענישע, אָדער סאַר־דינישע פישער־שיפלעך, און אַלע פיערצעהן טאָג פאַר דעם אַלטען דאַמפּפער, וועלכער קומט פון איאַקקיאָ.

אויפ'ן ווייסען באַרג לייכט דער הויפען הייזלעך נאָך ווייסער. זיי זעהען אויס ווי די נעסטען פון ווילדע פויגעל אויבען אויף דעם הויכען פעלז צוגעקלעפּט און בעהערשען דעם דאָזיגען מורא'דיגען דורכפאָהר־פלאַץ, אין וועלכע גרויסע שיפען וואַגען ניט זיך צו ווייזען.

דער ווינד צורודערט נאַכאַנאַנד דעם ים, בושעוועט אויף דעם נאַקעטען ברעג, וואו עס זעהט זיך קוים אַ גרעזעלע און יאָגט זיך איבער דעם שמאָלען פאַס ים צווישען די הויכע פעלזען, וועלכע פערשפּאַרען איהם דעם וועג.

הויפענס ווייסע שוים הענגען אויף די שוואַרצע שפּיצען פון די אונצעהליגע פעלזען, וועלכע סטאַרטשען איבעראַל פון די כוואַליעס אַרויס און זעהען אויס ווי אַ פלאַטערענדער שטיקעל לייוונד.

דאס הויז פון דער אלמנה סאווריני איז געלעגען גלייך ביים ברעג און די צוויי פענסטער זיינען ארויסגעקומען צום ווילדען, פוסטען האריזאנט. דארט האט זי געלעבט איינע אליין מיט איהר זוהן אנטאן און איהר צויג סעמילאנטע, א גרויסען, מאגערען הונד, מיט א הארטער פעל, פון דעם סארט שעפער־הינט. דער הונד האט בעגלייט דעם יונגען מאן אויף געיעג.

איין מאל אין א געווויסען אבענד האט אנטאן סאווריני זיך צואווערטעלט מיט ניקאלאס ראוואלאטי, און דער לעצטער האט איהם דערשטאכען אויף טויט מיט א מעסער. נאך אין דער זעל־בער נאכט איז דער מערדער אנטלאפען נאך סארדיניען.

ווען צופעלינע פארבייגעהער האבען דער אלטער מוטער גע־בראכט די לייכע פון איהר זוהן, האט זי ניט געוויינט, אבער א לאנ־גע צייט איז זי געבליבען אונבעוועגליך, מיט די אויגען אויף איהר קינד געריכטעט. דאן האט זי אויפגעהויבען איהר צורונצעלטע האנד און איהם געשווארען נקמה.

זי האט ניט געוואלט, אז עמיצער זאל מיט איהר פערבלייבען. און זי האט זיך איינגעשלאסען מיט דער לייכע און דער צויג, וואס האט ניט אויפגעהערט צו האוקען. די חיה איז געשטאנען צו־פוסען פון בעט, דעם קאפ אנטקעגען זיין בעל־הבית אויסגעצויגען, מיט אן איינגעצויגענעם עק און האט נאכאנאנד געוואיעט.

עס איז געשטאנען אונבעוועגליך, פונקט אזוי ווי די מוטער, וועלכע האט זיך איצט איבער דעם טויטען אריבערגעבויגען און אנ־קוקענדיג איהר זוהן מיט שטארע אויגען, האט זי גרויסע, שטומע טרעהרען פערגאסען.

דער יונגער מאן איז געלעגען אויפ'ן רוקען; ער האט גע־טראגען זיין יאק פון גראבען טוך, וועלכער איז אויף דער ברוסט געווען איבעראל דורכגעלעכערט און צוריסען. עס האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט געשלאפען. אבער איבעראל איז געווען בלוט: אויף דער העמד, וועלכע מען האט צוריסען, אום איהם צו געבען די ערשטע הילף, אויף דער וועסט, אויף די הויזען, אויפ'ן פנים, אויף די הענט, טראפענס בלוט זיינען איהם אין בארד און אין די האר פערגליווערט געווארען.

די מוטער האט גענומען מיט איהם רעדען, אוןביים קלאנג פון איהר שטימע איז דער הונד אנשוויגען געווארען.

— זיי רוהיג, מיין זוהן, מיין קליינער, מיין ארעם קינד, איך וועל זיך אברעכענען פאר דיר. שלאף רוהיג, שלאף רוהיג, דו וועסט האבען דיין נקמה. הערסטו, די מוטער שווערט עס דיר, און דיין מוטער, דו ווייסט עס, האלט אימער איהר ווארט !

און א לאנגע צייט האט זי זיך איבער איהם אריבערגעבויגען און צוגעדריקט איהרע קאלטע ליפען צו די ליפען פונ'ם טויטען.

דא האט סעמילאנטע גענומען רעווען, האט ארויסגעלאזען לאנגע, טרויעריגע, אויערען־צורייסענדע, האווקענדע טענער. און אזוי זיינען זיי געבליבען זיצען, די פרוי און דער הונד, ביז אויף מארגען אין דער פריה.

אנטאן סאוועריני איז בעגראבען געווארען אויפ'ן צווייטען טאג, און באלד האט וועגען איהם קיינער מעהר ניט גערעדט אין באניפאציא.

* * *

ער האט ניט איבערגעלאזען קיין ברודער, קיין נאהענטע קרובים, איבערהויפט קיין מאן, וועלכער זאל פאר איהם נקמה נעה־מען. נאר די מוטער, די אלטע, האט וועגען דעם געטראכט.

אויף דער אנדער זייט פון דעם ים־דורכגאנג האט זי פון פריה ביז נאכט געזעהן אויף דעם צווייטען ברעג א ווייסען פלעק, א קליין סארדיניש דארף לאנגאסארדא, וואוהין די קארסיקאנישע באנדיטען אנטלויפען, ווען דער היימישער באדען ווערט פאר זיי צו הייס.

זיי בעוואהנען כמעט גאנץ אליין דעם גאנצען דארף, וועלכער ליעגט פונקט אנטקעגען זייער פאטערלאנד, און דארטווארטען זיי אויף דעם אויגענבליק, ווען זיי וועלען קענען זיך אומקעהרען אהיים. און אין דעם דאזיגען דארף, אין דעם איז זי געווען זיכער, איז אויך ניקאלאס ראוואלאטי אנטלאפען.

זי איז געזעסען א גאנצען טאג ביים פענסטער, געקוקט אויף

יענער זייט און געטראכט פון דער נקמה. ווי אזוי זאל זי דאס אויספיהרען, זי, די אלטע, די שוואכע, וועלכע שטעהט שוין ניט ווייט פון קבר? אבער זי האט געגעבען איהר ווארט, זי האט געשווארען פאר'ן טויטען.

און זי האט ניט געקענט פערגעסען, ניט געקענט לאנג ווארטען. אבער וואס זאל זי טהאן? זי האט אויפגעהערט צו שלאפען דורך די נעכט, זי האט ניט געקענט מעהר רוהען, א פערצווייפעלטע איז זי ארומגעגאנגען, געטראכט און געווארט אויף א געלעגענהייט.

די צויג, וועלכע איז געלעגען צו איהרע פיס, האט פון צייט צו צייט אויפגעהויבען דעם קאפ און גענומען האווקען אין דער ווייטקייט אריין; צייט איהר בעל־הבית איז דא מעהר ניט געווען, האט זי אפט אזוי געהאווקעט, ווי זי וואלט איהם גערופען, עפעס אזוי ווי איהר נארישע הינטישע נשמה האט אויך אן איהם ניט געקענט פערגעסען.

און איין מאל ביי נאכט, ווען סעמילאנטע האט ווידער אזוי געהאווקעט, איז דער מוטער פלוצים איינגעפאלען א געדאנק, א ווילדע נקמה. זי האט עס ארומגעטראכט ביז אין דער פריה; דאן אזוי שנעל ווי עס איז טאג געווארען, איז זי אויפגעשטאנען און אוועק אין קירכע אריין. זי האט געבעטען צו גאט, מיט'ן שטערען אן דער ערד אנגעשפארט, געבעטען ליעגענדיג אין שטויב, אז גאט זאל איהר העלפען, זאל איהר ארעמען אלטען לייב קראפט שענקען, כדי זי זאל קענען נקמה נעהמען פאר איהר זוהן.

דאן האט זי זיך אומגעקעהרט אהיים. אויפ'ן הויף האט זי געהאט אן אלטע צובראכענע פאס, אין וועלכעס עס האט אריינגערונען דאס וואסער פון דעם דאך־רעהר. זי האט עס איבערגעקעהרט, אויסגעליידיגט און עס פעסט געמאכט צו דער ערד מיט שטריק און שטיינער. דאן האט זי דערצו צוגעבונדען סעמילאנט'ען אויף א קייט און איז אריין אין הויז.

לאנגזאם און אהן אויפהער איז זי ארומגעלאפען איבער איהר צימער מיט דעם בליק איינגעגעסען אין דעם סארדינישען דארף; דארט איז געווען דער מערדער.

די צויג האט געהאווקעט טאג און נאכט; די אלטע האט

איהר אין דער פריה געבראכט א שיסעל וואסער, אבער מעהר גאר נישט, ניט קיין זופ, נים קיין ברוים.

דער טאג איז אוועק. סעמילאנטע איז געשלאפען מיעד און הונגעריג. אויפ'ן צווייטען טאג האבען איהרע אויגען געבלישטשעט, איהרע האר צופאטעלט און האט פערצווייפעגט געביסען איהר קיים. די אלטע האט איהר נאך אלץ נים געגעבען גאר ניט צו עסען און זי האט געהאווקעט מיט א הייזעריגער שטימע.

נאך א נאכט איז אוועק. דאן ווען עס איז טאג געווארען, איז די אלטע אוועק צו א שכן און געבעטען צוויי בינטלעך שטרוי. זי האט גענומען א פאר אלטע שמאטעס, וועלכע איהר מאן האט אמאל געטראגען און האט אהין אריינגעשטאפט די שטרוי, אזוי אז עס האט געקראגען דעם אויסזעהן פון א מענשליכער געשטאלט. זי האט אריינגעשטעקט א שטעקען פאר סעמילאנטע'ס פאס און אויף דעם האט זי אנגעבונדען איהר אויסגעשטאפטע פיגור, וועלכע האט איצט אויסגעזעהן, ווי עס וואלט געשטאנען גלייך; דאן האט זי פון א פעקעל אלטע וועש געמאכט א קאפ.

די צויג האט פערוואונדערט געקוקט אויף דעם שטרויענעם מענשען און געשוויגען, נים קוקענדיג אויף דעם הונגער, וואס האט זי געפלאגט. דאן האט די אלטע אויף מארגען געקויפט א גרויסען שטיק פלייש ביים קצב, האט זיך מיט דעם אומגעקעהרט אהיים, געמאכט א גרויסען פייער אויפ'ן הויף נים ווייט פון דעם הונד און גענומען בראטען דאס פלייש.

סעמילאנטע איז געווארען פשוט משוגע, האט גענומען שפרינגען, פון מויל האט איהר געשלאגען א שוים און מיט די אויגען האט זי זיך איינגעגעסען אין דאס פלייש, וועמעס גערוך האט איהר גע־קלאפט אין נאז. דאן האט די אלטע פון דער דאזיגער אפעטיטלי־כער מאסע געמאכט פאר דעם שטרויענעם מאן אזא מין שניפס, האט עס איהם פארזיכטיג ארומגעבונדען ארום האלז, און ווען זי איז פערטיג געווארען, האט זי די צויג לויז געלאזען.

מיט איין גרויסען שפרונג איז דער הונגעריגער הונד ארויפ־געשפרונגען דער ליאלקע אויפ'ן האלדז, האט זיך איינגעגראבען מיט זיינע לאפעס אין איהרע שולטערען און זי גענומען צו רייסען.

פון צייט צו צייט האט זי דער הונד איינגעלאזען, האבענדיג א שטיק פלייש אין מויל, דאן האט ער זיך ווידער פון דאס ניי אויף איהר ארויפגעווארפען און זיך איינגעגעסען אין איהר מיט די צייהן, רייסענדיג פון איהר שטיק נאך שטיק מיט א ווילדער רציחה.

מיט מעכטיגע ביסען האט די צויג צוריסען דעם פנים און די האלז פון שטרויענעם מאן. די אלטע איז געשטאנען שטום און אונבעוועגליך און צוגעקוקט מיט בלישטשענדיגע אויגען. דאן האט זי דעם הונד ווידער אנגעבונדען אויפ'ן קייט, איהם ווידער געלאזט צוויי טעג הונגערען און ווידערהאלט דאס דאזיגע מערקווירדיגע שפיעל.

דריי מאנאטען לאנג האט זי צוגעוועהנט דעם הונד צו דעם דאזיגען קאמפף, צו דעם דאזיגען מאלצייט, וועלכען ער קען קריגען נאר דאן, ווען ער וועט בעפאלען און צורייסען אן אנדער בעשעפעניש. זי האט איהם שוין מעהר ניט צוגעבונדען צום קייט, אבער ביי דער קלענסטער בעוועגונג מיט דער האנד, האט ער זיך א ווארף געטהאן אויף דער ליאלקע. און זי האט איהם אויסגעלערענט זי צו צורייסען, צובייסען, צופליקען אין שטיקער, אפילו דאן, ווען אויף דער ליאלקע איז קיין פלייש ניט געווען. און דאן האט דער הונד אימער געקראגען אלס בעלוינונג דעם שטיק פלייש, וועלכען זי האט פאר איהם געבראטען.

אזוי שנעל ווי סעמילאנטע האט דערזעהן דעם שטרויענעם מאן, האט ער גענומען ציטערען, האט אנגעקוקט זיין בעל־הבית'טע און געווארט ביז יענע האט אויפגעהויבען דעם פינגער און מיט א הייזעריגער שטימע אויסגערופען:

— ביים !

* * *

און ווען דער אלטער סאוועריני האט זיך געדאכט, אז די צייט איז געקומען, איז זי איין מאל א זונטאג אין דער פריה אוועק תפלה טהאן. מיט א פייערדיגען עקסטאז האט זי איהר געבעט און איהרע טרעהרען צו גאט געשיקט. דאן האט זי אנגע־

טהאן מענערשע קליידער און פון א סארדינישען פישער געפיהרט, איז זי אוועק מיט איהר הונד אויף דעם אנדערען זייט ברעג.

אין א לייוועגדענעם זאק האט זי געטראגען א גרויסען שטיק פלייש: סעמילאנטע האט שוין צוויי טעג געפאסט. אלע מינוט האט די אלטע פרוי געלאזט דעם הונד א שמעק טהאן דעם בראטען און דערמיט איהם נאך אויפגערעגט.

זיי זיינען אנגעקומען אין לאנגאסארדא: די אלטע האט זיך אוועקגעשלעפט צו א בעקער און געפרעגט, וואו ניקאלאס ראוואלאטי וואהנט. ער איז געווען א סטאליאר, און ער האט זיך דא בעשעפטיגט מיט סטאליעריי. ער האט געארבייט אליין אין זיין הויז.

די אלטע האט אן עפען געטהאן די טהיר און א געשריי גע־טהאן:

— העי, ניקאלאס!

ער האט זיך אומגעקעהרט. און דערזעהענדיג איהם, האט זי אבגעלאזען דעם הונד און אויסגערופען:

— בייס!

די ווילדע חיה האט זיך אווארף געטהאן אויף איהם, אנגע־כאפט איהם פאר'ן גארגעל. דער מאן האט אויסגעשטרעקט די הענט, זיך איינגעקלאמערט אין הונד, ביידע זיינען געפאלען צו דער ערד. א פאר סעקונדען האט ער זיך געצאפעלט און געקלאפט מיט די אבצאסען אן פאל, דאן איז ער געבליבען ליעגען אונבעוועגליך, בעת סעמילאנטע האט זיין האלז צופאסעוועט און דערפון שטיקער געריסען.

צוויי שכנים, וועלכע זיינען געזעסען פאר דער טהיר, האבען זיך שפעטער דערמאהנט, אז זיי האבען געזעהן אן אלטען בעטלער מיט א שווארצען פערהונגערטען הונד ארויסקומענדיג פון הויז, און בעת זיי זיינען אוועקגעגאנגען, האט דער אלטער איהם געגעבען עטוואס דונקעלעס צו פרעסען.

די אלטע איז אין אבענד ווידער געווען אין דער היים, און די נאכט איז זי גוט געשלאפען.

# אַ האַנדעל.

---



עזאר איזידאר ברומען און פראפעסאר נאפאלעאן קארנו זיינען געקומען אין געריכט פון דעם דעפארטמענט סיין־אינפעריעד. זיי זיינען געווען אנגעקלאגט אין דעם, אז זיי האבען פרובירט ערמארדען מאדאם ברומען, די פרוי פון דעם ערשטען אנגעקלאגטען, דורך דערטרינקען.

ביידע אנגעקלאגטע זיצען זייט ביי זייט אויף דער אנקלאגע באנק. זיי זיינען ביידע פויערען.

דער ערשטער איז קליין, דיק, מיט קורצע הענד און קורצע פיס, אויף דעם רונדען און קורצען לייב זיצט א רויטליכער קאפ, וועלכער שפראצט מיט געזונד, קיין האלז זעהט מען גארנישט. ער פאשעט חזירים און וואהנט אין קאבעוויל־לא־גאופיל.

פראפעסער נאפאלעאן קארנו איז מאגער ,פון מיטעלען וואוקס, מיט ריעזיג גרויסע ארעמס, זיין קאפ זיצט קרום, זיינע באקען איינגעפאלען, און ער האלט אין איין שילטען. א בלויע בלוזע לאנג ווי א העמד, הענגט איהם ארונטער ביז איבער די קניע, און זיינע בלאנדע שיטערע הערלאך, וועלכע זיינען עפעס אזוי ווי צוגעקלעפט צו זיין קאפ, מאכען אן איינדרוק פון עטוואס שמוציגס. א צונעמעניש האט ער: „דער פריסטער“, ווייל ער קען אויסגעצייכענט נאכמאכען דעם קירכען־געזאנג און אפילו דאס ברומען פון א סערפענט. דאס דאזיגע פעהיגקייט זיינע ציהט צו אן עולם אין זיין שענק אריין. געסט וועלכע עס געפעהלט מעהר צעזאר'ס נאכאהמונג, ווי דער אמת'ער קירכען־געזאנג.

# א האנדעל

מאדאם ברומען אויף דער עדות באנק איז א מאגערע פויער־טע, וועלכע שיינט צו האלטען אין איין שלאפען. זי זיצט אונבע־וועגליך, די הענד פארלייגט אויף די קניע, מיט שטארע בליקען און א נארישען אויסדרוק אויפ'ן פנים.

דער פרעזידענט פרעגט ווייטער:

— אלזא, מאדאם ברומען, זיי זיינען געקומען צו אייך אין הויז, און האבען אייך אריינגעווארפען אין א פאס וואסער. דער־צעהלט אונז די איינצעלהייטען. הויבט זיך אויף!

זי שטעהט אויף. מיט דער ווייסער הייבעל אויף דעם קאפ, איז זי גרויס ווי א שיף־מאסט. און זי דערצעהלט מיט א שלעפע־דיגען קול:

איך האב געשניטען בעבלאה, ערשט זיי קומען אריין. איך זאג צו זיך אליין: וואס טהוט זיך דארט מיט זיי, עפעס זעהען זיי מיר היינט אויס, ווי זיי וואלטען געהאט עטוואס ניעדערטרעכ־טיגעס אין זינען. זיי קוקען אויף מיר אזוי פון דער זייט, איבער־הויפט קארנו נעהמט מיך דורך מיט די אויגען און שילט זיך, ווי זיין שטייגער איז. איך האב ניט ליעב צו זעהן זייביידען צוזאמען, ווייל ווען זיי זיינעןביידע צוזאמען קען שוין קיין גוטעס ניט ארויס־קומען. און איך זאג צו זיך אליין: וואס ווילט איהר דען פון מיר האבען? זיי ענטפערען ניט איך האב מיר גלייך געטראכט, אז עפעס איז דא ניט ריין, ניט ווי עס דארף זיין.

ברימען אונטערברעכט דאס עדות זאגען און ערקלעהרט:

— איך בין געוועזן שיכור!

דאן ווענדעט זיך קארנו צו דעם אנגעקלאגטען און זאגט מיט א טיעפער שטימע, ווי פון א ארגעל:

— זאג בעסער, מיר זיינען געוועזן שיכור, מיר ביידע, דאס וועט בעסער שטימען.

דער פרעזידענט צום עדות:

— דערצעהלט ווייטער, מאדאם ברומען.

קארנו:

— נו דאס פאסירט דאך אין די בעסטע פאמיליעס.

ברומען:

— און נאך ווי.

דער פרעזידענט ערנסט:

— איהר ווילט זאגען, אז איהר זייט געווען אנגעטרונקען?

— אלזא ברומען רופט זיך אב צו מיר — ווילסטו פאר־דיענען הונדערט סו? — יא, — זאג איך, ווייל הונדערט סו וואל־גערן זיך דאך ניט אין די גאסען. דאן זאגט ער צו מיר: — עפען דיינע אויגען און זעה וואס איך טהו. — און דאן שלעפט ער ארייז די גרויסע פאס, וועלכע שטעהט אונטער דעם דאך־רעהר, קעהרט עס אום און קייקעלט עס אריין אין קיך, שטעלט אוועק פונקט אין מיטען און זאגט: נו, איצט גיב זיך א קעהר און ברייננ וואסער, ביז עס וועט ווערען פול.

איך שטעה אלזא אויף, לויף צום ברונעם מיט צוויי עמער און שלעפ וואסער, איין מאל, צוויי מאל. א גאנצע שטונדע שלעפ איך אזוי, דען די פאס איז זעהר גרויס.

דערווייל געהען ברומען און קארנו אוועק און גיסען אריין נאך א גלעזעלע און ווידער א גלעזעלע. און דאן זאג איך צו זיי — נו, איהר זייט דאך שוין פול, איהר האט דאך שוין מעהר אין זיך אריינגעגאסען, ווי איך אינ'ם גאנצען פאס. און דאן רופט זיך אב ברומען: — רעג זיך נור ניט אויף, טהו דיר דיין זאך, דיין צייט וועט אויך קומען. האב נור קיין מורה ניט. — איך האב זיך גארנישט געמאכט פון זיינע רייד, ווייל ער איז דאך געווען שיכור.

ווען די פאס איז געווען פול ביז צו די ברעגעס, האב איך גע־זאגט — נו, איצט איז עס פול.

דאן גיט מיר קארנו הונדערט סו, ברומען ניט, ניין, קארנו האט מיר זיי געגעבען, און ברומען זאגט: — ווילסטו נאך הונדערט סו פארדי־ענען?

— געווים, — זאג איך, דען עפעס אזוינס קומט ניט פאר אלע טאג. דאן זאגט ער צו מיר:

— נו, אויב אזוי, דאן טהו זיך אוים.

— איך זאל זיך אויסטהאן?

— נו יא — זאגט ער צו מיר

— וויפיעל זאל איך זיך דאן אויסטהאן?

ער זאגט :— אויב דו שעמסט זיך, דאן קענסטו בלייבען אין העמד. אונז איז אלץ איינס.

הונדערט סו איז א שטיק געלד. איך טהו זיך אלזא אוים. הגם מיר איז ניט אזוי אנגענעהם זיך אויסצוטהאן פאר די ביידע לומ־פען אין די אויגען. איך נעהם ארונטער פון זיך דאס הייבעל, דאן די פאטשיילע, דאן דאס קלייד, דאן די הילצערנע שיך. ברומען זאגט אויך :

— יא, מיר זיינען אנשטענדיגע מענשען.

און ווען איך בין אזוי געבליבען שטעהן, ווי אונזער מוטער חוה, קומען זיי צו מיר צו. זיי האבען כמעט ניט געקענט שטעהן אויף זייערע פיס, אזוי טויט שיכור זיינען זיי געווען מיט רעספעקט צו מעלדען, הערר ריכטער.

איך פרעג זיך אלזא, וואס ווילען פון מיר די וואוילע יונגען ?!

און ברומען זאגט :— ביזטו פארטיג ?

קארנו רופט זיך אב :— נו אבגעטהאן זאל ווערען !

און דאן טהוען זיי מיר א כאפ, ברומען פאר׳ן קאפ, קארנו פאר די פיס, אט ווי מען נעהמט א שטיק וועש. איך, פארשטעהט זיך נעהם מאכען קולות.

און ברומען זאגט — האלט דיין פיסק, אלטער עזעל.

זיי הייבען מיך אויף אויף די ארעמס אוןווארפען מיך אריין אין דער פולער פאס וואסער. אז דאס בלוט ווערט אין מיר גלייך פאר־גליווערט און א קעלט געהט מיר דורך אין אלע ביינער.

און ברומען זאגט : — מעהר ניט ?

קארנו זאגט : — מעהר ניט.

ברומען רופט זיך ווידער אפ : — דער קאפ איז ניט אינע־ווייניג.

קארנו ענטפערט : — ווילסטו דעם קאפ אויך אריינשטעקען ?

און ברומען דריקט מיר דעם קאפ אונטער דאס וואסער ארונ־טער. אזוי אז מיר ווערט גלייך פול אין נאז, דאס וואסער לויפט מיר אין האלז און איך דערזעה שוין פאר זיך דעם גן עדן און דאן דריקט ער מיך ארונטער און איך פערשווינד אין גאנצען.

און דאן האט ער הפנים זיך דערשראקען, האט מורא געקראגען,

האט ער מיך שנעל ארויסגעשלעפט און געזאגט: — נו, איצט טרי־קען זיך שנעל אב, דו אלטע סקראנטע.

איך כאפ מיינע פיס און לויף און ראטעווע זיך ביים פריס־טער. ער לייהט מיר א קליידעל פון זיין קעכין, ווארום איך בין דאך געווען מוטער נאקעט. און ער ברענגט שיקאט דעם פעלד וועכטער און דער לויפט אוועק נאך א זשאנדאר און דאן לאזען זיי זיך אלע אוועק מיט מיר אהיים.

און דא געפינען מיר ברומען און קארנו. וועלכע שלאגען זיך, הרג'ענען זיך, בריקען זיך ווי צוויי ווילדע אקסען.

ברומען שרייט: — דאס איז ניט אמת, איך זאג דיר, אז דא איז אם וויינינגסטען פאראן א קוביקמעטער. אונזער מיטעל טויג אויף קלאגען.

קארנו שרייט: — פיער עמער זיינען דאך אפילו ניט קיין האלבער קוביקמעטער! דו האסט גארנישט צו זאגען, דאס שטימט אזוי.

דער זשאנדארם האט זיי ארעסטירט. איך האב מעהר גאר־נישט געקענט טהאן...

זי זעצט זיך. דער עולם לאכט. די געשווארענע קוקען זיך אן צושראקענע. דער פרעזידענט רופט זיך אב:

— קארנו, ווי עס שיינט, זייט איהר געווען דער הויפטמאכער פון דיעזער נידערטרעכטיגקייט. וואס האט איהר צו זאגען? ענטפערט!

און איצט שטעלט זיך קארנו אויף:

—הערר פרעזידענט, מיר זיינען געווען שיכור.

— דאס וויים איך. רעדט ווייטער.

— אלזא ברומען קומט אריין אזוי ארום ניין אזייגער, לאזט זיך געבען צוויי שנעפסלאך און זאגט צו מיר:

— איינער איז פאר דיר, קארנו — און איך זעץ זיך אנטקע־גען איהם און גיס אריין. און אוים העפליכקייט טראקטיר איך איהם צוריק. נו, פארשטעהט זיך, ער ווידער און איך אויך. און אזוי גיסען מיר אריין איין שנאפס נאך דעם אנדער'ן ביז ארום מיטאג צייט.

# א האנדעל

דא הויבט ברומען פלוצים אן צו קלאגען. איך ווער ווייך און פרעג: — וואס איז מיט דיר? — ער זאגט: — איך מוז ביז דאנערשטאג קריגען טויזענד פראנק. — איהר פארשטעהט דאך אליין, אז מיר ווערט דערפון קאלט אין די פיס, אבער ער רעדט ווייטער און שלאגט מיר פאר: — איך פארקויף דיר מיין ווייב.

שיכור בין איך געווען, אז אלמן בין איך און זיין פארשלאג, איהר פערשטעהט דאך אליין, איז מיר אריין אין קאפ. זיין פרוי האב איך דאך ניט געקענט, אבער א ווייבספארשוין איז א ווייבס־פארשוין. און איך פרעג: פאר וויפיעל ווילסטו מיר זי געבען?

ער טראכט א ווייל, אדער ער מאכט אן אנשטעל אז ער טראכט — ווען מען איז שיכור קען מען ניט טראכטען — און דאן זאגט ער צו מיר: — איך וועל זי דיר פארקויפען אויף דעם קוביק־מעטער.

דאס הייבט מיך ניט אן צו וואונדערן, דען איך בין דאך גע־ווען גראדע אזוי שיכור ווי ער, און דער קוביקמעטער איז מיר גע־ווען בעקאנט צוליעב מיין פאך, איך האט געוואוסט, אז דאס מאכט טויזענד ליטער און מיר איז זיין פלאן געפעלען.

איצט האבען מיר נור געדארפט דורכקומען אין פרייז. אבער דאס ווענדעט זיך דאך אין גאנצען אן די סחורה. און איך מאך צו איהם: — וואס וועט קאסטען דער קוביקמעטער?

ער זאגט: — צוויי טויזענד פראנק.

איך גיב א שפרונג אין דער לופטען, אבער דאן פאלט מיר איין, אז אזא מין ווייבספארשוין קען ניט זיין מעהר ווי דריי הונ־דערט. אבער טראצדעם זאג איך: — דאס איז צו טהייער.

ער ענטפערט: — ביליגער קען איך זי דיר ניט געבען, אז ניט פארליער איך נאך עפעס אן עסק.

איהר פארשטעהט, מען פארקויפט ניט אומזיסט חזירים, יעדער פארשטעהט זיין פאך, אבער מיין קאפ האט מיר נאך אויך ניט אויסגעדארט און איך בין געפאלען אויף אן איינפאל, איך זאג צו איהם אזוי: — הער אויס, ווען דיין סחורה וואלט געווען גאנץ ניי, וואלט איך גארנישט געהאט צו זאגען. אבער דו האסט זי דאך שוין אבגענוצט, ניט אמת? אלזא דאן שטימט די זאך ניט. איך גיב

## אַ האַנדעל

דיר פּופּצעהן הונדערט פראַנק פאַר דעם קוביקמעטער, אַ גראַשען ניט מעהר. פּאַסט עס דיר איז גוט, אַז ניט איז ניט. — ער ענט־פערט: — אָבגעמאַכט, קלאַפּ צו!

איך גיב איהם די האַנד און מיר געהען נעאַרעמט אַרויס פון שענק. מען מוז איינער דעם אַנדער'ן אונטערשטיצען אין לעבען.

אָבער דאַ קריג איך אַנגסט: — ווי אַזוי זאָלען מיר זי דען מעסטען, מיר קענען איהר דאָך ניט מאַכען פּליסיג?

דאַן ערקלעהרט ער מיר זיין פּלאַן. עס איז ניט אַנגעקומען אַזוי לייכט, דען ער איז געווען שיכור. און ער זאָגט צו מיר: — נעהמען אַ פאַס און פילען עס אַן ביז צו די ברעגעס מיט וואַסער. איך טהו זי אַהין אַריין און אַלעס וואָס וועט אַרויסלויפען, וועט אָבגעמאָסטען ווערען. אויף אַזאַ אופן וועלען מיר אַרויסקריגען איהר מאָס.

איך ענטפער איהם: — גוט, איינפערשטאַנען! אָבער ווי אַזוי וועסטו מעסטען דאָס וואָס איז אַרויסגעלאָפען?

דאַן זאָגט ער: — ביזטו אָבער אַ נאַרישער יונג און ער ער־קלעהרט מיר, אַז מיר דאַרפען בלויז דאָס פאַס, נאָכדעם ווי זיין פרוי, וועט פון דאָרטען אַרויס, ווידער אָנפילען, און וויפיעל לי־טער זיי וועלען אויף דאָס ניי אַהין אַריינגיסען, אַזוי פיעל איז איהר מאָס. איך טהו מיר אַ טראַכט, צעהן עמער וועלען זיין אַ קוביק מעטער. ער איז גאַר ניט אַזאַ נאַר, ווען ער איז שיכור, דער אַלטער אָקס.

קורץ מיר געהען אַוועק און איך דערזעה די אַלטע.

שעהן איז זי אַפילו ניט, דאָס זעהט יעדערער, ווער עס האָט נור אויף איהר אַ קוק געטהאָן, און איך זאָג מיר, איך בין דאַ גוט אַריינ־געפאַלען. אָבער אַ האַנדעל איז אַ האַנדעל, און שעהן אָדער העס־ליך, געברויכען קען מען זי דאָך, ניט אמת, הערר פּרעזידענט? און איצט זעה איך, אַז זי איז דאַר און צוטרוקענט ווי אַ שטעקען און איך זאָג מיר, זי וועט ניט האַלטען מעהר ווי פיערציג ליטער. אויף דעם פאַרשטעה איך זיך שוין, ניט אומזיסט האָב איך צו טהאָן מיט פליסיגקייטען.

זי האָט אייך שוין דערצעהלט, ווי די געשיכטע איז געמאַכט

געווארען, און זי האט דאך אפילו די זאקען און די העמד אויף זיך איבערגעלאזט, צו מיין שאדען.

באלד נאך דער געשיכטע כאפט זי און אנטלויפט. איך מאך צו איהר מאן: — פאס אויף, ברומען, זי וועט מאכען פלוטה.

ער ענטפערט: — האב נור קיין מורא ניט, מיר וועלען זי שוין צוריק קריגען, צום עסען מוז זי דאך אהיים קומען. איצט לאמיר אקארשט אויסמעסטען, וויפיעל איז ארויסגעלאפען.

מיר מעסטען אב, אין גאנצען פיער עמער, כא־כא־כא! — דער אנגעקלאגטער צולאכט זיך אזוי הויך, אז דער זשאנדאר מוז איהם געבען א בוכצע אין זייט. נאכדעם ווי ער בערוהיגט זיך אביסעל, רעדט ער ווייטער:

קורץ ברומען דענקט, אז עס קען ניט זיין, דאס איז צו ווייניג. איך צושריי זיך אויף איהם, ער אויף מיר, איך שריי נאך העכער. ער גיט מיר אין די צייהן, איך גיב איהם צוריק און אזוי אהן א סוף, ווייל מיר זיינען געווען שיכור.

דאן זיינען געקומען זשאנדארען, האבען אונז געכאפט און מיר זיינען ארעסטירט געווארען. איך פערלאנג שאדען־ערזאץ.

ער האט זיך געזעצט, ברומען האט ערקלעהרט, אז דאס וואס זיין מיט־אנגעקלאגטער האט דערצעהלט איז אין אלע פונקטען גע־ווען אמת.

די געשווארענע האבען ניט געוואוסט וואס צו טהאן און זיי זיינען אוועק אין אן אנדער צימער זיך צו בעראטען.

און א שטונדע ארום זיינען זיי ווידער אריין און די אנגעקלאג־טע זיינען פריינעשפראכען געווארען, מיט א פאאר ערנסטע ווער־טער איבער די הייליגקייט פון פאמיליען־לעבען און איבער די גרע־נעצען פון קויפען און פערקויפען.

ברומען האט זיך מיט זיין ווייב אומגעקעהרט צו זיך אהיים און קארנו צו זיין געשעפט.

# דער טייפעל.



י דאָזיגע מורא'דיגע געשיכטע און די דאָזיגע העסליכע בעשעפעניש איז מיר אַנומעלט איינגעפאַלען, ווען איך האָב אויפ'ן ברעג פון א רייכען קור־אָרט דער־זעהן אַ יונגע, עלעגאַנטע, שעהנע און געאַכטעטע פּאַריזערין.

מיין געשיכטע האָט פּאַסירט שוין לאַנג, לאַנג, אָבער עטוואָס אַזוינס פערגעסט זיך נים.

אַ פריינד האָט מיך איינגעלאַדען צו פערברענגען ביי איהם אין אַ קליינער פּראָווינץ־שטאָדט אַ געוויסע צייט, און אום איך זאָל בעקאַנט ווערען מיט דער געגענד, איז ער מיט מיר אַרומגעגאַנגען שפּאַציערען, האָט מיר געצייגט די בעריהמטע אויסזיכטען, די שלעסער, פאַבריקען, רואינען, מיך געלאָזט זעהן מאָנומענטען, קירכען, אַלטע טהויערען, ריעזיג גרויסע בוימער, און אַזוי ווייטער.

ווען איך האָב מיט ליעבעסווירדיגער בעגייסטערונג שוין גע־האַט בעטראַכט אַלע וואונדער פון דער געגענד, האָט מיר מיין פריינד מיט אַן אומעדיג פּנים ערקלעהרט, אַז עס איז שוין ניטאָ מעהר וואָס צו זעהן. איך האָב פרייער אָבגעאָטהעמט. גאָט צו דאַנקען, איצט האָב איך זיך געקענט אַ ביסעלע אויסרוהען אין שאָ־טען פון די בוימער.

אָבער פּלוצים האָט ער ארויסגעלאָזט אַ געשריי:

— אַך, איך האָב גאָר פערגעסען! מיר האָבען נאָך צו זעהן די מוטער פון די פערזעהענישען. אַהין מוזען מיר נאָך צוגעהן.

איך האָב געפרעגט:

— ווער איז דאָס די מוטער פון די פערזעהענישען?

ער האָט געענטפערט:

— דאס איז א העסליכע פרוי, אז אמת'ער טייפעל. א בע־שעפעניש, וואס ברענגט יאהר נאך יאהר אומיסטנע פערקריפעלטע קינדער, מיאוס'ע ברואים אויף דער וועלט און פערקויפט זיי צו וואנדערענדע קינצלער, וועלכע שטעהען מיט בודקעס אויף די יא־רידען.

די פערטרעטער פון דער דאזיגער אינדוסטריע קומען פון צייט צו צייט און פרעגען זיך נאך, אויב זי האט ניט פראדוצירט עפעס א נייע פערזעהעניש. און ווען דאס נפש'ל געפעלט זיי, נעהמען זיי עס מיט און בעצאהלען דער מוטער א געוויסען פראצענט.

זי האט שוין עלף ברואים אזעלכע אויף דער וועלט געבראכט. זי איז רייך.

דו מיינסט אודאי, אז איך לאך? איך טראכט אוים, איך איבערטרייב? ניין, ניין, אלטער פריינד, איך זאג דיר דעם אמת, דעם פולען אמת. אט קום, אדרבה, לאמיר צוגעהן צו דער פרוי. אויפ'ן וועג וועל איך דיר דערצעהלען, ווי אזוי זי קומט צו דער דאזיגער שרעקליכער פאבריק פון העסליכע קריפעלס.

* * *

ער האט מיך אוועקגעפיהרט אין א פארשטאדט. זי האט בע־וואהנט א שעהנע, קליינע הויז אויף דעם שאסעע. עס איז געווען זעהר שעהן און ריין געהאלטען. דער גארטען האט געשמעקט און איז געווען פול מיט בלומען. מען וואלט געקענט אננעהמען דאס הויז פאר די וואהנונג פון אן אדוואקאט, וועלכער רוהט זיך שוין אוים פון דיענסט.

א דיענסטמיידעל האט אונז אריינגעפיהרט אין אזא קליינעם סאלאן, און די פרוי איז גלייך אריינגעקומען.

זי איז געווען א יאהר פיערציג אלט. א הויכע, מיט הארטע געזיכטסציגע, אבער ריין, ארומגעוואשען, קרעפטיג און געזונד. א ריכטיגער געזונדער פויערשע טיפ, האלב פיה, האלב פרוי.

זי האט געוואוסט, וואס פאר א נאמען זי האט, און מיר האט

זיך געדאַכט, אַז זי קוקט אויף די מענשען מיט האַס, הגם זי רעדט צו זיי אונטערוּוירפיג. זי האָט געפרעגט:

— וואָס פערלאַנגען די הערען?

מיין פריינד האָט געזאָגט:

— איך האָב געהערט, איי אייער לעצטעס קינד איז גאַנץ נאַר־מאַל און איז גאָר ניט עהנליך צו זיינע שוועסטער און ברידער. איך האָב בלויז געוואָלט וויסען, אויב דאָס איז אמת.

זי האָט אויף אונז אַ וואָרף געטהאָן אַ ביטרען און צו־גלייך בייזען בליק און געזאָגט:

— ניין, ניין, מיין גוטער הערר, דאָס לעצטע איז נאָך אפשר העסליכער ווי אַלע איבעריגע. עס איז פערפאַלען. איך האָב קיין גליק ניט, גאָר קיין גליק ניט, מיין גוטער הערר. איין שטיק נאָכ'ן אַנדערען, אַלע די אייגענע. עס איז אַ גרויסער אונגליק. ווי איז דאָס נאָר מעגליך, אַז דער ליעבער גאָט זאָל אַזוי האַרט שטראָפען אַן אָרימע פרוי, וועלכע שטעהט גאַנץ אַליין אויף דער גרויסער וועלט!

זי האָט גערעדט שנעל, מיט אַרונטערגעלאָזענע אויגען, ווי אַ ווילדע חיה, וועלכע האָט אַנגסט. זי האָט פערשטיקט דעם שאַר־פען טאָן פון איהר שטימע און עס איז געווען וואונדערליך, וואָס די דאָזיגע סענטימענטאַלע, פאַלשע רייד קומען אַרויס פון דעם דאָזיגען גרויסען, ביינערדיגען ליב, וועלכער איז געווען צו שטאַרק, צו פער־גרעבט און האָט געשיינט צו זיין געמאַכט נאָר פאַר גראָבע בעוועג־גונגען און צו רעווען ווילד, ווי אַ וואָלף.

מיין פריינד האָט געזאָגט:

— קענען מיר אפשר זעהן דעם קליינעם?

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי ווערט רויט... און אפשר האָב איך אַ טעות געהאַט. אין אַ פּאָר סעקונדען האָט זי געזאָגט עטוואָס העכער:

— וואָס וועט אייך דערפון אַרויסקומען?

זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אונז אָנגעקוקט שאַרף און מיט פייער אין די אויגען.

מיין בעגלייטער האָט געזאָגט:

— פאַר וואָס זאָלען מיר עס דען ניט זעהן? איהר ווייזט עס

דאך א סך מענשען. איהר פערשטעהט שוין, וואס איך מיין.

זי איז אויפגעשפרונגען. איצט האט איהר שטימע שוין מעהר קיין צוואנג ניט אנגעטהאן און פול מיט כעס און רציחה האט זי גענומען שרייען:

— אזוי גאר, צוליעב דעם זייט איהר אהער געקומען? פשוט צוליעב אייער געמיינהייט, ווייל מיינע קינדער זיינען ווי די פיה. וואס? איהר ווילט זיי אנקוקען? א נעכטיגער טאג, איהר קריגט זיי ניט צו זעהן. ניין, ניין, בשום אופן ניט. און טראגט זיך בע־סער אב פון דאנען! גלייך! צו וואס קומט איהר איבערהויפט אהער?

זי האט זיך אווארף געטהאן אויף אונז מיט די הענט אין די זייטען.

ביי דעם הארטען טאן פון איהר שטימע האט זיך פלוצים פון צווייטען צימער דערהערט א מין קרעכצען, אדער א רעווען, עפעס אזא קלאגעדיגער אידיאטישער אויסגעשריי. ער האט מיך דורכ־גענומען דורך און דורך. מיר האבען אבגעטראטען פון איהר. מיין פריינד האט געזאגט מיט אן ערנסטען טאן:

— היט זיך, איהר טייפעל, וואס איהר זייט!

אין דער געגענד האט די פרוי אנדערש ניט געהייסען, ווי טייפעל.

— היט זיך, דאס וועט אייך נאך אמאל ברענגען אונגליק.

זי האט געציטערט פאר כעס, צוזאמענגעדריקט איהרע פויס־טען און געשריען:

— ארויס, זאג איך! וואס אזוינס קען מיר ברענגען אונ־גליק? טראגט זיך אב פון דאנען, לומפען, אדער איך וועל אייך ווייזען, ווער איך בין!

זי האט זיך א ווארף געטהאן אונז אין פנים אריין, אבער מיר זיינען אנטלאפען מיט שרעק און עקעל אין הארצען.

ווען מיר זיינען ארויס פאר דער טהיר, האט מיר מיין פריינד געפרעגט:

— נו, איצט האסטו זי געזעהן. וואס זאגסטו צו איהר?

איך האב געענטפערט:

— אבער דערצעהל מיר דאך, וואס איז מיט דיזער בעסטיע געשעהן ?

און בעת מיר זיינען לאנגזאם געגאנגען איבער'ן ווייסען שאַסעע, וואו עס איז שוין געשטאנען רייפע תבואה, וועלכע א לייכטער ווינטעלע האט בעוועגט אהער און אהין, ווי א רוהיגען ים, האט ער גענומען דערצעהלען.

* * *

די דאזיגע בעשעפעניש איז פריהער געווען א דיענסט אין א הויף. זי האט זיך געטהאן איהר ארבייט, איז געווען שפארזאם און קלוג. זי האט ניט געהאט קיין געליעבטע און קיינער האט אויף איהר גאר ניט געהאט וואס צו רעדען.

דאן האט זי איין מאל אין א געוויסען טאג געמאכט א פאלשען שריט, און זיך אויסגעגליטשט אזוי ווי אלע. אין אבענד, אין שניט-צייט, צווישען די בינטלעך היי האט עס פאסירט, אונטער א שווארצען, פערכמארעטען הימעל, ווען די הייסע, דריקענדע לופט האט אנגעברענט די ערד, ווי א באק-אויווען, און די מיידלעך און די בחורים האבען זיך מיט שוויים בעגאסען.

באלד איז זי געווארען אין אנדערע אומשטענדען, און שאנדע און אנגסט האבען זי גענומען פייניגען. זי האט געוואלט אויף יעדען פאל בעהאלטען איהר אונגליק. און זי האט צוזאמענגעדריקט איהר לייב מיט א שנור לייבעל פון ברעטלעך און שטריק אויף א גאנץ בעזונדערען אופן, וועלכען זי אליין האט אויסגעטראכט. וואס מעהר איהר קערפער איז געוואקסען מיט דער ענטוויקלונג פון דעם קינד, אלץ מעהר האט זי צוזאמענגעצויגען דעם מאטערניש-אינסטרומענט. האט אונטערדריקט אין זיך אלע וועהטאגען, אלע קוועללען, און אימער מוטהיג, אימער שלאנק, אימער שמייכלענדיג, האט זי נאר געזארגט דערפאר, אז קיינער זאל גאר ניט בעמערקען, קיינער זאל זיך אויף גאר ניט אנשטויסען.

און אין איהר לייב האט זי דורך דער מורא'דיגער מאשין צוזאמענגעפרעסט דאס קליין נפש'ל, עס פערקריפעלט, צוקוועטשט

און געמאכט דערפון א פערזעהעניש. זיין קאפ איז צוזאמענגע־דריקט געווארען, איז געווארען שפיציג, און צוויי גרויסע אויגען האבען ארויסגעשטארטשעט פון שטערען ארוים. די צוזאמענגע־קוועטשטע גליעדער האבען זיך אויסגעצויגען, זיינען געוואקסען אין דער לענג, און די פינגער פון די הענט און די פיס האבען אויסגע־קוקט, ווי די פיסלעך פון א שפין.

די לייב איז געבליבען גאנץ קליין און רונד ווי א נוס.

אין א פריהמארגען אין פריהלינג איז זי אויפ'ן פרייען פעלד אריבערגעקומען.

ווען די ארבייטערינען זיינען געלאפען איהר צו הילף און האבען דערזעהן דאס קליין חיה'לע, וואס זי האט געבארען, האבען זיי זיך פאר שרעק געלאזט לויפען צוריק מיט בענומענע קולות, און אי־בער'ן גאנצען דארף האט זיך צוטראגען א קלאנג, אז זי האט גע־בראכט אויף דער וועלט א טייפעל. פון יענעם טאג אן רופט מען זי: דער טייפעל.

* * *

מען האט איהר ארויסגעיאגט פון איהר שטעלע און זי האט געלעבט נאר פון דער פרייגעביגקייט פון שכנים, און אפשר פון געהיימע ליעבע ; ווארים נים אלע מענשען האבען מורא פאר'ן גיהנום, און זי איז געווען א שעהנע מיידעל.

זי האט ערצויגען איהר פערזעהעניש, וועלכען זי האט איבע־ריגענס פערפאלגט מיט א ווילדען האס. זי וואלט איהם אפשר אין גאנצען דערשטיקט, ווען ניט דער פריסטער, וועלכער האט פאר־אויסגעזעהן דעם פערברעכען און האט איהר שטארק אנגשראקען מיט דעם גיהנום און יענער וועלט.

דאן האבען איינמאל וואנדערענדע קינצלער, וועלכע שלעפען זיך געוועהנליך ארום אויף די יריד'ן, דערהערט ווענען דער מיאוסער בעשעפעניש און האבען עס געוואלט זעהן, אום עס נעהמען מיט זיך, ווען עס וועט זיי געפעלען. זיי האבען זיך דורכגערעדט מיט דער מוטער און איהר געגעבען פינף הונדערט פראנק.

צוערשט האָט זי זיך געשעהמט און האָט איהר קריפּעל, האַלב־מענש, האַלב חיה, ניט געוואָלט צײגען. אָבער װען זי האָט בעמערקט, אז עס איז װערט געלד, אז עס האָט אויף זיך אַ נאכפראַגע, בעלנים, האָט זי גענומען דערמיט האַנדלען, זיך געדונגען פאר יעדען סו און מיט פּויערשער האַרטנעקיגקייט ארײנגעטריבען דעם פּרייז זעהר הויך.

דער אונערװאַרטעטער געװינס האָט די מוטער אין גאַנצען משוגע געמאַכט, און דער װאונש נאָך איינס אזא װאונדערליכע בעשעפעניש אויף דער װעלט צו ברענגען, אום רײך צו װערען, װי די בירגער־פרויען, האָט זי אויף איין מינוט ניט פערלאַזען.

אזוי װי זי איז געװען פרוכטבאַר, האָט זיך דאָס איהר אײנגעגעבען. װי עס שיינט איז איהר אויך געלונגען די געשטאַלט פון איהרע פערזעהענעשיען צו פערענדערען נאָך דעם דרוק, צו װעלכען זי האָט זיי אויסגעזעצט.

זי האָט געהאַט קליינע און גרויסע, איינע האָבען אויסגעזעהן װי די קראַבען, די אנדערע װי עפּעס אַ׳ן אנדער מין חיה׳לע. אַ פּאָאר פון זיי זיינען געשטאָרבען . . . זי איז געװען אויסער זיך.

די פּאָליציי האָט פּרובירט זיך ארײנמישען, אָבער מען האָט איהר גאָרנישט געקענט טהאָן. מען האָט איהר געמוזט לאָזען צופריעדען און זי האָט זיך גאַנץ רוהיג װייטער פאַבריצירט איהרע פאַרזעהענישען.

איצט האָט זי זיי לעבעדיגע עלף שטיק און זיי ברענגען איהר ארײן דורכשניטליך פון פינף ביז זעקס הונדערט פראַנק אַ יאָהר. איין איינציגעס איז נאָך ניט פערקויפט, די װאָס זי האָט אונז ניט געװאָלט װייזען. אָבער זי װעט עס שוין זיכער ניט לאַנג האָבען צו האַלטען, דען אַלע בעזיצער פון די ביליגע מוזעאומס, אַלע פאַקוסניקעס, אַלע קינצלער קענען זי און קומען פון צייט צו צייט צו איהר זיך נאָכפרעגען, אויב זי האָט עפּעס נייעס.

* * *

מיין פריינד איז אנשװיגען געװאָרען. אַ שרעקליכער עקעל

האט זיך אין מיר אויפגעהגיבען און א בייזער כעס. איך האב בע־
דויערט, וואס איך האב ניט דערוואָרגען די דאזיגע בעסטיע אין
מענשען געשטאַלט, ווען זי איז געשטאַנען פאר מיר.

איך האב געפרעגט:

— אבער ווער איז דער פאטער?

ער האט געענטפערט:

— דאס ווייס מען ניט. ער אדער זי שעהמען זיך, ער אדער
זי בעהאלטען עס. פיליכט קריעגט ער פראצענטען פון די
פערדיענסטען.

* * *

איך האב שוין מעהר וועגען דער געשיכטע ניט געטראַכט, ווען
איך האב אנומעלט אין א מאדערנעם קוראָרט געזעהן א עלעגאנטע,
רייצענדע קאָקעטע דאמע, וועלכע איז פון אלעמען געוועזן געליעבט
און געאַכטעט און פון די מענער איינפאך פארגעטערט.

איך בין געגאנגען איבער׳ן ברעג פון ים מיט א פריינד, דעם
דאקטאר פון׳ם באדע פלאַץ. אין צעהן מינוטען ארום האב איך
דערזעהן א קינדער־מיידעל מיט דריי קינדער, וועלכע האבען זיך
געשפּיעלט אין זאמד.

א פּאאר קוליעס זיינען געלעגען אין זאמד און האבען צוגע־
צויגען מיין אויפמערקזאמקייט. און ערשט יעצט האב איך בע־
מערקט, אז די דריי קליינע קינדערלאך זיינען געוועזן הארבאטע,
פארקריפּעלט, העסליך.

— דאס זיינען די קינדער פון יענער רייצענדער פרוי, וואס
דו האסט נאר וואס געזעהן.

טיעפער מיטלייד פאר איהר און פאר די ארימע קליינע
ווערימלעך האט זיך אין מיין נשמה ארייגגע׳גנב׳עט און איך האב
אויסגערופען:

— אך, ארימע מוטער! קען זי דען נאך לאכען?!

מיין פריינד האט באמערקט:

— אך, דו דארפסט זי ניט אזוי שטארק בעדויערען. די ארימע

קליינע קינדערלאך, זיי דארף מען בעדויערען, אויף זיי איז געבען א רחמנות. זיי זיינען די פראדוקטען פון דער טאליע, וועלכע איז ביז צום לעצטען אויגענבליק געבליבען שלאנק און דין. אט די קאליקעס זיינען די פראדוקטען פון קארסעט. זי, די מוטער, ווייס גאנץ גוט, אז זי ריזיקירט דערביי מיט'ן לעבען פון די קינדער. אבער וואס מאכט עס איהר אויס, אזוי לאנג ווי זי בלייבט שעהן און די מענער מאכען איהר קאמפלימענטען.

און דא האב איך זיך דערמאנט אז דער אנדערער, דער פויערטע, דעם טייפעל, וועלכע פערקויפט איהרע פאנטאסטישע פערזעהנישען פאר געלד.



# ר אָ ז אָ.

ביידע יונגע פרויען זיינען געווען ווי בעגראבען אונ־טער א בארג בלומען. זיי זיינען געזעסען זאלבע־נאנד אין דעם גרויסען עקיפאזש, וועלכער איז ווי א גרויסער קאָרב פערוואָרפען געווען מיט בוקעטען. אויף דעם הינטערשטען זיץ שטעהען צוויי ווייסע אטלאסענע קערבעלאך מיט פיילכען פון ניצצא, און אויף דעם בערען־פעל, וואס איז ארויסגעוואָרפען ביי די פרויען אויף די קניע געפינט זיך א גאנצער גארטען פון ראָזען, מימאזען, לעווקאָיען, מארגארטקעס, טובעראָזען און אָראנגען בליהונגען איבערגעבונ־דען מיט פערשיעדען־פארביגע זיידענע בענדער. פון צווישען די בלומען, וועלכע שיינען צו דערשטיקען די צוויי צארטע קערפערם, זעהען זיך בלויז ארויס זייערע שולטערן, די ארעמס, און א גאנץ קליינער טהייל פון זייערע טאליעס, איינע אין בלוי און די צווייטע אין לילא־פארב.

אויף דעם קוטשער'ס בייטש געפינט זיך א גרויסער אנעמאָן בוקעט, די לייצעס פון די פערד זיינען אויסגעפוצט מיט געלע בלומען, די רעדער מיט רעזעדא און אויף'ן פלאץ פון די לאנטערנעס שטעקען צוויי ריעזיג גרויסע רונדע בוקעטען, וועלכע זעהן אויס ווי צוויי מערקווירדיגע אויגען פון דעם דאָזיגען פליהענדען שען פארפוצטען פערד.

דער עקיפאזש טראָגט זיך אין שנעלען גאלאָפּ איבער דער גאס דע אנטיבעס. פאר איהם, הינטער איהם, פוןביידע זייטען יאָגען זיך אנדערע קארעטען בעפוצט מיט בלומען קראנצען; אין זיי זיצען פרויען, ווי אין א ים פון פיילכען.

עס איז דער בלומען יום טוב אין קאננעס

איצט קומען זיי צו צו דעם בולוואר דע לא פאנסיער, וואו די בלומען שלאכט קומט פאר. אין דער לענג פון דער ריעזיג גרויסער אלעע ציהט זיך ווי א לאנגע, לאנגע לענטע א דאפעלטע רייהע פול מיט בלומען אויסגעפוצטע עקיפאזשען אהין און צוריק.

מען ווארפט זיך מיט בלומען פון איינע צו די אנדערע, ווי מיט פילקעס. די שמעקעדיגע בלומען פליהען אין דער לופט, טרע־פען די פרישע פנים'ער, שפרינגען אב און פאלען דאן אין שטויב, וואו א באנדע גאסען אינגלאך כאפט זיי אונטער.

א געדיכטער עולם א פרעהליכער און א טומולדיגער שטעהט אויף די טראטוארען און קוקט זיך צו: רייטענדע זשאנדארען האל־טען זיי אין צוים. די ארדנונג־היטער פאהרען פארביי דעם עולם און שטויסען גראב אב נייגעריגע פוסגעהער, עפעס אזוי ווי זיי וואלטען ניט געוואלט צולאזען, אז דער המון זאל זיך אויסמישען מיט די רייכע.

אין די עקיפאזשען רופט מען איינע די אנדערע. מען דערקענט זיך און מען ווארפט זיך מיט ראזען.

א וואגען פון מיט שענע פרויען, אלע אין רויט, ווי די טיי־וואלים, ציהט צו זיך צו און פאר'בישופ'ט אלעמענס אויגען. עפעס א מאן עהנליך צו די בילדער פון העינריך דעם פיערטען, ווארפט מיט פרעהליכער בעגייסטערונג א גרויסען בוקעט, וועלכער איז אנ־געבונדען אויף א גומען. זעהען עס פון ווייטען די פרויען און בע־האלטען דעם פנים מיט די הענד כדי ניט צו קריגען קיין קלאפ און די מענער לאזען ארונטער די קעפ, אבער דער גרויסער פליהענדער בוקעט טהוט א שפרונג אין לופטען און קעהרט זיך באלד ווידער אום צו זיין בעל הבית, וועלכער ווארפט איהם גלייך ווידער אין דער ריכטונג פון אן אנדער פנים.

די צוויי יונגע פרויען ווארפען זייערע בלומען מיט פולע הויי־פענס און קריעגען צוריק א האגעל פון בוקעטען. נאכדעם ווי די בלומען שלאכט האט געדויערט א שטונדע צייט, ווערען זיי עטוואס מיעד און הייסען דעם קוטשער פאהרען מיט'ן וועג, וואס ציהט זיך ביים ברעג פון ים צום גאלף זשואן.

די זוז פערשווינדעט. דער רוהיגער ים ציהט זיך אויס א בלויער, א העלער ביז צום האריזאנט וואו ער מישט זיך אויס מיט'ן הימעל. און די געפאנצערטע שיפען, וואס ליגען פאראנקערט אין מיטען פון גאלף זעהען אויס ווי א סטאדע געוואלדיג גרויסע חיות.

אויסגעצויגען אונטער'ן שווערען פעלץ זיצעןביידע פרויען און קוקען אין דער ווייטקייט; צום סוף רופט איינע זיך אב:

— אין אזא שענעם אבענד ווי היינט, זעהט אלעס אויס וואונדער שען און מען פיהלט זיך עפעס מאדנע צופריעדען. ניט אמת מארגא?

— די אנדערע האט געענטפערט:

יא, עס איז אנגענעהם און דאך פעהלט אונז אימער נאך עפּיס.

— וואס אזוינס? איך פיהל זיך גאנץ גליקליך, איך דארף מעהר גארנישט.

— ניט אמת, דו דענקסט נור ניט וועגען דעם. ווי אנגענעהם אונזער קערפער זאל זיך ניט פיהלען, פערלאנגען מיר דאך נאך עפעס מעהר... עפעס פאר דער הארץ אויך!

די אנדערע האט א שמייכעל געטהאן:

— אביסעלע ליעבע?

— יא!

זיי האבען א ווײלע געשוויגען, געקוקט פאר זיך פארטראכט, דאן האט די, וועלכע האט געהייסען מארגאריטא זיך אבגערופען:

— מיר דאכט זיך, אז אהן דעם וואלט דאס לעבען געווען אונערטרעגליך. איך מוז האבען ליעבע, זאל כאטש זיין פון א הונד, אבי ליעבע. און דו קענסט זיך זאגען וואס דו ווילסט, סימאנע, מיר זיינען אלע אזוי!

— א ניין, מיין ליעבע, איך בין מיט דיר ניט איינפערשטאנען! איך וויל בעסער, אז קיינער זאל מיך ניט ליעבען, איידער געליעבט צו ווערען פון דעם ערשטען בעסטען. גלויבסטו, אז מיר וואלט גע־ווען אנגענעהם געליעבט צו ווערען צוםביישפיעל פון... פון...

זי האט געזוכט וועמען זי זאל אנרופען און איהר אויג איז ארומגעלאפען איבער דער ווייטער לאנדשאפט. נאכדעם ווי איהרע

בליקען האבען אויסגעזוכט איבער דעם גאנצען האריזאנט, זייגען זיי געפאלען אויף די צוויי מעשענע קנעפּ אויף דעם קוטשער'ס רוקען, און זי האט געזאגט מיט א שמייכעל:

— נו, לאמיר זאגען צום ביישפּיעל, פון מיין קוטשער?

מארגא האט קוים א שמייכעל געטהאן און געענטפערט שטיל:

— איך קען דיך פארזיכערען, אז עס איז זעהר און זעהר אמוזאנט, ווען א דיענער פארליעבט זיך אין אונז. דאס האט מיט מיר שוין צוויי—דריי מאל פּאסירט. זיי שטעלען אן א פּאאר אויגען, אז מען קען שטארבען פאר געלעכטער! נאטירליך וואס מעהר פארליעבט זיי זייגען אלץ שטרענגער מוז מען זיין מיט זיי און דאן איין שענעם טאג געפינט מען דעם ערשטען בעסטען תירוץ און מען יאגט זיי ארויס, אז ניט קען מען זיך נאך מאכען לעכערליך, ווען אימעצער זאל עס בעמערקען.

סימאנע האט זיך צוגעהערט, קוקענדיג שטאר פאר זיך, דאן האט זי געזאגט:

— ניין, גאנץ בעשטימט, די ליעבע פון א דיענער וואלט מיך ניט בעפריעדיגען. דערצעהל מיר אקארשט, ווי אזוי האסטו בע־מערקט, אז זיי זיינען אין דיר פערליעבט.

— דאס האב איך בעמערקט פּונקט אזוי ווי מען מערקט עס ביי אנדערע מענער: זיי ווערען דאן עפּעס מאדנע נארען.

— מיר זעהען זיי שוין גארנישט אויס נאריש, ווען זיי ליעבען מיך!

— מיין ליעבע, איך זאג דיר, זיי זיינען אידיאטען. קיין ווארט קענען זיי מעהר נישט רעדען, קיין ענטפער געבען, ווי א מענש, און פארשטעהן, פארשטעהן זיי מעהר גארנישט, אט ווי די פערד.

— אבער איצט זאג מיר, איך בעט דיך, ווי האסטו זיך גע־פיהלט, ווען א דיענער האט דיך געליעבט, ביזטו געווען אויפגערעגט, אדער דאס האט דיר געשמייכעלט?

— אויפגערעגט, ניין! געשמייכעלט? נו יא, א קליין ביסעל! מען פיהלט זיך אימער געשמייכעלט, ווען א מאן רעדט צו אונז פון ליעבע, מעג דער מאן זיין ווער ער וויל.

— הער אויף, מארגא, רעד ניט קיין נארישקייטען.

— איך מיין עס ערנסט, מיין טהייערע, אַט איך וועל דיר דער־צעהלען א קאָמישע געשיכטע, וועלכע האָט פּאסירט מיט מיר אליין און דאַן וועסטו זעהן, ווי מערקווירדיג אינטערעסאַנט און אונפער־שטענדליך איז דאָס, וואָס קומט אין אונז פאַר אין אזעלכע צופאַלען.

פאר פיער יאָהרען יעסען צייט, בין איך געבליעבען אָהן א קאמערמיידעל. איך האָב איבערגעביטען זייערע פינף זעקס און אלע האָבען געטויגט אויף כפּרות. איך בין געווען פארצווייפעלט און האָב שוין ניט געגלויבט, אז איך וועל קריעגען א ריכטיגען מענשען. דאַן האָב איך איי, מאָל איבערגעלעזען אין די אַנאָנסען פון מיין צייטונג, אז א יונגע מיידעל, וועלכע קען נעהען, אויס־נעהען און פריזירען, זוכט א שטעלע. זי האָט אַנאָנסירט, אז זי האָט די בעסטע רעקאָמענדאַציאָנען און, אז זי רעדט אויך ענגליש.

איך האָב געשריעבען צו דער צייטונג און אויף'ן צווייטען טאָג איז געקומען די מיידעל און זיך מיר פאָרגעשטעלט. זי איז געווען א הויכע, א שלאַנקע, אביסעלע בלייך און זעהר שעמעוודיג. זי האָט געהאט שענע שווארצע אויגען, א גוטע פארב אין פּנים און איז מיר גלייך געפעלען געוואָרען.

איך האָב געפרעגט אויף איהרע רעקאָמענדאַציאָנען און זי האָט מיר דערלאַנגט איינע געשריעבען אויף ענגליש, ווייל זי איז ניט לאַנג אוועק פון איהר שטעלע ביי ליידי רוסוועל, ביי וועלכער זי איז אָבגעווען צעהן יאָהר. אין דעם פּאפּיער איז גע־שטאַנען, אז די יונגע מיידעל פארלאָזט איהר פּלאַץ, כדי צוריק צו פאָהרען קיין פראַנקרייך און, אז בעת איהר לאַנגער דיענסט האָט מען איהר געקענט אויפוואָרפען בלויז איין איינציגען פעה־לער—אביסעל פראַנצויזישע קאָקעטעריי...

איך האָב געמוזט לאַכען איבער דעם ראָזיגען ענגלישען זאַץ און האָב דאָס מיידעל גלייך אָנגענומען. נאָך אין דעם זעלביגען טאָג איז זי אריינגעטראָטען אין איהר דיענסט, זי האָט געהייר־סען ראָזא.

אין פיער וואָכען ארום האָב איך פון איהר אָנגעקוואָלען.

זי איז געווען אן אמת'ער געפינס, א פערל, א זעלטענהייט.

זי האט מיך געקאמט מיט א מערקווירדיגען געשמאק, האט געקענט ארויסמאכען שפּיצען אויף א הוט בעסער, ווי די ערשטע מאדיסטקע און אפילו קליידער נעהען האט זי געקענט.

איך בין געווען ערשטוינט פון איהרע פעהיגקייטען, קיינער האט מיך נאך קיינמאל נישט אזוי גוט בעדיענט. זי האט מיך אנגעטהאן שנעל און מיט א מערקווירדיג לייכטער האנד, אזוי אז איך האב קיינמאל ניט געפיהלט איהרע פינגער אויף מיין הויט, און קיין זאך איז מיר ניט אזוי אנגענעהם, ווי ווען אזא מיידעל ריהרט מיך אן.

אויף אזא אופן בין איך געווארען שרעקליך פויל. אזוי אנגענעהם איז מיר געווען, ווען מיך האט פון קאפ ביז די פיס, פון א העמד ביז צו די האנדשוה, אנגעטהאן די דאזיגע הויכע, שעמעוודיגע מיידעל, וועלכע איז אימער עטוואס רויט געווארען; און קיין מאל ניט גערעדט קיין ווארט.

נאכדעם ווי איך בין פון דער וואנגע ארויס, האט זי מיר נעמאכט א מאססאזש, בעת איך בין געלעגען אויף א זאפא און האב געדרעמעלט. באלד האב איך זיך צו איהר פערהאלטען ניט ווי צו א פראסטער דיענסט, נור ווי צו א פריינד פון ניעדריגערען שטאנד.

דא קומט צו מיר איין מאל אין א פריהמארגען דער שווייצאר מיט א געהיימער מינע און וויל מיט מיר רעדען עפּעס זעהר וויכטיגעס. איך בין געווארען ערשטוינט און איהם געהייסען אריינגעהן. ער איז געווען אן איבערגעבענער מענש, אן אלטער סאלדאט, מיין מאן'ס אן אמאליגער יונג.

ער איז געווען אביסעל צומישט איבער דעם וואס ער האט מיר געהאט צו זאגען. צום סוף האט ער ארויסגעשטאמעלט:

— גנעדיגע פרוי, דער פאליציי קאמיסאר איז אונטען.

איך האב געפרעגט קורץ:

— וואס וויל ער דען?

— ער וויל מאכען אן אונטערזוכונג ביי אייך אין הויז!

— געוויס, די פּאָליצוו איז א נויטיגע זאַך. אבער איך האָט זי, איך האַלט זייער בעשעפטיגונג פאַר ניט גאָר קיין אנשטענדיגע און איך האָב געענטפערט צורייצט און בעליידיגט:

— וואָס פאַר א הויזזוכונג? אויף וואָס פאַר א גרונד? איך וועל איהם ניט אריינלאָזען!

דער שווייצאַר האָט געענטפערט:

— ער בעהויפּטעט, אז דאָ בעהאַלט זיך א פערברעכער!

דאָ האָב איך זיך דערשראָקען און געגעבען א בעפעהל, אז דער קאָמיסאַר זאָל גלייך אריינגעהן און מיר געבען אן ערקלעהרונג.

ער איז אריין צו מיר. דאָס איז געווען א גאַנץ אנשטענדיגער מאַן מיט א צייכען פון דער עהרען לעגיאָן אין קנאָפּ־לאָך. ער האָט זיך ענטשולדיגט, וואָס ער מוז מיר שטערען, דערנאָך האָט ער ער־קלעהרט, אז אונטער מיינע דיענער געפינט זיך א קאַטאָרזשניק.

איך בין געוואָרען אויפגעבראַכט און געענטפערט, אז איך קען קאַווירען פאַר אָלע מיינע מענשען און האָב זיי נאָך דער רייהע נאָך פאַר איהם אויסגערעכענעט.

— דער שווייצאַר, פּיער קורטען, אן אַלטער סאָלדאַט.

— ער איז עס נישט!

— דער קוטשער פראַנסוא פּעננאַ, א פּויער פון שאַמפּאַניע, ער איז א זוהן פון א פּויער אין מיין מאַנס א גוט.

— נישט דער!

— דער שטאַלקנעכט, אויך פון שאַמפּאַניע און אויך א זוהן פון א פּויער, וועלכען איך קען. דאַן דער דיענער, וועלכען איהר האָט נאָר וואָס געזעהן.

— ניין, זיי זיינען עס נישט.

— זעהט איהר, איצט מוזט איהר אַליין צוגעבען, אז איהר האָט א טעות.

— ענטשולדיגט מיר, גנעדיגע פרוי, איך בין זיכער, אז איך האָב קיין טעות נישט. אזוי ווי עס האַנדעלט זיך וועגען א גע־פעהרליכען פערברעכער, בעט איך אייך, זייט אזוי גוט און לאָזט אייערע דיענער אריין אהער און זאָלען זיי אַלע פאַר מיר פאַר־ביינעהן.

צוערשט האָב איך זיך געגען דעם געוועהרט, דאַן אָבער האָב איך געמוזט נאָכגעבען און געהייסען ארויפקומען אלע מיינע דיענער, ווי מענער אזוי פרוען.

דער פּאָליציי קאָמיסאַר האָט געוואָרפען אויף זיי א בליק און געזאָגט:

— דאָ זיינען ניט אלע!

— ענטשולדיגט מיין הערר, מעהר האָב איך קיינעם ניט, אויסער מיין קאַמערמיידעל, א יונג מיידעל, וועלכע איהר קענט ניט צוזאַמענמישען מיט א קאַטאָרזשניק.

ער האָט געפרעגט:

— קען איך זי זעהן?

— געוויס.

איך האָב אָנגעקלונגען ראזא'ן, זי איז גלייך אריין; אָבער אזוי שנעל ווי זי איז אריינגעקומען, האָט דער קאָמיסאַר געמאכט א צייכען צו צוויי מענער, וועלכע זיינען געווען בעהאַלטען הינטער די פּאָרטיערען, זיי האָבען זיך א וואָרף געטהאָן אויף דאָס מיידעל, געכאַפּט איהרע הענד און אָנגעטהאָן אויף זיי קייטלאך.

איך האָב א געשריי געטהאָן פאַר שרעק און כעס און האָב זיך געוואָלט ארויפוואָרפען אויף די מענשען פארטהיידיגען מיין קאַמערמיידעל. אָבער דער קאָמיסאַר האָט אויסגערופען:

— גנעדיגע פרוי, דאָס מיידעל—איז א מאַן און זיין נאָמען איז זשאַן ניקאָליי לעקאַפּע; אין 1879 איז ער פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט פאַר פערגעוואַלטיגען און דערנאָך ערמאָרדען א מיידעל. די שטראָף איז דערנאָך אומגעביטען געוואָרען אויף לעבענסלענגליכע געפענגניס. מיט פיער מאָנאטען צוריק איז ער אנטלאָפען און פון דאַן אָן זוכען מיר איהם.

איך בין געוואָרען ערשטוינט, צוטומעלט, האָב עס ניט געוואָלט גלויבען, אָבער דער קאָמיסאַר האָט געזאָגט שמייכלענדיג:

— איך קען אייך געבען א בעוויז, ער איז טאַטואירט אויף זיין רעכטען אָרעם.

מען האָט ארויפגעצויגען דעם ארבעל. דער קאָמיסאַר האָט געהאַט רעכט.

**דער קאָמיסאַר האָט דאַן נאָך צוגעלייגט דעם פאָלגענדען צווייטיטיגען וויץ:**

**— וועגען די איבעריגע בעווייזע קענט איהר זיך אויף פער־לאָזען אויף מיר!**

**און זיי האָבען אוועקגעפיהרט מיין קאַמערמיידעל.**

און דו ווערסט גלויבען, דער געפיהל וועלכער האָט אין מיר אם שטאַרקסטען גענומען רעדען איז ניט געווען דער געפיהל פון כעס, וואָס מען האָט פון מיר געמאַכט א שפּיעלכעל, מיך אויס־גענאַרט, מיך לעכערליך געמאַכט, און אויך ניט דער געפיהל פון שאַנדע ביים געדאַנק, אז מיך האָט אָנגעטהאָן, אויסגעטהאָן, מאַס־סירט און אָנגעריהרט דער דאָזיגער מענש... נור א געפיהל . . . פון טיעפער ערניעדריגונג... איך האָב זיך געפיהלט ערניעדע־ריגט און בעליידיגט אלס פרוי... דו פארשטעהסט?

— ניין, ניט גאַנץ קלאָהר!

— נו, דאַן טראַכט זיך גוט אריין. דער יונג איז געווען פאַר־משפּט פאַר פערגוואַלטיגונג... און איך האָב געטראַכט וועגען יענער... וועלכע איז איהם געפעהלען... ווענמען ער האָט פער־גוואַלטיגט... און דאָס... האָט מיך בעליידיגט... איצט פאַר־שטעהסטו שוין?..

מארגא איז אַנשווייגען געוואָרען. איהר פריינדין האָט געקוקט פאַר זיך מיט א שטאַרען, עפּעס מאָדנעם בליק, געקוקט אויף דיביידע בליסטשענדיגע קנעפּ פון דעם קוטשער׳ס ליווריע און גע־שמייכעלט מיט יענעם רעטזעלהאַפטען שמייכעל, מיט וועלכען פרויען שמייכלען אמאָל.

# די מאַסקע פון ליעבע.



י פרינצעסין לעאָניע איז געווען איינע פון יענע וואונ־
דערבארע שענע רעטענישען, וועלכע פערפאָלגען
געגען זייער אייגענעם ווילען יעדען איינעם ווי א
ספינקס. זי איז געווען יונג, פערפיהרעריש, זעהר ליעב
און האט פערשטאַנען ווי אזוי זיך צו מאכען נאך
אינטערעסאנטער דורך שענע און פאסענדע קליידער. זי איז געווען
א וועלט־דראמע פון העכסטען ראנג און דערצו זעהר אינטעליגענט.
וואָס מען קען ניט זאָגען וועגען אַלע אריסטאָקראַטישע דאמען.
זי האט אויך גענומען א גרויסען אינטערעס אין קונסט און ליטע־
ראטור און מען האט גערעדט, אז זי פאטראָניזירט איינעם פון
אונזערע פאָעטען, שטיצט איהם מיט וואָרט און טהאט, און מיט
איהר פריינדשאפט און סימפאטיע מאכט זי איהם לייכטער זיין
דערנערדיגען וועג. דאָס אַלעס האָבען אַלע געוואוסט און קיינער
האט אין דעם ניט געפונען עפּעס בעזונדערעס, אָבער די וועלט האט
געגארט צו וויסען די געשיכטע פון דער פרוי, האט געוואָלט אריינ־
קוקען אין דער טיעפעניש פון איהר נשמה, און ווייל פרינצעסין
לעאָניע האט אהין קיינעם ניט אריינגעלאָזען, איז פאר אַלעמען
געבליעבען עפּעס א מין רעטעניש.

קיינער האט קיינמאָל גאָרניט געקענט לעזען אויף איהר
פּנים, וועלכער איז אַלע מאָל געווען פרעהליך און אַלע מאָל
דער אייגענער; קיינער האט ניט געקענט אריינדרינגען אין די
גרויסע, דונקעלע אונדורכדרינגליכע אויגען, וועלכע האָבען בעהאַל־
טען זייערע סודות אונטער דער אונגעשטערטער הייטערקייט און
קעניגליכער רוה, ווי א טייך אין די בערג, וואו דאס וואסער זעהט
אויס שווארץ צוליעב דער טיעפקייט. ווארים יעדער איינער איז
געווען זיכער, אז די שענע פרינצעסין האט זיך איהרע סודות,

אינטערעסאנטע און וואונדערבארע, ווי די אנדערע דאמען פון אונזער אריסטאָקראטישער וועלט.

די מעהרסטע מענשען האָבען אויף איהר געקוקט, ווי אויף א קאָקעטקע אָהן א הארץ און אָהן בלוט, זיי האָבען בעהויפּטעט, אז זי איז טוגענדהאַפט בלויז דערפאר, ווייל זי איז ניט אימשטאנד צו ליעבען, און אז דערפאר בעשטעהט איהר גאנצער פערגעניגען אין דעם—אז מען זאָל זי ליעבען. זי שפּיעלט זיך און פאר'כשופ'ט איהרע אָפּפער אזוי לאנג, ביז יענע ווארפען זיך בעזיעגט צו איהרע פיס, דאן לאָזט זי זיי איבער צו זייער שיקזאל און לאָזט זיך אוועק זוכען נייע שפּיעלצייג.

אנדערע האָבען ערקלעהרט, אז די פּרינצעסין האט געהאט געגוג ראָמאנען אויף איהר לעבען און, אז איצט פּאסט זי אויך ניט, אָבער ווי אַן אמת'ע מעססאלינא פערשטעהט זי ווי צו בע־האלטען איהרע ליעבעסגעשיכטען. זי איז ווי די פראנצויזישע קע־ניגין, וועלכע האט יעדען פון איהרע ליעבהאָבער געלאָזט אריינ־ווארפען אין די קאלטע וואסערען פון דער סעין אזוי שנעל, ווי זיי זיינען ארויס פון איהרע ווייכע און ווארימע אָרעמס. אזוי־ האָט מען איהר בעשריעבען פאר גראף אָטטאָ פ., א שעהנעם קאַ־וואלעריסקען אָפיציער, וועלכער איז מיט דער דאָזיגער פערפיה־רעריו בעקאנט געוואָרען אין דעם אריסטאָקראטישען באדע־פּלאַץ קארלסבאד און זיך אין איהר שטערבליך פארליעבט.

נאָך איידער ער איז פאר איהר פאָרגעשטעלט געוואָרען, האָט די פּרינצעסין זיך שוין איבערגעקוקט מיט איהם מיט פייערדיגע און ערמוטיגענדע בליקען, און ווען א בעקאנטער אָפיציער האָט איהם מיטגענומען זי צו בעזוכען, האָט זי איהם בעגריסט מיט א שמייכעל אין וועלכען עס איז געלעגען א צוזאָג אויף גליק. נאָכדעם ווי ער האָט א מאָנאט נאָכאנאנד איהר ארויסגעוויזען ליעבע, איז ער דאָך ניט אוועק איין טריט ווייטער. זי האָט געהאט עפּעס א בע־זונדערע פעהיגקייט ניט צוצולאָזען צו זיך פאר פּריוואטע געשפּרע־כען. עס איז ניט מעגליך געוועזען צו זאָגען איהר צוויי ווערטער אויג אויף אויג. אויף אזא אופן האָט עס אויסגעזעהען, אז עס

וועט צווישען זיי קיינמאל ניט אוועק ווייטער, ווי אן איינפאכע אנגענעהמע בעקאנטשאפט.

נאכט נאך נאכט איז דער פערליעבטער יונגער אפיציער ארומ־געגאנגען ארום דעם אבגעצוימטען גארטען פון איהר ווילא אזוי נאהענט צו איהרע פענסטער ווי נור מעגליך, אהן דעם אז אימעצער זאל איהם האבען באמערקט. אבער צום סוף האט איהם אבגעגליקט. די לבנה, כמעט א גאנצע, האט ליכטיג געשיינט אוז אין איהר זיל־בערנעם שיין האט ער דערזעהן א הויכע פרויען פיגור מיט גרויסע צעפ ארום קאפ פארפלאכטען, געהענדיג איבער'ן וועג. ער האט זיך אבגעשטעלט, עס האט זיך געדאכט, אז דאס איז די פרינצעסין, אבער ווען זי איז צוגעקומען נעהנטער, האט ער דערזעהן אן אונ־בעקאנט, שען מיידעל, וועלכע איז צוגעקומען ביז צום צוים און געזאגט צו איהם מיט א שמייכעל:

— וואס קען איך טהאן פאר אייך, גראף? — און דערביי האט זי אנגערופען זיין נאמען.

— ווי עס שיינט קענט איהר מיך, פריילין.

— אה! איך בין בלויז דער פרינצעסינס קאמערמיידעל.

— אבער איהר קענט מיר טהאן א גרויסע טובה.

— ווי אזוי? — האט זי שנעל געפרעגט.

— ווען איהר וועט איבערגעבען דער פרינצעסין א בריעף.

— איך וועל ניט וואגען זיך דאס אונטערצונעהמען — האט געענטפערט דאס מיידעל מיט א מאדנעם האלב אבלאכענדיגען, האלב מיטליידיגען שמייכעל, און מיט א טיעפער פערנייגונג איז זי פערשוואונדען הינטער די בושעם מאלינקעס, וועלכע זיינען געוואקסען אין דער גאנצער לענג פון'ם צוים.

אויף מארגען אין דער פריה, ווען דער גראף מיט נאך אנדערע מענער און פרויען האבען בעגלייט די פרינצעסיז אהיים פון אן אונטערהאלטונג, האט די שענע קאקעטקע געלאזט פאלען איהר טאשענטיכעל אין דרויסען נעבען הויז. דער יונגער אפיציער האט עס אנגענומען פאר א ווונק. ער האט עס אויפגעהויבען און איינ־געוויקעלט דערין זיין בריעף, וועלכען ער האט שוין לאנג געהאט

געשריעבען און וועלכען ער האט שטענדיג ארומגעטראגען מיט זיך, ווארטענדיג אויף א געלעגענהייט. ער האט עס דאן איבער־געגעבען דער פרינצעסין, וועלכע האט עס שנעל אריינגעלעגט א׳ן קעשענע. ער האט עס בעטראכט אלס א גוטען סימן. און ווירק־ליך, אין פערלויף פון עטליכע שטונדען האט ער געקראגען דורך פאסט א צעטעלע, אין וועלכען עס איז ערפילט געווארען זיין דרייסטער פערלאנג, און א צוזאמענקונפט איז בעשטימט געווארען נאך פאר דער זעלבער נאכט אין דעם פאוויליאן פון דער פרינ־צעסינס גארטען.

דאס גליק פון דעם פערליעבטען יונגען אפיציער האט ניט געהאט קיין מאס; ער האט א מאל הונדערט אודאי געקושט דעם בריעף און געדאנקט דער פרינצעסין, ווען ער האט זי יענעם נאכ־מיטאג געטראפען צו א קאנצערט, מיט זיינע איבערגעבענע, דאנק־בארע בליקען, אבער זי האט זיי אדער ניט פערשטאנען אדער ניט געוואלט פערשטעהן, און ביינאכט איז ער נאך מיט א שטונדע פאר דער בעשטימטער צייט שוין געשטאנען ביים צוים פון איהר גארטען.

ווען דער קירכען גלאק האט געקלאפט עלף, האט ער אריבער־געקלעטערט דעם פארקען, איז ארונטערגעשפרונגען אויף דער אנ־דערער זייט און זיך פארזיכטיג ארומגעקוקט. דאן איז ער אוועק אויף די שפיץ־פינגער צו דער קליין ווייס־געפארבטער זומער־הייזעל וואו די פרינצעסין האט איהם צוגעזאגט צו טרעפען. ער האט געפונען די טהיר אפען, איז אריין אינעווענינ און אין דעם זעלבען מאמענט האט ער דערפיהלט, ווי צוויי ווייכע ארעמס האבען איהם ארומגעכאפט.

— זייט איהר עס, פרינצעסין? — האט ער שטיל געפרעגט. ווייל אין פאוויליאן איז געווען שטאק פינסטער, די ווענעציאנישע שטארעס ניעדריג ארונטערגעצויגען.

— יא, גראף, דאס בין איך.

— ווארום זייט איהר געווען אזוי הארט?

— איך ליעב איך, אבער צוליעב מיין סאציאלער שטעלונג מוז איך בעהאלטען מיין ליעבע אונטער דער מאסקע פון קאלטקייט.

און געזאָגט עס, האָט די פערליעבטע פרוי, וועלכע האָט זיך געטרייסעלט אויף זיין ברוסט פאַר אויפרעגונג, איהם צוגעצויגען צו אַ זאָפע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל פון פּאַווילִיאָן, און איהם גענומען קושען ליידענשאַפטליך. די געליעבטע האָבען פערבראַכט צוויי געטליכע שטונדען אין אַנגענעהמער אונטערהאַלטונג און פער'שיכור'ענדע פערגעניגענס; דאַן האָט זי איהם געזאָגט אַדיע, און איהם געהייסען בלייבען אין פּאַווילִיאָן, ביז וואַנען זי וועט האָבען אַוועק צוריק אין הויז. ער האָט איהר געפאָלגט, אָבער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און געקוקט אויף איהר דורך די שטאָרעס. ער האָט געזעהן איהר הויכע, שלאַנקע פיגור ווי זי איז געגאַנגען איבער'ן זאַמדיגען וועג מיט אַ וויגענדיגען גאַנג. זי האָט געטראָגען אַ ווייסען מאַנטעל, וועלכען ער האָט דערקענט, אַז ער האָט געזעהן אויף איהר צום קאָנצערט, איהרע ווייכע, שוואַרצע האָאר זיינען געפאַלען איבער איהרע שולטערן, און איידער זי איז פערשוואונדען אין דער ווילא, האָט זי זיך אויף אַ רגע אָבגעשטעלט און אַ קוק געטהאָן אַהינטער, אָבער ער האָט ניט געקענט זעהן איהר פּנים, ווייל זי האָט געטראָגען אַ דיקען שלייער.

ווען דער גראַף האָט אויף מאָרגען אין דער פריה געטראָפען די פּרינצעסין אין געזעלשאַפט פון אַנדערע דאַמען, אין זאַאַל, וואו דער אָרקעסטער האָט געשפּיעלט, האָט זי זיך געהאַלטען אַזוי רוהיג, אַזוי אונגעצוואונגען, אַז ער איז צומישט געוואָרען. בעת זי האָט געשפּאַסט אויף דעם איינפאַכסטען שטייגער, איז ער געוואָרען רויט ווי פייער און האָט אויסגעשטאַמעלט אַזוי פיעל נאַרישקייטען, אַז די דאַמען האָבען עס בעמערקט און איהם געמאַכט פאַר דעם ציעלברעט פון זייערע וויצען. און מעהר פון אַלעמען האָט איהם אַטאַקירט און געלאַכט פון איהם די פּרינצעסין אַליין. און דער גראַף האָט זיך געוואונדערט קוקענדיג אויף דער פרוי, וועלכע קען בעהאַלטען אַזוי פיעל ליידענשאַפט אין איהר ברוסט און קען זיך אַזוי גוט בעהערשען, און ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין:

— די וועלט איז גערעכט; די פרוי איז אַ רעטעניש!

די פּרינצעסין איז דאָרט פערבליעבען נאָך עטליכע וואָכען

און די גאַנצע צייט האָט זי זיך געהאַלטען מיט איהם העפליך און פריינדליך אָבער קאַלט און מאַנכעס מאָל זאָגאַר מיט אַ געוויסער איראָניע. די וועלט האָט אויף איהם געקוקט ווי אויף אַ אונגליק־ליך־פערליעבטען אָבער ער האָט לייכט אַריבערגעטראָגען, ווייל כמעט יעדען צווייטען טאָג האָט אַ שמעקעדיגער צעטעלע פערזיע־געלט מיר איהר זיעגעל און אונטערגעשריעבען "לעאָניע" איהם געריפען אין פּאַוויליאָן, און דאָרט האָט ער געגאָסען אין פולער מאָס דעם גליק פון בעזיצען די דאָזיגע שעהנע פרוי, בעזיצען זי אין גאַנצען. עס האָט איהם געוואונדערט, עפּעס מאָדנע איז עס איהם פאָרגעקומען וואָס זי האָט איהם קיינמאָל ניט געלאָזט זעהן איהר פּנים. איהר קאָפּ איז שטענדיג צוגעדעקט געווען מיט אַ דיקען, שוואַרצען שלייער, דורך וועלכען ער האָט געקענט זעהן איהרע אויגען בליסטשענדיג פול מיט ליעבע; ער האָט מיט זיינע פינגער איהרע האָאַר געגלעט, געזעהן איהרע גוט בעקאַנטע קליי־דער, און איין מאָל האָט ער זאָגאַר אויפגעהויבען איינס פון איהרע נאָזטיכלאַך, אויף וועלכען דער נאָמען לעאָניע און איהר קרוין פון אַ פּרינצעסין זיינען געווען רייך אויסגעשטיקט.

ווען זי האָט זיך אומגעקעהרט קיין וויען פאַר'ן ווינטער, האָט איהר אַ צעטעלע איהם איינגעלאַדען צו פאָהרען נאָך איהר אַהין, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַן אונבעשטימטען אורלויב פון זיין רעגימענט, האָט ער געקענט פאָלגען דעם בעפעהל פון זיין געטין. אַזוי שנעל ווי ער איז אַהין אַנגעקומען האָט ער געקראָגען נאָך אַ צעטעלע, וואו זי האָט איהם פאַרבאָטען צו קומען צו איהר אין הויז, אָבער איהם צוגעזאָגט זיך אין גיכען צוזאַמענצוטרעפען ביי איהם אין דערהיים. דער יונגער אָפיציער האָט אויסגעמעבלירט זיינע צימערען מיט נייע, עלעגאַנטע מעבעל און גענומען וואַרטען אויף אַ וויזיט פון דער שענער פרוי מיט דער גאַנצער אונגעדולד פון אַ יונגען פערליעבטען.

צום סוף איז זי געקומען, איינגעוויקעלט אין אַ טהייערען מאַנ־טעל פון גרינעם סאַמעט בעפּוצט מיט הערמעלין, אָבער נאָך אַליז טיעף פאַרשלייערט. איידער זי איז אַריינגעקומען האָט זי געשטעלט

אַ בעדינגונג, אַז דאַס צימער וואו ער וועט זי עמפּפאַנגען זאָל זיין פינסטער. און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעלאָשען אַלע ליכט, האָט זי אַרונטערגעוואָרפען פון זיך איהר פעלץ און איהר קאַלטקייט האָט אָבגעטראָטען דעם וועג פאַר דער גרעסטער צערטליכקייט.

— וואָס איז די אורזאַכע וואָס דו לאָזט מיך קיין מאָל ניט זעהן דיין ליעב, שען פּנים? — האָט געפרעגט דער גראַף.

— דאָס איז ביי מיר אַזאַ קאַפּריז — האָט זי געענטפערט האַסטיג — און איך דענק, איך האָב אַ רעכט צו האָבען קאַפּריזען.

— אָבער איך גאַר אַזוי צו זעהן דיין שלאַנקע פיגור, דיין ליעבען פּנים — האָט דער גראַף ווייטער גערעדט.

— גוט, דאַן זאָלסטו מיך זעהן היינט ביינאַכט אין דער אָפּערא.

זי האָט איהם פערלאָזען זעקס אַזייגער, נאָכדעם ווי זי האָט קוים געהאַט פערבראַכט מיט איהם אַ שעה צייט, און אַזוי שנעל ווי איהר קאַרעטע איז אָבגעפאָהרען, האָט ער זיך אָנגעטהאָן און איז אַוועק אין דער אָפּערא. בעת מען האָט געשפּיעלט די אָוווער־טורע איז די פּרינצעסין אַריין אין איהר לאָזשע, שען צום משוגע מאַכען. זי האָט געטראָגען דעם זעלבען גרינעם סאַמעטענעם מאַנ־טעל בעפּוצט מיט הערמעלין, וועלכען ער האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק געהאַלטען אין זיינע הענד, זי האָט איהם אָבער גלייך אַרונ־טערגעלאָזען פון איהרע שולטערן און געוויזען אַ ביוסט, ווי ביי אַן אמת'ע געטין פון ליעבע. זי האָט גערעדט מיט איהר מאַן זעהר לעבהאַפטיג, און האָט געשמייכעלט מיט איהר געוועהנליכען קאַלטען שמייכעל, אויף איהר פאַרגעטערער האָט זי אפילו ניט אַ קוק גע־טהאָן. דאָך האָט ער זיך געפיהלט דער גליקליכסטער אין דער וועלט.

אין וויען איז דער גראַף שוין ניט געוועזען אַזוי גליקליך, ווי אין קאַרלסבאַד, וואו ער האָט איהר צום ערשטען מאָל געטראָפען. ווייל זיין רייצענדע געליעבטע איז צו איהם געקומען בלויז איין מאָל אַ וואָך. אָפט האָט זי מיט איהם פערבראַכט זעהר אַ קורצע צייט און איינמאָל זיינען אַוועק כמעט זעקס וואָכען און זי האָט

זיך ניט געלאָזט זעהן. אָבער זי האָט זיך אפילו ניט ענטשולדיגט פאַר איהר ניט קומען. גראַד אין יענער צייט האָט לעאָניע'ס מאַן זיך צופעליג געטראָפען מיט דעם יונגען אָפיציער אין דעם זשאָקעי קלוב און זיי זיינען בעקאַנט געוואָרען. דער אָפיציער האָט אויף איהם געמאַכט אַ גוטען איינדרוק און ער האָט איהם איינגעלאַדען צו זיך אַהיים.

ווען ער איז אַהין געקומען און געטראָפען די פּרינצעסין אַליין, האָט זיין הארץ גענומען קלאַפּען פאַר שמחה און אַ כאַפּ טהאָנדיג דער פּרינצעסין'ס האַנד, האָט ער זי העפטיג צוגעדריקט צו זיינע ליפּען.

— וואָס, טהוט איהר גראַף? — האָט זי געזאָגט, זיך אָברו־קענדיג פון איהם — איהר פיהרט זיך אויף עפּעס מאָדנע.

— מיר זיינען אַליין — האָט דער יונגער אָפיציער געשעפּ־טשעט — צו־וואָס דיעזע אונשולדיגע מאַסקע? דיין הארטקייט מאַכט מיך משוגע, עס איז שוין זעקס וואָכען, זייט דו ביזט דאָס לעצטע מאָל צו מיר געקומען.

— איך דענק ווירקליך, אַז איהר זייט פון זינען אַראָב — האָט געענטפערט די פּרינצעסין מיט דער העכסטער ענטריסטונג און שנעל פערלאָזען דעם זאַל. דעם גראַף איז ניט געבליבען קיין אַנדער ברירה ווי אויך אוועקצוגעהן, אָבער אין זיין קאָפּ האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורעם און איהם איז אונמעגליך געווען צו פאַרשטעהן דער פּרינצעסין'ס רעטזעלהאַפטע אויפפיהרונג. ער האָט געגעסען דינער אין אַ האָטעל מיט פריינד און ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט ער געפונען אַ צעטעלע אין וועלכען די פּרינצעסין האָט זיך ענטשולדיגט און איהם צוגעזאָגט צו ערקלעהרען איהר אויפפיהרונג. צוליעב דעם דאָזיגען צוועק וועט זי קומען צו איהם היינט אַכט אזייגער אין אָבענד.

ער האָט קוים צייט געהאַט איבערצולעזען דאָס צעטעלע, ווי צוויי בעקאַנטע אָפיצערען זיינען איהם געקומען בעזוכען, און מיט געמאַכטער אונרוהיגקייט איהם געפרעגט, אויב ער איז קראַנק.

ווען ער האָט געענטפערט, אַז ער איז פאָלקאָם געזונד, האָט

איינער פון זיי ווייטער גערעדט מיט א געלעכטער:

— אויב אזוי, דאן זיי אזוי גוט און ערקלעהר אונז, פארוואס דו האסט געשפיעלט אזא קאמישע ראלע פון וועלכע עס רעדט איצט די גאנצע שטאדט.

— איך האב געשפיעלט א קאמישע ראלע? — האט דער גראף אויסגעשאסען.

— איז עס נישט קאמיש ווען דו קומסט צו אזא דאמע ווי פרינצעסין לעאניע, וועמען דו קענסט גארנישט און דו בעשולדיגסט איהר פאר איהר הארטקייט און רעדסט צו איהר אהן אלע צערע־מאניעס אויף דו.

דאס איז שוין געווען צופיעל. דער גראף האט געקענט מוחל זיין דער פרינצעסין, פארוואס זי מאכט זיך, אז זי קען איהם נישט אין דער געזעלשאפט אבער אז זי זאל איהם מאכען פאר אן איינפאכען נאר, פאר א משוגענעם, דאס האט איהם ארויסגע־בראכט פון זיך.

— אויב איך רעד צו דער פרינצעסין אויף דו — האט ער ערקלעהרט — איז עס דערפאר ווייל איך האב א רעכט דערצו און איך וועל עס בעווייזען.

זיינע קאמעראדען האבען א דריק געטהאן מיט די אקסלען, אבער ער האט זיי געבעטען, זיי זאלען קומען צוריק פונקט זיעבען אזייגער, און דאן האט ער געמאכט אלע נויטיגע פארבערייטונגען.

אכט אזייגער האט זיך זיין געטין בעוויזען, נאך אלע טיעף פארשלייערט, אבער דיעזען מאל האט זי געטראגען א ווערטהפולען סייבעל מאנטעל. אזוי ווי אלע מאל האט איהר דער גראף אריינ־געפיהרט אין דעם פינסטערען צימער און פערשלאסען די טיר; דאן האט ער געעפענט די טיר, וואס האט געפיהרט צו זיין שלאף צימער און זיינע ביידע פריינד זיינען אריין, יעדער מיט א ליכט אין האנד. די דאמע אין דעם סייבעל מאנטעל האט א געשריי גע־טהאן פאר שרעק, ווען דער גראף האט פון איהר ארונטערגעריסען דעם שלייער. אבער באלד איז אויך דער גראף פון זיין זייט גע־בליבען שטעהן א צומישטער, ווייל פאר איהם איז נים געשטאנען די פרינצעסין לעאניע, נור איהר שענע מיידעל. דערזעהן, אז מען

האט זי ענדעקט, האט זי זיך מודה געווען, אז די ליעבע האט איהר געצוואונגען צו שפיעלען די ראָלע פון איהר מאדאם, און אז איהר פיגור, איהרע אויגען און איהרע האר, וועלכע זיינען עהנליך צו דער פרינצעסין'ס, האבען איהר געהאָלפען צו שפיעלען די דאָזיגע ראָלע מיט ערפאָלג. זי האט געפונען דעם גראף'ס בריעף אין דער פרינצעסין'ס טיכעל, ווען זיי זיינען געווען אין קארלסבאד, און האט אויף איהם געענטפערט. זי האט איהם געמאכט גליקליך און ער האט אויף א מינוט ניט פערלארען די אילוזיאן, אז ער ווערט געליעבט פון דער פרינצעסין.

עס פערשטעהט זיך, אז דער גראף איז שטארק אויסגעלאכט געווארען פון זיינע פריינד, און ער האט שנעל, נאך דעם זעלבען אבענד פערלאזען וויען. די שענע קאמערמיידעל איז אויך גלייך נאך דער קאטאסטראפע פערשוואונדען געווארען און אויף אזא אופן זיך ארויסגעדרעהט פון איהר מאדאם'ס כעס. עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, אז די דאזיגע קליינע קאמערמיידעל האט שוין מעהר ווי איין מאל געשפיעלט די ראָלע פון איהר מאדאם און אנשטאדט איהר, גליקליך געמאכט אלע יענע אונגליקליכע פערליעבטע, וועלכע האבען געפונען חן אין איהרע אייגענע אויגען.

און אזוי איז אויפגעקלעהרט געווארען די רעטעניש, וועלכער פרינצעסין לעאני האט גשיינט צו זיין פאר דער וועלט.

# אן אמת'ע מעשה.

---



יז דרויסען האָט שטאַרק געוואָיעט דער ווינד, עס איז געוועזן אַ שטורם, איינער פון יענע אימה'דיגע יעסען־שטורמס, וועלכע רייסען ארונטער די לעצטע בלעטער פון די בוימער און דרעהען זיי אין ווירבעל ביז צו די וואָלקענס.

די יעגער זיינען פארטיג געוואָרען מיט זייער מאָלצייט; זיי זיינען געזעסען אין זייערע לאנגע שטיוועל, מיט רויטע קעפּ אַבי־סעלע אָנגעשנאַסקעט. דאָס זיינען געווען נאָרמאַנישע האַלב עדעל־לייט; האַלב פּריצים, האַלב פּויערים, רייך, קרעפטיג, ווי אויסגעמאַכט דערצו, זייערע אקסען, וועלכע זיי טרייבען אין מאַרק אַריין, די הערנער ארונטערצוברעכען.

זיי זיינען דעם גאַנצען טאָג נאָכאַנאַנד געווען אויף געיעג, אויף דער גוטסבעזיצונג פון הערר בלאָנדעל, דעם פאָרשטאַנד פון עפּארווילע. און איצט זיינען זיי געזעסען אַרום דעם גרויסען טיש אין דעם פּריצישען הויף, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי אַ שלאָס און האָט געהערט זייער ווירטה.

זיי האָבען טומעלדיג דערצעהלט מעשה'לאך, געלאַכט הויך אויפ'ן קול, געגאָסען אין זיך וויפיעל עס איז נאָר אַריין. זייערע אויגען האָבען געבליסטשעט ביים שיין פון לאָמפּ, אַ גרויסער פייער האָט געברענט אין קאַמין און געוואָרפען רויטע שטראַהלען אויפ'ן באַלקען.

זיי האָבען גערעדט פון געיעג, פון הינט און דאַן זיינען זיי צוגעקומען צו דעם פּונקט, וואו אנדערע געדאנקען קומען האַלב

שכור'ע מענער אין קאפ אריין, און זיי אלע האבען נאכגעפאלגט מיט זייערע אויגען א געזונד מיידעל מיט אנגעבלאזענע באקען, וועלכע האט אין איהרע רויטע הענד שיסלען צום טיש און פון טיש געטראגען.

הערר סעזשאר, א הויכער יונג מיט לאנגע פיס, וועלכער האט אמאל שטודירט טהעאלאגיע און איז נאכדעם געווארען וועטערינאר און געהיילט אלע חיות פון דער ארומיגער געגענד, האט פלוצים אויסגערופען:

— צום טייפעל, בלאנדעל, איהר האט דא עפעס גאר א וואוילע מויד!

עס האט אויסגעבראכען א קלינגענדער געלעכטער. דא האט זיך אויפגעהויבען אן אלטער עטוואס געפאלענער עדעלמאן, וועלכער האט שטארק געהאלטען פונ'ם כוס, הערר דע־ווארנעטאט און געזאגט:

— הערט אויס, איך האב אמאל מיט אזא סארט מיידעל דורכגעלעבט זעהר א קאמישע געשיכטע, איך מוז עס אייך דערצעהלען. אימער, ווען איך דערמאן זיך אן דעם, קומט מיר ארויף אויף די געדאנקען מיין צווייג מירצא, וועלכע איך האב פערקויפט דעם גראף דע־האוסאנעל און וועלכע איז יעדען טאג, ווי נור זי האט זיך געקענט ארויסרייסען, געקומען צוריק צו מיר, ווייל זי האט אהן מיר נישט געקענט זיין.

צום סוף בין איך געווארען שטארק בייז און געהייסען דעם גראף, ער זאל צובינדען דעם הונט מיט א קייט. ווייסט איהר אבער וואס פון דעם הונט איז געווארען? ער האט קראפירט פאר קומער.

אבער לאמיר זיך צוריקקעהרען צו דער מיידעל, הערט אויס: איך בין דאן אלט געווען א יאהר פינף און צוואנציג, אונפערהייראט און האב געלעבט איינער אליין אין מיין שלאס ווילעבאן. ווייסט איהר, ווען מען איז יונג, מען האט געלד און יעדען אבענד

נאכ'ן עסען ווייסט מען נישט וואו זיך אהין צו טהאן פאר לאנג־ווייליגקייט, דאן ווארפט מען די בליקען איבעראל ארום.

און יא האב איך דערזעהן א מיידעל, וועלכע האט גע־דיענט ביי דע־באולטאט אין קאוביללע. בלאנדעלל, איהר האט דאך געקענט דע־באולטאט'ען? נו, וואס זאל איך אייך זאגען, דאס מיידעל האט מיך אנגעצונדען און איך בין אוועק צו איהר בעל־הבית און איהם פארגעשלאגען, ער זאל מיר געבען זיין דיענסט און דערפאר קריגט ער ביי מיר מיין שווארצע קליאטשע קאקאטטע, אויף וועלכער ער האט שוין זייט צוויי יאהר אן אויג געווארפען. ער האט מיר אויסגעשטרעקט די האנד:

— גוט, הערר דע־ווארנעטאט, אבגעמאכט!

דער האנדעל איז פארטיג געווארען, די קליינע איז געקומען צו מיר און איך האב אליין אוועקגעפיהרט מיין קליאטשע קיין קאורוויללע און עס דארט איבערגעלאזען פאר דריי הונדערט טאלער.

נו, וואס זאל איך אייך זאגען, אין אנהויב איז עס געווען אן אמת'ער גליק. קיין מענש קען זיך עס גארנישט פארשטעלען, מעהר נישט, מיר האט זיך געדאכט, אז ראזא האט מיך צופיעל ליעב. און איהר דארפט וויסען, אז דאס מיידעל איז נישט געווען די ערשטע בעסטע, אבי ווי. זי האט געהאט אין זיך עטוואס פאר־נעהמעס, עטוואס אריסטאקראטישעס, זי האט אודאי געשטאמט פון א מיידעל, וועלכע האט געהאט צו טהאן מיט איהר בעל־הבית.

קורץ, זי האט מיך ליעב געהאט ביז משוגעת. מיין גאט, איז דאס געווען א ליעבע! זי האט מיך שיער נישט אויפגעפרעסען א לעבעדיגען, און געצערטעלט האט זי מיך, געהאלובעט און מיט הונדערט צערטליכע נעמען גערופען! אבער איך האב געזאגט צו זיך אליין, לאנג טאר עס אזוי נישט אנהאלטען, אז נישט קען איך נאך פארקריכען וואו עס איז, פון וואנען איך וועל נישט ווי־סען ווי ארויסצוקריכען. אבער מיך נארט מען ניט אזוי שנעל

אריין אין זאק און דאס ביסעל שעהנקייט האט איבער מיר ניט קיין גרויסע ממשלה.

קורץ, איך האב מיר די געשיכטע איבערלייגט און דא פלוצים זאגט זי מיר, אז זי איז אין אנדערע אומשטענדען. פיף, פאף, פוף! דאס האט מיר געשמעקט, ווי אימיצער וואלט אין מיר אויסגעשאסען! אבער זי האט מיך געקושט, מיך געלאסטשעט, האט געלאכט, געטאנצט, איז געווען גאר משוגע.

צוערשט האב איך גאר נישט געזאגט, אבער ביי דער נאכט האב איך מיר די געשיכטע איבערלייגט און איך האב געטראכט:

— אזוי איז דאס, איצט ביזטו גוט אויף צרות, אבער דו מוזט איצט מאכען א שנעלען סוף, אז נישט וועט זיין צו שפעט.

ווי איהר ווייסט האט מיין פאטער און שוועסטער געוואהנט אין בארנעווילע און מיין שוועסטער איז געווען פערהייראט מיט דעם מארקיז דע־איזפאר, פון ראללבעק, צוויי מייל פון ווילע־דאן. איך האב געמוזט זיין זעהר פארזיכטיג, אז די געשיכטע זאל ניט דערגעהן צו זיי. אבער וואס הויבט מען אן צו טהאן?

ווען איך שיק זי איצט אוועק, וועט מען גלייך דערשמעקען, אז עפעס איז דא ניט גלאט, און זאל איך זי ביי זיך לאזען, איז נאך ערגער, היינט ווי אזוי שיקט מען זי איבערהויפט אוועק מיר נישט, דיר נישט, גאר אהן א פארוואס?

איך האב וועגען דעם איבערגערעדט מיט מיין אנקעל, דעם באראן ערעטועל, אן אלטען בעל־עברה'ניק, וועלכער האט אזעלכע זאכען געוואוסט פון ערפאהרונג, און ביי איהם געפרעגט אן עצה. ער האט געענטפערט גאנץ רוהיג:

— דו מוזט זי מיט אימיצען חתונה מאכען, מיין אינגעל! איך בין אויפגעשפרונגען:

— זי חתונה מאכען, אנקעל? אבער אום גאטעס ווילען, מיט וועמען?

ער האט א דריק געטהאן מיט די אקסלען:

— מיט וועמען דו ווילסט, דאָס איז דיין עסק, דאָס גהעט שוין מיך גאָרנישט אָן! קוק זיך אָקאָרשט אביסעל ארום, וועסטו שוין וועמען עס איז געפינען!

איך האָב וועגען דעם נאָכגעטראַכט אכט טאָג נאָכאַנאַנד. צום סוף האָב איך איינגעזעהן, אַז דער אָנקעל איז גערעכט. און דאַן האָב איך מיר גענומען צו ברעכען דעם קאָפּ, זוכענדיג פאַר איהר אַ מאַן.

דאַן רופט זיך אָב צו מיר איין מאָל אַן אבענד דער פריעדענס־ריכטער, מיט וועמען איך האָב צוזאַמען געגעסען:

— דער אַלטער פּאַמעללאַ'ס זוהן האָט שוין ווידער אַמאָל בעגאַנגען אַ שווינעריי, דער קערל וועט נאָך ווען עס איז גוט אריינפאַלען.

די דאָזיגע אַלטע פּאַמעללאַ איז געווען אַ דורכגעטריבענע פּרויענצימער, פאַר אַ טאַלער וואָלט זי פערקויפט איהר נשמה און נאָך אַלס צוגאָב צוגעגעבען איהר זונדעל דעם לומפּ.

צו דער דאָזיגער אַלטער בין איך אַוועק און איהר, עטוואָס פערשטעלט, דערצעהלט מיין געשיכטע. אָבער אַזוי ווי די גאַנצע זאַך איז מיר געווען זעהר אונאַנגענעהם און איך האָב ניט געהאַט דעם מוטה צו רעדען וועגען דעם, האָט זי פּלוצים געפרעגט:

— נו, און וואָס גיט איהר דער קליינער?

די אַלטע איז געווען ביטרע, אָבער איך בין אויך ניט קיין נאַר. איך האָב זיך דערצו נאָך פריהער פאַרבערייט. נעבען זאַ־סעווילע האָב איך געהאַט אַ שטיק ערד, וואָס איז געלעגען אַן אַ זייט פון מיינע גיטער. מיינע פעכטער האָבען זיך שטענדיג בעקלאָגט, אַז עס ליגט צו־ווייט און זיי קענען דערמיט גאָר נישט טהאָן. איין גאַנצען איז עס געווען זעקס אַקער.

דערצו האָב איך פון מיין שכן הערר דע־אומאַנטע געקויפט נאָך אַ שטיק לאַנד און דאָרט געלאָזט אויפבויען אַ הייזעל; די גאַנצע געשיכטע האָט געקאָסט פופצעהן הונדערט פראַנק. אויף

אזא אופן האב איך געמאכט א קליינעם גוט, וועלכעם האט מיר נישט פיעל געקאסט, און דאס האב איך געוואלט געבען דער מיידעל אלס נדן.

די אלטע האט געשריען, אז עס איז נישט גענוג, אבער איך בין געבליבען פעסט ביי דאס מיינינע, און מיר האבען זיך צושיידט דערוויל מיט גארנישט. אויף מארגען גאנץ פריה איז צו מיר געקומען איהר זוהן. איך האב אפילו ניט געוואוסט ווי אזוי ער זעהט אוים; ווען איך האב איהם דערזעהען, בין איך געווען גאנץ צופריעדען. פאר א פויער איז ער געווען גארנישט מיאוס און אין אלגעמיין א ביטרער חברה־מאן.

ער האט די זאך בעטראכט אזוי, ווי דא וואלט זיך געהאנ־דעלט וועגען א קוה, וועלכע ער געהט קויפען. ווען מיר זיינען איבער אלעם אייניג געווארען, האט ער געוואלט זעהן דאס הויז און דאס לאנד; מיר זיינען אלזא אוועק איבער'ן פעלד און דער יונג האט מיך אבגעהאלטען דריי שטונדען נאכאנאנד.

ער האט אלעם אונטערזוכט, געמאסטען די לענג, געפרובט די ערד, עפעס אזוי ווי ער וואלט מורא געהאט, אז מען זאל איהם נישט אבנארען. און אזוי ווי דאס הויז איז נאך נישט געווען צו־גערעקט, האט ער פערלאנגט, אז אנשטאט א שטרויענעם דאך, זאל מען ארויפגעבען שינדלען, ווייל דאס וועט מען נישט דארפען אזוי גיך פאררריכטען.

דאן זאגט ער צו מיר:

— נו, און מעבעל גיט איהר?

איך האב זיך געוועהרט:

— עס איז דאך גענוג, ווען איך גיב אייך דעם הויף!

ער האט געלאכט:

— יא, איהר גיט א הויף און א קינד!

איך בין געגען מיין ווילען רויט געווארען און ער האט ווייטער גערעדט:

— ווייסט איהר וואס? איהר גיט א בעט, א טיש, א שאפע,

דריי שטוהלען און דאָס געשיער, אַז ניט ווערט פון דער גאַנצער געשיכטע גאָרנישט!

איך האָב איינגעווילינט און מיר האָבען צוריקגעקעהרט אהיים. ער האָט מיט דער מיידעל נאָך ניט געהאַט גערעדט קיין וואָרט; אָבער פּלוצים האָט ער געפרעגט כיטרע, הגם עטוואָס פערשעהמט:

— נו, און ווען דאָס קליינטשיקס שטאַרבט אַוועק, ווער וועט דאַן קריגען דעם הויף?

איך האָב געענטפערט:

— נו, איהר, נעווים!

ווייטער האָט איהם מעהר גאָרנישט געקימערט. מיט אַ צו־פריעדענער מינע און לאַכענדיג, האָט ער מיר אויסגעשטרעקט די האַנד, מיר זיינען געוועזען איניג.

מיין גאָט, האָב איך אָבער געהאַט אַן עסק מיט ראַזאַ'ן, ביז איך האָב זי איינגעביסען. זי איז מיר געלעגען צו די פיס, גע־שלוכצט און געשריען:

— איהר שלאָגט מיר עטוואָס אַזוינס פאָר? איהר, איהר, איהר?

אַ וואָך נאָכאַנאַנד איז זי געווען איינגעשפּאַרט און ניט גע־וואָלט ניט הערען און ניט זעהן פון מיין פאָרשלאָג. די ווייבער זיינען גרויסע נאַראָנים, קוים האָבען זיי די ליעבע אין קאָפּ, דאַן הערט אַלעם אויף, דאַן העלפט ניט קיין רייד, קיין שכל, ביי זיי איז די ליעבע פאָר אַלעם און אַלעם פאָר דער ליעבע!

צום סוף בין איך ארוים פון די כלים און איהר געסטראָ־שעט, אַז איך וועל זי איינפאַך אַרויסיאָגען פון מיין הויז, דאַן איז זי געוואָרען ווייכער, נאָכגעבינער און ענדליך האָט זי איינגע־וויליגט אונטער דער בעדינגונג, אַז איך זאָל איהר ערלויבען מיך פון צייט צו צייט צו בעזוכען.

איך האָב זי אַליין געפיהרט צו דער חופּה, בעצאָהלט די חתונה הצאות און די גאַנצע פרעסעריי; מיט איין וואָרט, איך

האָב אַלעס געמאַכט זעהר אנשטענדיג און דאַן האָב איך געַ־זאָגט:

— און איצט, מיינע קינדער, זייט מיר געזונד!

און איך בין אוועק אויף אַ האַלב יאָהר צו מיין ברודער אין טאוריין.

ווען איך האָב זיך צוריקגעקעהרט אין מיין שלאָס, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זי איז יעדע וואָך געקומען אהער, און זיך אויף מיר נאָכגעפרעגט, און איך בין נאָך קיין שעה אין דער היים ניט געווען, ווי זי איז געקומען מיט דאָס קינד אויף די הענד. איהר מעגט מיר גלויבען אָדער ניט, מיך האָט עפּעס מאָדנע אַ צופּ געַ־טהאָן ביים הארצען. ווען איך האָב דאָס קליין ווערעמעל דער־זעהען. מיר דוכט זיך, אַז איך האָב עס אפילו געקושט.

די מוטער אָבער איז געוואָרען אַ סקעלעט, אַ שאָטען פון דער פריהערדיגער שעהנער, געזונדער מויד. אויסגעצעהרט, טרויעריג און אַלט. גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען, דאָס חתונה האָבען האָט איהר ניט פּאָליובעט. איך האָב געפרעגט מעכאַניש:

— ביזטו גליקליך?

— האָט זי זיך שטארק צוואויינט און אונטער שלוכצען ארויס־גערופען:

— איך קען אָהן אייך ניט זיין! איך קען אָהן אייך נישט לעבען! בעסער שטאַרבען! איך קען ניט!

איך האָב זי געטרייסט וויפיעל איך האָב נור געקענט און זי אָבגעפיהרט אַהיים.

איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז איהר מאַן האָט איהר געשלאָגען און, אַז די שוויגער, די אַלטע בעסטיע, האָט איהר דאָס לעבען פערביטערט.

אין צוויי טעג אַרום איז זי ווידער געקומען, איז מיר ארויפ־געפאַלען אויפ'ן האַלז, זיך געוואָרפען אַז דר'ערד צו מיינע פיס און אויסגערופען:

— הרג'עט מיך, טויטעט מיך, אָבער איך געה מעהר ניט צוריק!

פונקט אַזוי וואָלט געהאַנדעלט מיין צייגעל מירצאַ, ווען זי וואָלט געקענט רעדען. די געשיכטע איז מיר אַביסעל דערעסען און איך האָב זיך ווידער ארויסגערוקט אויף אַ האַלב יאָהר.

ווען איך בין דאָס צווייטע מאָל צוריקגעקומען, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זי איז פאר דריי וואָכען געשטאָרבען, און אַז זי איז יעדען זונטאג געקומען אין שלאָס אַריין גראדע אזוי ווי מירצאַ. אויך דאָס קינד איז געשטאָרבען אין אַ וואָך אַרום.

איהר מאַן אָבער, דער לומפּ, איז געבליבען לעבען, און ווי עס שיינט האָט ער זיך גאַנץ שעהן ארויפגעארבייט, דען ער איז שפּע־טער געוואָרען געמיינדע ראַט.

דאַן האָט הערר וואַרנעטאַט צוגעלעגט לאַכענדיג:

— און דאָס אַלעס האָט ער מיר צו פערדאַנקען, דער לומפּ!

און הערר סעזשאַר, דער וועטערינאַר, האָט געזאָגט זעהר ערנסט, צוטראָגענדיג זיין גלאָז שנאַפּס צו די ליפּען:

— ווי דאָרט זאָל נישט זיין, אָבער אַזעלכע ווייבער זיינען אַי־מער עקעלהאַפט!

# א גוטער שידוך.

---



טראוס'עם ארקעסטר האט געשפיעלט אין די צימערען פון דער קולטור געזעלשאפט. און זיי זיינען געווען אזוי געפאקט, אז דער יונגער קאדעט־גוסאר מאקס ב. האט זיך שוין א צייט לאנג דא ארומגעדרעהט און נית געקענט געפינען קיין פלאץ. אזוי ווי ער איז געווען פריי פון דיענסט און האט נית געהאט וואס צו טהאן היינטיגען נאכמיטאג, האט ער געדענקט, אז דאס בעסטע וואלט זיין צו טרינקען א גוטע גלאז ביער און דערביי הערען שפיעלענדיג א וואלס, דער אבערקעלנער, וועלכער האט איהם געקענט, איז צו איהם צוגעגאנגען, איהם שנעל צוגעפיהרט צו א לעדיגען פלאץ און נית ווארטענדיג אויף זיין באשטעלונג, איהם געבראכט א גלאז ביער. א זעהר פיין אויסזעהענדער מאן און דריי עלעגאנט געקליידעטע דאמען זיינען געזעסען ביי דעם טישעל.

דער קאדעט האט איהם געגריסט מיט מיליטערישער העפליכקייט און זיך געזעצט, אבער נאך איידער ער האט צייט געהאט צו צוטראגען די גלאז צו די ליפען, האט ער בעמערקט, ווי די צוויי עלטערע, הפנים פערהייראטע דאמען, האבען פארקרימט זייערע נעזער, ווען זיי האבען איהם דערזעהן זיך זעצענדיג נעבען זייער טישעל און זיי האבען זאגאר געזאגט עטליכע ווערטער וועגען איהם, וועלכע ער האט נית געקענט כאפען, אבער ער איז געווען זיכער אז זיי זיינען נית אנגענעהמע.

— איך האב מורא, אז איך שטער אייך — האט געזאגט דער קאדעט און זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן, ווען ער האט דערפיהלט, אז אימיצער אונטער'ן טיש טהוט איהם א ציה פאר'ן פוס, אין דער זעלבער צייט האט דער מאן געענטפערט עטוואס פערלעגען:

— אה ניין! איהר שטערט אונז ניט; פארקעהרט, אונז פרעהט זעהר, וואס איהר האט אויסגעקליעבען אונזער טישעל.

דאן ערשט האט דער קאדעט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין פלאץ, ניט אזוי אויף דעם פערלאנג פון'ם מאן, ווי אויף דער שטילער איינלאדונג, וואס ער האט געקראגען פון אונטער'ן טיש. ער האט גוט געוואוסט, אז דעם מאן'ס איינלאדונג איז געקומען פון העפ־ליכקייט וועגען, אבער די פוס אונטער'ן טיש איז געווען ערנסט, און איז געקומען פון הארצען. און גלייך האט זיך צושפיעלט אין איהם זיין יונגע פאנטאזיע און גענומען פאר איהם מאהלען חלומות פון גליק. ער האט אויף איין מינוט ניט געקענט צווייפלען, אז די דא־זיגע דרייסטע איינלאדונג איז געקומען פון דער דריטער, דער אינגסטער און שעהנסטער פון די דריי דאמען, צו וועמען איהם האט געבראכט א גליקליכער צופאל.

און דאך האט זי אויף איהם אפילו ניט א קוק געטהאן פון דער מינוט אן, וואס ער האט זיך געזעצט נעבען איהר און ניט אויס־גערעדט צו איהם קיין איין ווארט. דעם יונגען גוסאר, וועלכער האט אין אזעלכע זאכען נאך ניט געהאט קיין סך פראקטיק, האט עס געוואונדערט, ער איז אבער געווען גענוג קלוג עס ניט ארויס־צוואייזען און האט בעשלאסען רוהיג אבצוווארטען און זעהן וואס ווייטער וועט זיין. דאס האט איהם געגעבען א מעגליכקייט זי צו בעטראכטען מעהר אויפמערקזאם און, ווען זיי זיינען געווען פער־נומען רעדענדיג צווישען זיך, האט ער פון איהר די אויגען נישט ארונטערגענומען.

דאס מיידעל, וועמען די איבעריגע האבען גערופען אזשעליקא, איז געווען אן אמת'ע וויענער שעהנהייט. הגם איהרע געזיכטס־שטריכען זיינען ניט געווען קיין רוימישע, ניט קיין גריכישע און ניט אפילו קיין דייטשע, דאך האבען זיי פערמאגט אזוי פיעל מיידעלשען חן, זיינען געווען אזוי פערפיהרעריש, ווי מען קען זיך נור פארשטעלען. איהר אויפפאלענד קליינער נעזעל—וועלכער ווען ער זאל געהערען צו א דיענסט־מיידעל, וואלט מען איהם גע־רופען אונפערשעהמט און איהר קליין מיילכעל מיט די ליידענ־

שאפּטליכע פולע ליפּען—וועלכע ביי א פערבייגעהער וואלט מען בעצייכענט אלס טירישע—האבען צוגעגעבען א אונבעשרייבליכען. פּיקאנטען רייץ איהר קליינעם קעפּעל מיט דעם טורעם פון דינגע, ברוינע האאר, ווי ס'רוב ביי די וויענער פרויען. איהרע ליכטיגע אויגען זיינען געווען פון פייער און אויף איהרע פערפיהרערישע חן־גריבעלאך ארום מויל און אויף דער מארדע האט נאכאנאנד גע־שפּיעלט א פרעהליכער שמייכעל.

אין וויינינגער ווי א פיערטעל שטונדע איז אונזער קאדעט געווען פערליעבט אין דער אונבעקאנטער רייצענדער פּערזאן ביז איבער די אויערען, ער האט אין גאנצען פערלארען זיין אייגענעם ווילען און איז געווען בעריייט צו געהן נאך איהר ביז'ן עק וועלט. און ער איז געווען א מאן, אויף וועמעס זיעג מען האט געמעקט שטאלץ זיין. ער איז געווען הויך און שלאנק מיט ענטוויקעלטע מוסקעלען, ווי אן אטהלעט און אין דערזעלבער צייט האט ער געהאט איינעם פון יענע שעהנע אפענע פּנים'ער, וועלכע פרויען האבען אזוי ליעב. אין זיינע עהרליכע, דונקעלע אויגען האט זיך געזעהן ווילענס־קראפט, מוטה און שטארקע ליידענשאפט, און דאס האבען פרויען אויך ליעב.

צווישען די אנטראקטען, ווען די מוזיק האט ניט געשפּיעלט, איז אן עלטערער מאן מיט דער לענטע פון אן ארדען אין זיין קנאפּ־לאך, צוגעקומען צו דעם טישעל. און פון דער ארט און וויזע ווי אזוי ער האט זיי בעגריסט, איז קענטיג געווען, אז ער איז זייערער אן אלטער פריינד. פון זייער געשפּרעך, וועלכען זיי האבען געפיהרט הויך אויפ'ן קול און מיט א סך לעבהאפטיגקייט, ווי דער שטייגער איז ביי די וויענער, האט דער קאדעט זיך דערוואוסט, אז דער מאן, וועלכער איז געזעסען מיט די דאמען איז געווען אן אדוואקאט פון דער געזאנדשאפט, און אז די עלטערע פרוי איז געווען זיין ווייב און די איבעריגע צוויי פרויען זיינען געווען ש'וועגערינס, איינע פערהייראט און די צווייטע נאך א מיידעל. ווען זיי האבען זיך צום סוף אויפגעהויבען אוועקצוגעהן, האט די שענע מיידעל, ווי עס שיינט אומישנע, ארויפגעווארפען אויף איהרע שולטערן דעם סאַ־

מעטענעם מאַנטעל מיט טהייערען פוטער בעפוצט; דאן איז זי א ווײלע געבליעבען שטעהן אין אַרויסגאַנג און עס לאַנגזאַם אָנ־געטהאַן, אויף אַזאַ אופן האָט דער קאַדעט געקראָגען אַ מעגליכקייט צו צוגעהן גאַנץ נאָהענט צו איהר.

— געהט נאָך אונז — האָט זי צו איהם אַ שעפּטשע געטהאַן און איז אַנטלאָפען נאָך די איבעריגע.

דער קאַדעט האָט מיט פערגעניגען איהר געפאָלגט און איז אוועק נאָך זיי. ער איז נעגאַנגען פון ווייטענס און זיך געהיט זיי זאָלען איהם ניט בעמערקען און אַזוי זיינען זיי צוגעקומען צום הויז וואו זיי האָבען געוואָהנט.

עס איז אוועק אַ וואָך צייט. פון דער שענער אַנזשעליקאַ האָט ער מעהר נישט געהערט און ניט געזעהן. דער קעלנער פון דער קולוטור־געזעלשאַפט, וועמען ער האָט וועגען זיי געפרעגט, האָט איהם ניט געקענט געבען קיין שום אויסקונפט וועגען זיי אויסער, אַז זיי זיינען זעהר וואַזשנע לייט. אין עטליכע טעג אַרום האָט דער קאַ־דעט זיי ווידער געזעהן אַלע צוזאַמען צו אַ קאָנצערט. ער איז געווען צופריעדען כאָטש פון ווייטען צו קוקען אויף זיין אידעאַל. זי אָבער, ווען קיינער האָט אויף איהר ניט געקוקט, האָט אויף איהם געוואָר־פען איינעם פון יענע קאָקעטישע בליקען, וועלכע אונערפאַהרענע יונגע לייט נעהמען אָן פאַר אַן אויסדרוק פון אַ טיעפען געפיהל פון אַ ריינער כשר'ער נשמה. יענעם מאָל האָט זי מיט איהרע שוועסטער פערלאָזען דעם קאָנצערט אַ סך פריהער און ווען זי איז פאַרבייגע־גאַנגען פאַר דעם שענעם קאַדעט, האָט זי אַראָבגעלאָזט אַ קליין שטיקעל צוזאַמענגעוויקעלט פאַפּיער, וואו עס זיינען געשטאַנען די פאָלגענדע ווערטער: „קומט היינט ביינאַכט צעהן אזייגער און קלינגט אָן.“

און פּונקט ווען דער זייגער האָט געקלאַפּט צעהן, איז ער געווען נעבען הויז, אָבער זיין פערוואונדערונג איז געווען אָהן אַ ברעג, ווען אַנשטאַט אַנזשעליקאַ'ן, אָדער איהר פערטרויטע קאַמער־מיידעל האָט איהם די טיר געעפענט די הויזקיפּעריןן. זי האָט געזעהן, ווי ער איז צומישט געוואָרען, און איהם אָנגענומען פאַר אַ האַנד האָט

זי איהם שנעל אריינגעשלעפט אינעווייניג.

— קומט מיט מיר — האט זי געשעפטשעט — איך וויס אלעס. די יונגע דאמע וועט דא גלייך זיין, קומט.

דאן האט זי איהם דורך'ן קיך אריינגעפיהרט אין א צימער, וועלכער איז געווען אבגעשלאסען פון דער גאנצער הויז, און וועלכען זי האט הפנים אליין אויסגעמעבלירט פאר איהרע אייגענע צוועקען, און איהם דארט איבערגעלאזט. דער קאדעט האט זיך ארומגעקוקט און איז געווארען ערשטוינט דערזעהענדיג די ענגלישע מעבעל, די ברייטע, ווייכע זאפע און די רייכע בילדער אין גרויסע בעגילטע ראהמען. אין א פאאר מינוטען ארום איז אריין דאס יונגע מיידעל און אהן שום צערעמאניעס ארומגעכאפט דעם סאלדאט ארום האלז. אין איהר נעגליזשע האט זי איהם אויסגעזעהן נאך פיעל שענער ווי אין איהרע עלעגאנטע באל-קליידער, הגם די אונשולדיגע נאאיוויטעט איז איצט אין גאנצען פערשוואונדען פון איהר אויסזעהן און איהר גאנצע פיגור האט איצט געאטהעמט מיט דער ליידענשאפטליכקייט פון א יונגער גור וואס פערהייראטער פרוי.

אנזשעליקא, וועמעס קליינע פיסלאך האבען נעשטעקט אין בלויע סאמעטענע שטעקשיכלאך אונטערגענייהט מיט הערמעלין און וועלכע האט געטראגען אויף זיך א רייך געשטיקטען ווייסען קאפאט בעפוצט מיט שפיצען, האט צוגעשלעפט דעם שענעם קאדעט צו דער זאפע און כמעט נאך איידער ער האט גענוי געוואוסט נאך וואס ער איז געקומען אהער, איז זי שוין געוועז זיינע...

דער יונגער סאלדאט, וועלכער איז געווען האלב פערריקט פון זיין אונערווארטעטען זיעג און זיין גרויסען גליק, האט איהר ניט פערלאזען ביז נאך צוועלף א זייגער. פון דאן אן איז ער אהין געגאנגען יעדע נאכט אום צעהן, האט אנגעקלונגען און דער מיידעלס פערטרויטע האט איהם אריינגעלאזען מיט א ביטרען שמייכעל, אין א פאאר מינוטען ארום האט ער שוין געהאלטען אין זיינע ארעמס זיין קליינע געטין, וועלכע האט איינגעוויקעלט איהרע שענע ווייסע גליעדער אמאל אין דונקעלען סייבעל פעלץ און אמאל אין קעניגליכען הערמעלין. יעדעס מאל האבען זיי דערנאך געגעסען א גע-

שמאקען סאפער, האבען געלאכט און געשטיפט און געליעבט איינער דעם אנדערען, ווי נור צוויי יונגע, שענע מענשען קענען ליעבען, און גאנץ אפט האבען זיי צוזאמען פערבראכט ביז אין דער פריה.

איין מאל האט דער קאדעט פרובירט בעצאהלען דער הויזקיפּע־רין פאר איהר מיה און דעם סאפער, אבער זי האט זיך ענטזאגט צו נעהמען דאס געלד און געזאגט, אז פאר אלעס איז שוין אפריהער בעצאהלט. פיער מאנאטען נאכאנאנד האט דער יונגער סאלדאט גענאסען זיין גליק אין פולער מאס, ביז ווענען איין מאל האט אן אונגליקליכער צופאל איהם צוזאמענגעפיהרט מיט זיין געליעבטער אין גאס. זי איז געווען אליין און טראצדעם, ווען ער האט געוואלט איהר עפּעס זאגען, האט זי צוזאמענגעצויגען איהרע שענע ברעמען און אבגעדרעהט פון איהם דעם קאפ מיט כעס. דאס האט דעם עהרליכען יונגען מאן אי בעליידיגט אי וועה געטהאן. און יענעם אבענד, ווען זי האט איהם צוגעדריקט צו איהר ברוסט, וועלכע האט זיך שטארק געהויבען ארויף און אראב אונטער דעם שווארצען סאמעט, וואס האט זי צוגעדעקט, האט ער איהר וועגען דעם אויס־גערעדט רוהיג אבער שטארק. זי האט זיך אביסעל פארקרימט און קוקענדיג אויף איהם קאלט און בייז, ארויסגערעדט: "איך פאר־ביט אייך מיך צו דערקענען אין גאס. דארט וויל איך מיט אייך גארנישט האבען וואס צו טהאן; איהר פערשטעהט?"

דער קאדעט איז געווארען ערשטוינט און האט גארנישט גע־ענטפערט, אבער די הארמאניע פון זיינע געפיהלען איז צושטערט געווארען, ווי פון א פאלשען טאן. א געוויסע צייט נאכדעם האט ער געליטען אין דער שטיל און געשוויגען אבער צום סוף איז די לאגע געווארען אונערטרעגליך; זיין געליעבטער'ס פייערדיגע קו־שען און איהר גאנצע ליעבע, וואס זי האט איהם ארויסגעוויזען, האבען איהם עפּעס ווי ערנידעריגט און בעליידיגט. אם ענדע האט ער זיך אנגעקליעבען מיט מוטה און אויף זיין אפענעם שטיי־גער ארויס מיט לשון:

**— וואס דענקסטו פון אונזער צוקונפט, אנזשעליקא? — האט ער זי געפרעגט.**

זי האט אביסעל צוזאמענגעדריקט איהרע ברעמען און גע־ענטפערט:

— לאמיר וועגען דעם ניט רעדען; יעדענפאלס ניט היינט.

— פארוואס ניט? שפעטער אדער פריהער מוזען מיר דאך וועגען דעם רעדען — האט ער געזאגט — און איך דענק, אז עס איז שוין לאנג צייט געווען פאר מיר זיך צו ערקלעהרען, אום אז דו זאלסט מיך ניט אננעהמען פאר א פערדארבענעם לומפ.

זי האט אויף איהם א קוק געטהאן פערוואונדערט:

— איך האלט דיך פאר דעם בעסטען און עהרליכסטען מאן, מאקס — האט זי געזאגט ווייך נאך א קלייגער פויזע.

— און דו האסט צו מיר צוטרויען אויך?

— געוויס!

— ביזטו איבערצייגט, אז איך ליעב דיך?

— יא.

— דאן צענער ניט מעהר און שענק מיר דיין האנד — האט צום סוף געזאגט איהר געליעבטער.

— וואס פאלט דיר איין? — האט זי שנעל א געשריי געטהאן און אין איהר קול האט אן אבזאג געקלונגען.

— וואס וועט זיין דער סוף פון אונזער ליעבע? וואס עס איז בשום אופן ניט ערלויבט דער פרוי, איז נאך ערגער און נאך אונ־אנשטענדיגער פאר א מיידעל. דו אליין מוזט זיך פיהלען ער־ניעדעריגט, ווען דו ווערסט ניט מיין פרוי אזוי שנעל ווי מעגליך.

— וואס פאר א שמאלער אונענטוויקעלטער בליק! — האט אנזשעליקא געענטפערט מיט כעס — אבער אזוי ווי דו פערלאנגסט עס דורכאויס, וועל איך דיר מיין מיינונג וועגען דעם אויסשרייבען אין א בריעף.

— ניין, ניין. איצט. גלייך זאלסטו עס מיר זאגען.

דאס שענע מיידעל האט ארונטערגעלאזען די אויגען און א ווייל'ע געשוויגען, אבער פלוצים האט זי אויפגעהויבען דעם קאפ, א קוק געטהאן אויף איהר געליעבטען, און א בייזער, אבלאכענדיגער שמייכעל איז געלעגען אין די ווינקלען פון איהר מויל.

— אלזא, מאקס איך ליעב דיך, איך ליעב דיך ווירקליך, שטארק — האט זי געזאגט — אבער דיין פרוי קען איך קיין מאל ניט זיין. ווען דו וואלסט באטש געווען אן אפיציער, וואלט איך אפשר מיט דיר געהייראט: יא, זיכער וואלט איך דאן מיט דיר געהייראט, אבער אזוי, אין דיין שטעלונג, איז עס אונמעגליך.

— איז דאס דיין לעצטערווארט? — האט דער קאדעט גע־פרעגט שטארק אויפגערעגט.

זי האט בלויז א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און ארויפגע־לייגט איהרע פולע, ווייסע ארעמס אויף זיין האלז מיט דער פולער זיכערקייט, אז ער איז איהר שקלאף, אז זי קען איהם קויפען מיט איהר ליעבע; אבער דאס מאל האט זי א טעות געהאט. ער איז אויפגעשפרונגען, געכאפט זיין שווערד און איז ארויסגעלאפען פון צימער. זי האט איהם געלאזט געהן, זייענדיג זיכער, אז ער וועט צוריק קומען. אבער ער איז ניט געקומען און, ווען זי האט צו איהם געשריעבען, האט ער אויף איהרע בריעף ניט געענטפערט. צום סוף האט זי איהם אויפגעגעבען.

דאס איז געווען א שלעכטע, זעהר א שלעכטע ערפאהרונג פאר דעם אפענהערציגען, עהרליכען יונגען מאן. דאס אריסטאקראטישע, צולאזענע מיידעל האט מיט איהרע קליינע פיסלאך צוטראטען זיינע שענסטע אידעאלען און חלומות, ווארים ער האט אין גיכען איינ־געזעהן גאנץ קלאהר, אז זי האט איהם ניט געליעבט, אז זי האט איהם נור אויסגענוצט פאר איהרע פערגעניגענס און ליידענשאפ־טען בעת ער האט זי געליעבט טריי און אויפריכטיג!

* * *

עס איז אוועק ארום א יאהר נאך דער דאזיגער קאטאסטראפע מיט דער שענער אנזשעליקא, ווען מאקס איז אמאל געקומען צו זיין קאפיטאן אויף'ן קווארטיר. צופעליג האט ער בעמערקט א גרויסען בילד פון א דאמע אויף דעם שרייבטיש. ער איז צוגעגאנ־גען א קוק טהאן און האט דערקענט.... אנזשעליקא'ן.

— וואס פאר א שען מיידעל! — האט ער געזאגט וועלענדיג א טאפ טהאן וואס איהר בילד טהוט דא.

— דאס איז מיין כלה, מיט וועלכע איך געה חתונה האבען!
— האט געענטפערט דער קאפיטאן און געשמייכעלט. — זי איז ריין און גוט און שען ווי א מלאך און צו דעם אלעמען קומט זי ארויס פון א זעהר אריסטאקראטישער און רייכער פאמיליע. מיט איין ווארט, איך טהו „א גוטען שידוך" אין דעם פולסטען זין פון ווארט.

